מיט ליבשאַפט פאַר מיינע
קינדער און אייניקלעך

געפֿאָרן בין איך אין אַמאָליקן ייִדישן געגנט, וווּהין די רעגירונג פֿון
דער זוניקער וועלטשטאָט ריאָ־דע־זשאַנעיראָ האָט פֿאַרטריבן דעם פֿרויען־
האַנדל און געזוכט האָב איך דאָרט מײַנע אַן אַלטע באַקאַנטע.

דער אַלטער הינקעדיקער אויטאָמאָביל האָט געמאַכט פֿאַמעלעכע אומ־
קרײַזן צווישן שמאָלע צעשניטענע געסלעך, געסלעך באַגאָסענע מיט זון
און מיט טומל פֿון מאָדנע מענער אויף די ראָגן, מענער, וועלכע האָבן
פֿונוויטנס קאָרטעזשירט די מיידלעך, געטריבן שפּאַס און צוגעוואָרפֿן צו
איינער דאָ אַ צוקערקע און דאָ אַ פֿאַרנעפּלט־תּאוותדיקן בליק.

און אויף די ברייטע הילצערנע גאַניקעס, אין צעפּראַלטע טירן, הינ־
טער די אײַזערנע שטאַכעטן פֿון אָפֿענע פֿענצטער, אין לאַנגע קברדיקע
קאָרידאָרן, אַרום די דרויסנדיקע אָפּגעשיילטע ווענט פֿון די יענע האַמעטנע
אַלטע הײַזער, שטיבער מיט ווינקלען און נעסטן, אין די סודותדיקע
ליקלעך מיט צעאַקערטע נאַסע ווענט, ווי קרעציקע לײַבער פֿון גוסדיקע
מצורעים, וועלכע ווערן צעפֿרעסן פֿון אומריינקייט. אומעטום — פֿרויען.
געווען זענען דאָרט הויכע פֿעטלײַביקע ווײַבער מיט שווערע בלאָנד־גע־
פֿאַרבטע לאָקן ביז איבער די אַנטבלויזטע פֿעטע האַלדז־און־נאַקנס און מיט
רויטע און געלע באַפֿרענדזלטע שאַרפֿעס אַרום די הויכע, פֿאַראַדנע־אַרויס־
געשטעלטע בוזימס און מיט פּולקאָלירטע פֿאַנטאַזיע־רײַפֿעלעך אויף די
לאַנגע שטאַרקע הענט. אויסגעזען האָבן יענע ווײַבער ווי אײַנגעגעבטע
צירק־מוידן, און געווען זענען שלאַנקע שאַטינקעס מיט געפֿאַרבטע בעק־
לעך און מיט באַנטיקלעך אין די פֿריש־געקאַרבטע לענגלעכע האָר. די
מיידלעך זענען געווען אָנגעטאָן אין רײַנע ביליקע קליידלעך און פֿאַרטו־
כער פֿון שטילע קאָלירן, זיי האָבן אויסגעזען ווי באַשיידענע פֿאַבריק־
אַרבעטערנס, וועלכע האָבן געכאַפּט אַ שמועס צווישן זיך, וואַרטנדיק, אַז
דער פֿאַבריק־טויער זאָל זיך עפֿענען.

און פֿלאַקסיק־האָריקע בלוי־אויגיקע דײַטשקעס, פּאָליאַטשקעס מיט

פאַרריסענע קורצע נעזלעך; מיידלעך אין ברייטע קורצע קאָליריקע קלייד־לעך מיט אויסגעניייטע קאַפּטעס און מיט ברייטע גאַרטלען אַרום די שמאָלע טאַליעס. און יונגע בראַזיליענערקעס מיט שוואַרץ־בלויע גראָבע ליפּן און ברייט־שרונטיקע קויל־שוואַרצע געבערגלטע קרייזלעך האָר און מיט אָנ־געדרוקטער דורותדיקער שרעק אין די גרויסע זוכנדיקע אויגן.

און די טראָפּישע זון און דער רויטער אָנגעגליטער הימל האָבן באַ־לויכטן, געוואָרעמט, געוואָרפן גאָלדענע פּאַסן און געשימערט איבער זיי, און ווי אַ געטרייע מאַמע געקראָכן מיט איר וואַרעמקייט אין אַלע שפּאַלטן, אין אַלע גרויע ווינקעלעך פון יענע האַמעטנע הייזער און ליקלעך און אין די קברדיקע קאָרידאָרן.

מיינע אויגן, מיינע חושים, אינאיינעם מיט ברענענדיקן נייגער און שטילן צער, זענען נאָכגעקראָכן די זון־טאַשמעס און געזוכט און געניש־טערט צווישן די מיידלעך אין די אַלע ווינקעלעך, ווהין דאָס אויג האָט נאָר געקענט דערגרייכן, און געפרייט האָט עס מיך, וואָס איך האָב דאָרט די באַקאַנטע מיינע נישט געפונען.

**
*

איך האָב זי געדענקט פון צוריק מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר. דאַן איז זי געווען אַ קליין רירעוודיק ווייבעלע פון אַ יאָר אַכצן אָדער צוואַנציק, אַ ווייבעלע ווי אַ שטיק קוועלזילבער. זי האָט געהאַט אַ קליין קיילעכדיק קינ־דיש פּנימל מיט אַן אומניחהדיקן שמייכל אַרום די הויכע גרעבלעכע זאַפטיקע ליפּן און אַ שוואַרצן האָריקן פלעק אויף דעם רעכטן שלייף. דער פלעק האָט איר צוגעגעבן אַ מאָדנעם חן, און ווען זי פלעגט אין די קאַלטע ווינ־טערדיקע טעג אַראָפּקומען אין הינטער־געסל האָבן מיידלעך און ווייבלעך איר נאָכגעקוקט מיט קנאהדיקע בליקן:

— טויזנט חנען און טויזנט רוחות ליגן אין דער דינהלע!

און אַז זי פלעגט בלייבן שטיין אויף אַ ראָג, אַזאַ אויסגעפּוצטע אין אַ שוואַרצער בעקעשע, אַזאַ געפּאַסטן מלבוש פון טייערסטן שטאָף, אַ מלבוש מיט אַן אויפגעשטעלט קעלנערל פון גרויען קאַראַקול און מיט צוויי רייען גלעלע, מעשענע קנעפּ, האָט עס געשלאָגן פון איר מיט רייכקייט און מיט זאָרגלאָזיקייט, און מיט עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכער פאַרלוירנקייט, ווי זי וואָלט זיך איינע אַליין געפונען אויף דעם נאָרד־פּאָל. עס האָט אויך אויסגעזען, ווי זי וואָלט געוואַרט צו הערן, צו זען ווי מענטשן באַוווּנדערן זי.

אַזוי פלעגט זי שטיין און קוקן צו די ברייטע פאַרשנייטע שליאַכן, צו די וועגן, וועלכע האָבן געפירט אין פאַרשידענע שטעטלעך. דאָס געסל איז געווען ווייס און קאַלט ווי אַ גרויסע ליידיקע ווייסקייט, און גלאַנציקע שנייעלעך, ווי פליטערלעך פון זילבער, האָבן זיך געדיכט און פליסיק געשאָטן פון פּראָסטיקן חלל, געשאָטן פּאַמעלעך, אָן אויפהער און איינגע־דעקט די שטיבלעך און זיי באַפּוצט מיט ווייסן מאָכיקן פוך. די שנייעלעך האָבן זיך אויך אַראָפּגעזעצט אויף דינעלעס אַקסלען און אויף דער גרויער קוטשמע, וואָס איז ווי אַ קליין קוימענדל געווען אַרויפגעשטעלט אויף איר קליין חנווודיק קעפּל מיט די צוויי שווערע שוואַרצע צעפּ, אויסגעלייגט אויף הינטן. די שנייעלעך האָבן אויך באַפּוצט אירע ברייטע אַרויפגעַ־בויגענע ווי‍ִעס.

אירע אויגן האָבן אַרויסגעפינקלט פון די טיפע אויגן־לעכער, גע־כישופט און געצויגן צו זיך און געלאָקט מיט זייער אומפאַרשטענדלעכער אויסדרוק־פולקייט און מיט אַ האַרץ־ברעכערישער בענקשאַפט. זי איז גע־ווען אומרו‍ִיק, אויסגעטאָן אַ הענטשקע און געקלאַפּט מיט איר איבער דער דלאָניע. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך וועלן אויפהייבן און ווי אַ פויגל זיך אַוועקגעטראָגן פון דאַנען.

— מאַדאַם, מאַדאַם! — האָט אַ בעקערן מיט גרויסע ברוינע אויגן אַרויסגערוקט די געפרוירענע נאָז פון אונטערן גראָבן שאַל, אין וועלכן זי איז געווען איינגעהילט און גערופן צו דינעלען: — קומט, סע איז דאָ אַ פריש קאָרן־ברויטעלע! — אין איר שטים איז געווען ליבשאַפט און מאַמישע טרייהייט.

— אַ יונג אָדערקעלע! — האָט מאַלצע די זיצערן אַרויסגעצויגן פון אונטער אַ באַשנייטן זאַק אַ געפרוירן אָפּגעשונדן קאַטשקעלע און ליבלעך געשמייכלט מיט דער וואַרעמקייט פון אירע שטילע בוימלדיקע אויגן. — און אַ פערטל אָקע פּוטער איז אויך דאָ, דינעלע! — האָט זי אַ קוק געטון צו איר חברטע, דער בעקערן. ביידע ווייבער האָבן אויף שטום־לשון זיך דורכגערעדט און פאַרשטאַנען. דינעלע האָט עס באַמערקט. זענען אירע אויגן געוואָרן גרעסער, ברייטער, און סע האָט פון זיי אַרויסגעקוועלט אַ געוואַלדיקע פרייד מיט ליבשאַפט. דאָס קליינע באַקלייענטע קאַרטאָפּליע־נעזל האָט אויסגעדריקט שמייכל און קינדישע נאַכגעביקייט, ווי זי וואָלט באמת באַקומען פון עמיצן אַ נישט־פאַרדינטע מתנה און זי האָט מיט וואַקלדיקע טריט זיך געלאָזט דאָ צו איינער, דאָ צו אַ צווייטער.

ביי די ווייבער פון מאַרק־געסל איז דינעלע געווען אַ געהויבענער־

גאַסט, סיי צוליב איר פריינטלעכער באַנעמונג און סיי צוליב די גוטע פרייזן, וואָס זי פלעגט צאָלן פאַרן איינגעקויפטן. חוץ דעם פלעגן די קינדער פון די מאַרק־ווייבער אָפטראָגן צו דינעלען די פולע קוישן און צוריק־קומען פלעגן זיי באַלאָדענע מיט פרייד און מיט מתנות.

אין יענעם טאָג האָט דינעלע מיטגענומען מיט זיך צוויי פולע קוישן פון אַלעם גוטן איניינעם מיטן קליינוואַרג און איז אַוועק מיט זיי אין הינטערגעסל. האָט די בעקערן אַריבערגעשריגן צו איר חברטע מאַלצע מיט די פרומע בוימלדיקע אויגן:

— נו, וואָס זאָגסטו צו דער קונהטע, האָ?

— וואָס איז דען שייך צו זאָגן, האָ? — האָט מאַלצע געענטפערט און געשטרעקט די בלויע, געפרוירענע הענט איבערן אייזערנעם פייער־טאָפּ.

עס איז געוואָרן נאַכט. דער דרויסן איז געשטאַנען אַ בלויער און ווי איינגעקאַוועט אין איינגעוויד פון אייביקן פראָסט. פון די קוימענס האָבן זיך געשלענגלט גרויע רויכלעך, זיך געשפּרייט איבער די גלאַט־באַשנייטע דעכלעך פון די שטיבלעך, און אַ גרויסע רויטע לבנה איז געזעסן טיף אין טויב־שטומען האַרץ פון קאַלט־בלויען הימל און מיט איר גליווערדיקער גאווה אַראָפּגעוואָרפן איבער די געסלעך מעסערדיקע ליכט־שפּריצן און אַן אימה, וועלכע איז געקראָכן אין די הערצער פון אָרעמעלייט. דינעלע מיטן קליינוואַרג זענען געקומען צוריק. נאָר פון אירע ברייט־געוואָרענע אויגן האָט עס אַרויסגעשיינט מיט ליכטיקע פונקען, וואַרעמע און פולע מיט יום־טוב. זי האָט אויף אַ טיף־געשפּאַנטן שליטן צוגעפירט דאָס קליינוואַרג צוריק אַהיים, איז אויסגעשטיגן, זיי געקושט און האָט גיך און אויף די שפּיץ פינגער, ווי זי וואָלט מורא געהאַט פאַר עמיצן, צוריק זיך אַריינ־געוואָרפן אין שליטן און דאָס קלימפּערן פון די גלעקלעךביים פערד אויפן האַלדז האָט זיך צעטראָגן העט־ווייט און איז דערטרונקען געוואָרן אין דער קרירהדיקער ווייסקייט.

קליינוואַרג איז ווי אַ מחנה געזעטיקטע טויבן געשטאַנען אַ ווײַלע און איר נאָכגעקוקט, און ווען דאָס קלימפּערן איז געוואָרן שטילער און ווײַטער, איז מען אַריין אין שטיבל און מיט צעפלאַמטע אויגן און מיט קינדערשער פרייד אַרומגערינגלט די מאַמען און איר דערציילט וועגן זייער גרויס גליק.

— טו אַ קוק! — האָט אַן אַכט־יאָריקע מויד געוויזן אויף די נייע וואָלענע פוטשן מיט נייע קאַלאָשן אויף די פיס, — דאָס האָט מיר דינעלע געקויפט!

— און מיר!... — האָט אַ צווייטע צען־יאָריקע מויד אָפּגערוקט די ערשטע אין אַ זייט און גדלותדיק און מיט ליבשאַפט געגלעט און באַטאַפּט און באַקוקט דאָס נייע קליידעלע פון רויטער געקעסטלטער באַיקע מיטן ציצענעם פּאַרטיכל: — אַך, ווי שיין!

— מאַמע, דינעלע האָט אַ ביטל מיט הייס וואַסער און זייף וואָס שמעקט!... טו אַ שמעק! — האָט זי אונטערגעטראָגן דאָס פריש־געפּלאָכ־טענע צעפּל מיט דער רויטער סטענגע, — און נאָך דער באָד האָט אונדז דינעלע געגעבן צו עסן קאָרן־ברויט מיט פּוטער און מיט רינקע.

— און הייסע קאַקאָ מיט מילך! — האָט די קלענערע געשריִען און נישט געלאָזט דער עלטערער זי זאָל רעדן, — זי האָט געגעבן „שאָקאָ־לאַד" און אַליוואַ און טייטלען און פייגן!... נאַ, זע! — האָט זי אַרויסגעצויגן פון דער הינטערשטער טיפער קעשענע אין קליידל אַ פּעקעלע נאַשוואַרג און עס דערלאַנגט דער מאַמען, — דאָס האָב איך באַהאַלטן פאַר דיינעט־וועגן!...

און די מאַמע און דער טאַטע מיטן פאַרמעליקטן בערדל און אַלע איבעריקע קינדער פון שטוב און שכנישע ווייבער מיט זייערע קינדער, וואָס זענען געקומען זען, וואָס אַזוינס קליינוואַרג וועט ברענגען פון די־נעלען, האָבן זיך צערודערט און אַ רעד־געטון צווישן זיך:

— דאָס ווייבל איז נישט אַבי־ווער! ווי סע זעט אויס, גלוסט זיך איר נישט אָוועקצופאָרן פונדאַנעט!... אַ מענטש זאָל אַזוי קלעפּן צו קליינ־וואַרג; זי וועט בלייבן אַ „בעזדיעטניצע"...

— מן־הסתם ליגט דאָ עפּעס פאַרשטעקט!... נישט אין דער ליב־שאַפט צו קינדער גייט עס דאָ...

— ווייסעך! — האָט דער בעקער גערעדט מיט אַ זייט פון באָמע־ליקטן בערדל, — מ'דאַרף נישט אַרומגיין ווי אין דער פינצטער! אַ מענטש שטרעקט דיר אויס אַ האַנט, אַ מענטש האָט דיך ליב — טאָ וועק נישט אין אים דעם הונט!... ווייל אין יעדן פון אונדז ליגט באַגראָבן אַ ביסל שלעכטס, און אין איר האָט דאָס גוטע גענומען די אויבערהאַנט... איז עס אַ מדרגה, ווי איך בין אַ ייִד!...

— מיר וועלן זי פאַרבעטן צום שבתדיקן קוגל... — האָט די בעקערן צוגעגעבן. זי וועט נישט אָפּזאָגן... זי האָט ליב דעם פּראָסטן נאַראָד...

— עס איז טאַקע אַ געדאַנק! זי מוז אוודאי זיין אַ פריילעכע! און עס וועט ווערן היימלעכער! מיר ליגן דאָ ווי די מייז אין די לעכער; דער טרויער וועט אונדז דערפלעטשן צום טויט.

— דינעלעס מאַן שפּילט אויף אַזאַ גרויסער גיטאַרע! — האָט די נײַ־באַקליידעטע מויד צענומען אירע הענט און אָנגעבלאָזן די באַקן. — ער האָט מיר געשענקט אַ ביכעלע מיט אַ קאַראַנדאַש.

— ווי סע זעט אויס, האָט דאָס ווײַבעלע ליב דעם פּראָסטן נאַראָד! זי שטאַמט טאַקע פון אַ רײַך הויז, דער רובל שפּילט בײַ איר אַ קליינע ראָליע, —האָט די בעקערן געזאָגט— אָבער וואָס פאַר אַ גדולה וועט זי דער־לעבן בײַ די גבירים, אַ? יענע האָבן נישט קיין צײַט פאַר קיינעמס וועגן... נישט אַזוי?

— זי האָט אַ גאָלדן האַרץ! — האָט מאַלצע די זיצערן געווישט די פריידיקע טרערן פון אירע בוימלדיקע אויגן, — זי וואַרפט נישט דעם הונט אַ ביין, ווי סע טוען אונדזערע היימישע נגידים!... זי ווייסט, אַז בײַ אונדז וועט זי פאַרנעמען דעם סאַמע אויבנאָן. נו, איז עס אַ חידוש וואָס עס ציט זי אַהער. אַ?...

— דינעלע, זאָגט מען, שטאַמט פון די בראָדסקיס! — האָט אַ ייִדענע אַרײַנגערעדט אין אויפגעשטעלטן קאָלנער פון צעפּליקטן פּעלץ, — פון די ראָטשילדס, און פאַר אַ נאַש־בראָט איז עס אַ גרויסע ערע וואָס זי האָט ליב אונדזערע קינדער... — וואָס איז דאָ פאַראַן צו ברײַען און צו חקירהן? וואָסי, מען האָט עפּעס אַרײַנגעלייגט אין די געשעפטן מיט איר?...

— מען שמועסט אָבער, אַז די געלט̇ער אירע זענען נישט פון די כשר־פאַרדינטע! — האָט עמיצער פון די שטוביקע געוואָרפן אַ וואָרט און באַלד באַקומען אַן ענטפער פון דער אויפגערעגטער בעקערן:

— ווען סע געשווען נישט דינעלעס פּאַדאַרקעס, דער האָט אַ ברירה זי נישט צו נעמען פאַר קיין מחותנתטע... און אויך נישט צו גיין אין אירע ד׳ אמות און נישט זײַן איר פּאַני־בראַט!...

איר גמרא־ניגון און דאָס פירן מיט די הענט פון איינעם צום צווייטן, האָט אַרויסגערופן געלעכטער בײַם עולם. אָבער, אירע ווערטער האָבן גע־ווירקט צום גוטן, און מאַלצע די זיצערן אינעם לאַנגן, גרויען צעפּליקטן פּידזשאַק מיטן קעלנערל פון „קאַראַקול” האָט געזיפצט און צוגעהוידעט מיט איר סוטולעוואַטער פּלייצע, די באַלאָדענע מיט אייביקע זאָרגן און מיטן אייביקן יאָך; — אָסור צי די בייזע צינגער זענען ראוי צו ברענגען אויף די ליפּן איר כשרן נאָמען! איז עס דען אַ זינד, ווען עמיצער איז נישט אײַנגעטונקען אין דלות אַזוי ווי מיר? — האָבן אירע ווײַכע אויגן געבלאָנדזשעט פון איינעם צום אַנדערן. — ווען גאָט שיקט דעם אָרעמאַן אַ

ביסל פרייד, — פאַרטרייבט מען זי ווי מען טרייבט אַ בייז אָנשיקעניש... איז ווער איז דער שולדיקער אין אונדזער עלנט, ווער?...

— ווייסעך, נאָך וואָס דאָס חקירהנען ? ! — האָט מען איר איבערגע־שלאָגן די רייד. — מיר וועלן זי צולאָנטשען צו זיך. דאָס ווייבל מוז אוודאי זיין אַן עלנטע און צווישן קבצנים וועט זי זיך אָנוואַרעמען און מיר וועלן איינס דאָס אַנדערע דערהאַלטן ביים לעבן...

— וואָסי, זי מוז דווקא געהערן צו די פּאָטאָצקיס, כדי אויסצונעמען ביי אונדז? — האָט דער בעקער צעפירט מיט די הענט — דינע וועט זיין אונדזער אייגן קינד, אַזוי וויל איך. זי וועט קומען, ווען נאָר עס וועט זיך איר גלוסטן!...

אַזוי איז עס טאַקע געווען.

***

דינעלע איז געוואָרן אַן אָפּטע איינגייערן צו מאַלצע דער זיצערן און צו איר אַלטער חברטע, דער בעקערן. ביידע ווייבער האָבן געהאַט אַ סך קינדער און דינעלע איז געווען פאַרטון אין פלעכטן סטענגעס אין זייערע צעפּלעך, אין נייען גראָבע באלאטשן און ציצענע פאַרטעכלעך מיט לייב־צודעקלעך. זי איז געוואָרן גאָר היימיש מיט די מיידלעך פון געסל, און ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן קוקן אויף איר ווי אויף אַן אייגענעם מענטשן און מען האָט אויפגעהערט רעדן וועגן איר מיט איר מאַן. זי פלעגט אויך ברענגען נייע מאָדעס און ווייזן די מיידלעך ווי אַזוי מען דאַרף זיך קליידן. זי האָט אויסגעזען צופרידן און אַריינגעטון אין אַרבעט און פרייד.

נאָר איין מאָל איז דינעלע אַרויס פון איר „אייגענער באַהעלטעניש" און ווידער געגעבן דעם עולם די געלעגנהייט צו רעדן וועגן איר און זיך צו גריבלען אין איר פאַרגאַנגענהייט.

געווען איז עס אין אַ ווינטערדיקן אויפדערנאַכט. דאָס געסל האָט געגליווערט אונטער אַ ווייסער תכריכימדיקער פאַרשטיינערונג און דער טיפער הימל, ווי אַ באַגילדעטער מאַרמאָר מיט גרויסע דימענטן, האָט זיך געשפּרייט איבער די באַשנייטע באַרג־שפּיצן אַרום שטעטל. דער פראָסט האָט זיך געבראָכן איבער די אין שניי־אָנגעטועגע ביימער און געווייעט מיט אימה, מיט עלנט אויף די אין שניי־געזונקענע שטיבלעך.

דינעלע איז, ווי תמיד אין אַזעלכע אימהדיקע אויפדערנאַכטן געווען

פּאַרטון אין באָדן דער בעקערנס קליינוואַרג. אין שטיבל איז געשטאַנען אַ פּאַרע פון הייס וואַסער, עס האָט געשמעקט מיט זייף. אַ ליכטיקייט האָט זיך געבראָכן אַרום דינעס קליין זאַפטיק מיילעכל. זי האָט מיט אירע קורצע הענטלעך געוואַשן און געזייפט איין קעפּל נאָכן צווייטן, געלאָפן פון פעסל וואַסער צום קבצנישן סאָפּקעלע און דאָרטן אויסגעזעצט די אויסגעבאָדענע קינדער.

אַבראַשאַ, איר מאַן, איז געזעסן אין אַ ווינקל ביים קליינעם טישל און אַריינגעקוקט אין אַ גראָבן רוסישן בוך ביי אים אויף די קני. ער איז געווען פאַרטיפט אין לייענען און סע האָט אויסגעזען, אַז די געלעכטערס פונעם קליינוואַרג זענען נישט דערגאַנגען צו זיינע אויערן.

דינעלע האָט אַ קוק־געטון צו אים. אויף איר פּנימל האָבן אַרויס־געשלאָגן קליינע טראָפּנדלעך שוויים, אירע שוואַרצע שוואַרצע צעפּ זענען געווען צעוואָרפן אויף די שמאָלע כמעט קינדערשע פּלייצעס, אויף וועלכע זי האָט אַלעמאָל צוגעטראָגן אַן אויסגעבאָדן מיידעלע און עס ווי אַ קלומיקל אַ וואָרף־געטון אויף דעם שמאָלן סאָפּקעלע ביי דער הייסער הרובע און געלאַכט און זיך געפרייט איניינעם מיטן קליינוואַרג.

פּאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט האָט זי זיך, אַן אויסגעשעפּטע, אַוועקגעזעצט צווישן זיי. די קינדער האָבן אָנגעלייגט די קעפּלעך אויף אירע אַקסלען און מיט רויקער פרייד, מיט צוטרוי געוואַרט, זי זאָל דער־ציילן איינע פון די שיינע מעשהלעך, וועלכע זי האָט שוין צום הונדערטסטן מאָל געהאַט איבערדערציילט, און תמיד מיט דער זעלבער ליידנשאַפט און מיט דעם זעלבן געפיל פון אַנטציקונג.

נאָר אין יענעם אויפדערנאַכט האָט דינעלע נישט געקענט אַנטקעגנ־קומען דעם שטומען געבעט פונעם קליינוואַרג. עפּעס אין איר איז געווען ווי באַליידיקט. זי האָט זיך געווענדט צו איר מאַן:

— אַבראַשענקאַ, דערצייל דו עפּעס!... דערצייל, דו קענסט דאָך אַ סך סטיכן אויף אויסנווייניק. די קינדערלעך וואַרטן צו הערן עפּעס פון זייער „דיאַדיושקאַ”.

ער איז ווידער געבליבן פאַרטיפט אין לייענען, דורכגעזיפט וואָרט ביי וואָרט, ווי ער וואָלט געגעבן עקזאַמען. זיין בלייך לענגלעך פּנים און די מילד־ווייסע גרויסע אויגן מיט בלויע רעמלעך, ווי אויגן פון אַ טויב, אַלץ אין אים איז געווען ערנסט און ווי אַריינגעטון אין אַ ווייטער הויכער וועלט.

דינעס פּנים איז געוואָרן כמאַרנע, אירע קליינע בלייכע פינגערלעך

האָבן אָנגעהייבן אומשווימען צווישן די צעפּלעך פון קליינוואַרג, אירע ליפּן האָבן זיך צונויפגעצויגן און אַ שטילער ניגון האָט אָנגעהייבן ריזלען פון זיי, געריזלט און געשלאָגן פון אַלע אירע טיפענישן און באַלד אָנגעהויבן צו זייען זילב נאָך זילב לערמאָנטאָווס „וויכאָזשו אָדין יא נא דאָראָגו".

פון אָנהייב איז דער ניגון געווען ווייך און זיס. ער איז געפלאָסן רויק ווי אַ זינגעוודיק לויטער קוועלעכל. ביסלעכווייז איז ער אָבער געוואָרן מער קערנדיק, ער האָט אָנגעהייבן אומלויפן איבערן שטיבל און איז ווי שטאַרקער וויין אַריינגעקראָכן אין די הערצער און אין בלוט פון דעם קליינוואַרג אַרום איר. זיי האָבן אײפגעהויבן די פאַרחידושטע פּנימער און געקוקט אומעטיק און געשמייכלט.

די בעקערן מיט איר חברטע מאַלצע און נאָך עטלעכע ווייבער מיט מוידן פון געסל, וואָס האָבן זיך געפונען אין קיך ביים וואַרעמען אויוון, זענען אַריינגעקומען אין שטיבל, זיך אויסגעשטעלט אין די ווינקלען און מיט שטוינען אין די אויפגעריסענע בליקן און מיט באַוווּנדערונג געקוקט אויף דינעלען און געשלונגען און זיך געקוויקט מיט דער זיסקייט פון איר שטים.

און דער ניגון און די בענקשאַפט אין אים האָבן זיך צעוויקלט און צעוויגט ווי לויטערע ים־כוואַליעס אין אַ בלויען פרילינגדיקן פאַרנאַכט און דורכגעבראָכן די ווייסע פּראָסטיקעביימער אויף די שויבן פון אייזיקן אין שניי־געזונקענעם פענצטער און זיך אויפגעהויבן, געוויגט און געציטערט צווישן די ווייס־בלויע שנייעלעך, ווי פליטערלעך זילבער, וואָס האָבן זיך פון די דעכער געטראָגן.

די אָנגעצויגנקייט אויף די פּנימער פון די שטוביקע איז געוואָרן וואָס אַמאָל אומגעצוימטער און טרערן זענען גערונען פון די אויגן. עס האָט מיט אַמאָל אַ הילך־געטון אַ פּאַטשערײַ מיט אויסגעשרייען:

— בראַוואָ, בראַוואָ, דינעלע!

ערשט דאַן האָט זיך דער מאַן אירער אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף. ער האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים און מיט אַ מינע פון געריירטקייט געקוקט דאָ אויף די שטוביקע און דאָ אויף זיין ווייבל. זי איז ווידער געבליבן פאַרטיפט און פאַרטראָגן אין איר געזאַנג און ער האָט פאַרמאַכט דאָס בוך עס אַרונטערגערוקט אונטערן אָרעם און צוגעגאַנגען צום סאָפּקעלע, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר אַקסל און מיט אַן אומבאַהאָלפענער מינע געזאָגט אין רוסיש:

— דינאָ, דינאָטשקאָ, מען דאַרף נישט זינגען אַזוי פיל! מען טאָר נישט!

— ששש! — האָט מאַלצע געווישט די טרערן פון אירע ווייכע אויגן, — שלאָגט איר נישט איבער, גאָספּאָדין אַבראַשאַ, זאָל זי זיך אויסזינגען...

געזאַנג פאַרטרייבט דעם טרויער און פאַרלעשט דאָס צעבראָכענע האַרץ.

— האָט זי צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל. — אָ, וואַ!...

אַ נאָכגיביקער שמייכל האָט זיך אויסגעלייגט אַרום זיין ברייטן מויל און אַרום דער יידיש־לענגלעכער נאָז מיט דעם בערגעלע אויף דעם סאַמע מיטן.

אַלעמענס אויגן זענען געהאנגען אויף אים און עפּעס ווי געמאָנט און געגעבן צו פאַרשטיין, און ווען איינס פון די קינדער, גערירט פון דינעלעס געזאַנג, האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, איז דינעלע געבליבן שטיל, אַריינגענומען דאָס פּנים אין די הענט און זיך אבלדיק געהוידעט הין און צוריק.

די שטוביקע זענען געווען צעפּלאָמט. די בעקערן האָט געזאָגט:

— זינגט נאָך עפּעס, דינעלע, עס איז מסוכן שיין.

ער האָט אַ קוק־געטון אויף זיין גאָלדענעם האַנט־זייגער, אַרויפגעוואָרפן אויף די אַקסלען זיין שווערן טייערן פוטער מיט אַ ברייטן אויסגעלייגטן קאָלנער און אָננעמענדיק דינעלען פאַר אַ האַנט, האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ ווייכן טאָן, ווי ער וואָלט געבעטן ביי עמיצן מען זאָל אים טון אַ גרויסע טובה:

— קום, דינא, עס איז שפּעט און דער נאַראָד איז מיד טון אַ טאָג אַרבעט, דער נאַראָד מוז אָפּרוען!... און די מאַדאַם וועט אונדז פאַרגעבן, — האָט ער אַ ליבלעכן קוק געטון צו דער בעקערן.

דינא איז, נישט אויפהייבנדיק צו אים די בליקן, שטיל און קינדיש אַראָפּ פון סאָפּקעלע, זיך באַהאַלטן אונטער דער ברייטער פּאָלע פון זיין פּעלץ און זיך צוגעטוליעט צו אים. ער האָט זיך געבויגן פאַרן שטוביקן עולם און פאַרלוירן געשמייכלט און אַזוי, אויף זיין אופן, זיך געזעגנט מיט זיי, און איינעם מיט זיין ווייבל צווישן די צונויפגעצויגענע פּאָלעס פון זיין פּעלץ פאַרלאָזט דאָס שטיבל.

***

אַ פּוסטקייט איז געבליבן הינטער זיי און עפּעס נישט־דערזאָגטס. דאָס גערירטקייט אויף די פּנימער פון די שטוביקע האָט נאָכגעלאָזט און

אַ געוואַלדיקער נייגיר האָט זיך געריסן פון זייערע נאָך פייכטע אויפגע־בליצטע אויגן.

מאַלצע די זיצערן האָט אָפּגעזיפצט און צוגעשאָקלט מיט איר גע־בויגענעם קאָפּ:

— דאָס מזל מיינע שונאים, וואָס פאַר אַ שדכן דער אייבערשטער איז! יענע ווערט צעריסן פון טרויער און ער ווייסט גאָרנישט, דער בלאָסטאָמאַט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער געפינט זיך!...

— יאָ, — האָט די בעקערן גערעדט דורך טרערן און אירע באַקן האָבן געפלאַמט פון דער אינערלעכער אויפרעגונג, — יאָ, איך האָב תמיד געזאָגט, אַז אין דעם ווייבלס האַרץ מוז אוודאי עפּעס טליִען... און ווען דאָס פייער וועט אויסברעכן — וועט זיין אַ שריפה... אָ, וואו! זאָל איך בע־סער בלייבן אַ ליגנערקע, זיסער טאַטע אין הימל!...

— איך האָב זי נאָך נישט געהערט זינגען מיט אַזוי פיל טיפקייט — האָט איינע פון די מיידלעך אַריינגערעדט אין צעפּל, וואָס זי האָט אומ־רויִק צעפלאָכטן און ווידער פאַרפלאָכטן.

— דינעלע איז אַ גילדן ווייבעלע, און ער האָט אין זינען די ביכער, נאָר די ביכער!... — האָט געזאָגט מאַלצע.

— פון ליגן צופיל איבער די ביכלעך ווערן נישט געבוירן קיין פּי־פּערנאָטערלעך, — האָט מאיר־זיסע דער לאַנגער, אַרויסגערעדט פון אַ ווינקל, — און אין דעם גייט עס טאַקע.

— שוייג, האַלט דאָס מויל, דו בהמה! — האָט מאַלצע אַ וואָרן־געטון מיטן פינגער. — און אַז דו האָסט מיך באַשאָטן מיט קינדער, נו, בין איך גליקלעך ביי דיר ווי דער ראבער קאָטער?!... אַבראַשע ווייסט וואָס ער טוט. ער איז אַ געלערנטער מאַן און ווען ער וועט קאָנטשען אויף דאָקטער וועט זי האָבן ביי אים אַ גילדענע דאָליע... הלוואי אויף אונדזער טאָכטער געזאָגט געוואָרן!...

— ער איז אָבער אַ ניעדאָראָבעני! — האָט מאיר־זיסע אַריינגע־רעדט אין זיין לאַנג־בלאָנד פלאָנטער־בערדל, אַראָפּגערוקט די קוטשמע ביז צו די אויגן, צונויפגענומען אַרום זיך די פּאָלעס פון לאַנגן, צעפליקטן פּידזשאַק און זייטיק אַ ברוגזער פאַרלאָזט דאָס שטיבל.

מאַלצע האָט צוגעגעבן: דאַרן, גאָס, זאָלן לייטישע מיילער!... מען זאָגט גאָר, אַז דינעלע האָט אים גענומען נישט אויס ליובאָוו, נאָר צוליב זיין גילדענעם גרוב. גרודעס מיט גאָלד האָט ער איר געגעבן. אָבער איך גלייב עס נישט! דינעלע איז, נעבעך, אַ קרבן פון נישט־פאַרגינערס...

— ווייסעך! — האָט דאָס מיידעלע אַריינגערעדט אין צעפּל און איז געוואָרן רויט פון בושה צוליב איר אָנטייל אין געשפּרעך. — ביי דינעלען שפּילט נישט קיין ראָליע זיין געלט! זי איז פּשוט טרויעריק, ווייל עס איז איר דאָ אומעטיק, ווייל זי בענקט אַהיים. דינעלען אַרט גאָרנישט וואָס עמיצער האָט אַוועקעט... זי האָט דאָך איבערגעלעבט אַ שרעקלעכן פּאָגראָם. זי האָט שוין פאַר גאָרנישט קיין מורא.

— טאַקע אַזוי! — האָט די בעקערן צוגעלייגט אַ פינגער צום שלייף און געמאָנט אין אַן ערנסטן טאָן, — ווי לייגט עס זיך אויפן שכל, אַז דינעלע מוז דווקא זיין ששון ושמחה? וואָס, פּעטליוראָס מערדער, אַ וויסט יאָר אויף זיי, האָבן זי דען געשאָנעוועט! נישט פאַר קיין שום ייִדיש קינד געדאַכט!... עס איז נישט קיין חיוב צו דערציילן, וואָס זי האָט נעבעך איבערגעלעבט.

— בייזע צינגער זאָגן, אַז דינעלע איז אַמאָל געווען מישקע יאַפּאָנטשיקס ליובאָוויצע, זי האָט אָפּגעלעקט ביי אים אַ פעטן ביין און דערפאַר קען זי איצט טשאָסטען מיט גרודעס גאָלד... — האָט איינע פון די שכנות שטיל און פאַרשעמט צוגעגעבן.

— און מיין האַרץ זאָגט מיר, — האָט די בעקערן צוגעלייגט צוויי פינגער צום האַרץ־גריבל — אַז דאָס ווייבל איז כשר און ערלעך און ריין ווי אַ טויב, און לייטישע מיילער זאָלן נישט האָבן קיין גוטן סוף!

— וואָס איז עס פאַר אַ חקירהנען! — האָט דער בעקער בייזלעך אַ זאָג־געטון — ווען מען קייט איבער יענעמס בייזוויליקייטן איז עס פּונקט ווי מען וואָלט זיי צוגעפּעטשאַטעוועט!... און מיר האָבן געזען פון איר נאָר גוטע מידות און די צייט וועט באַווייזן, ווער דינעלע איז...

און אַזוי איז עס טאַקע געווען.

**
*

דער ווינטער האָט ביסלעכווייז אויסגעטאָן די געסלעך פון דער אייזיק־תּכריכימדיקער ווייסקייט, און אַ מילדע זון האָט געשיינט און צעוואַרעמט דעם שניי מיט די בערג אייז, און די געלבלעכע וואַסערן, איינינעם מיט דער אומריינקייט וואָס האָט דעם גאַנצן ווינטער גערוט אונטער די בערג שניי, זענען אָפּגעשווומען, זיך ריטמיש געטראָגן צווישן אויסגעמוליעטע קאַנאַווקעס און אַריינגעפּלאָסן צו די אייביק־שטייענדיקע וואַסערן אונטער דער בריק ביים שטעטל.

דאַן האָבן זיך ביי די טראָטואַרן באַוויזן גרינע בערדלדיקע בערגלעך און ווייס־בלויע צוויט־קנאָספּן אויף דיביימער האָבן אויפגעשנירעוועט שמאָלע פּיסקעלעך און אַרויסגעלאָזט מחיהדיקע ריחות. די קנאָספּן האָבן פּאַריסן די קעפּלעך צום בלויען גאָלדענעם הימל איבערן שטעטל. ער איז געהאנגען און יחסניש געשמייכלט, ווי אַ חופּה פון אַ ווייס־בלויען סאַמעט מיט גאָלדענע פּעדים געהאַפטן.

אויך דינעלע האָט דאַן אויפגעהויבן איר קאָפּ, וואָס האָט זיך געחנט אויף איר הויך גלייך העלדזל. זי האָט אויסגעזען ווי איינס פון די יונגע צעבליטע צוויט־ביימלעך.

זי איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי מאַלצע דער זיצערן און ביי דער בעקערן, ווו זי האָט אַזוי פיל ווינטערדיקע אויפדערנאַכטן פאַרבראַכט און אָנגעפילט מיט פרייד די געזונקענע שטיבלעך און די הערצער פון די שטוביקע.

אין די זוניקע פרילינג־טעג איז דינעלע תמיד געווען צעשמייכלט, פון אירע האַלב־אָפענע רויטע קנאָספּן־ליפּן האָט אַראָפּגעשיינט שטילע פרייד. תמיד איז זי געווען אַן אויסגעפּוצטע אין הימל־בלויע לייכטע קליידלעך פון טייערן באַטיסט און זייד און אַ פאַרוויקלטע אין אַ שוואַרצן באַפּרענדזלטן שאַל מיט רויטע און גרינע קווייטן, און די צעפּ אויסגע־לייגט אויפן הינטערשטן טייל פון קאָפּ, האָט עס געווייעט פון איר מיט לוסט און יונגע וואַלד־ריחות.

קליינוואַרג פלעגט דערפילן ווען זי פלעגט זיך באַווייזן, פלעגן זיי זיך מחנותוויז אַרויסשיטן פון די הינטער־הייף, געקראָכן מיט די זשעדנע הענטלעך אין די טיפע קעשענעס פון איר קלייד און אין ווייסן געשטריקטן טאָרבעלע אויף איר אַקסל, און שלעפּן פון טאָרבעלע שטיקלעך שאָקאָלאַד מיט באָמבאָנעס און זילבערנע מטבעות. אירע אומעטיקע אויגן האָבן גע־שמייכלט, געוואָרן ברייטער, טיפער, ווי זיי וואָלטן געוואָלט איינשלינגען דאָס קליינוואַרג, זיי אויסבאַהאַלטן פון עפּעס שלעכטס. און זי פלעגט זיי ווי אַ סטאַדע שאָף, מיט גלעקער אויף די העלדזער, אַוועקפירן שפּאַצירן הינטערן שטעטל.

אַ סך מאָל, און אַמערסטן אין די טעג פון יאַרידים, האָט מען זי געזען אויף דעם מאַרק־פּלאַץ צווישן קלייטלעך און שטעלן מיט אַלערליי שניט־סחורות. זי האָט געקויפט רעשטלעך ציץ און פאַרטעכלעך און בייקע און שטיקער וואָל אויף קליידלעך מיט הייזלעך. זי פלעגט דערביי איינ־טענהן מיט די בערדיקע סוחרים און פאַרהאַוועטע באַטיכלטע סוחרטעס,

וועלכע האָבן זי געשלעפּט און גערופן יעדע איינע צו זיך, געלויבט די סחורה און זיך געשווירן, אַז עס קאָסט זיי אַליין אַ סך טייערער...

דינעלע האָט זיך נישט געדונגען נאָר געגעבן צו פאַרשטיין און גע־מאָנט און געפאָדערט פון זיי אינזינען צו האָבן דאָס קליינוואַרג פון דעם הינטערגעסל, און ווען זי איז געגאַנגען צוריק, געלאָזט מען זאָל איר נאָכטראָגן אַ גרויסן פּאַק פון איינגעקויפטן, האָבן ווייבער גערעדט צווישן זיך:

— אַ גאָלדענער קונה! ווי נעמט מען אַ סך אַזעלכע?...

— דינגט זיך נישט!... זי האָט אַ ברייטע האַנט און אַ סודותדיק האַרץ...

— תמיד, ווען זי מאַכט מיר דעם פּיטשאַטעק, האָב איך אַ גוטן יאַריד! זי האָט אַ געבענטשטע האַנט!

— ווייל זי קויפט אַלץ פון גאַנצן האַרצן!... אין דעם גייט עס!

— אַ מענטש זאָל עס אַזוי טשאַסטען מיט גרודעס גאָלד! און זי פרייט זיך נאָך ווי אַ פיש אין וואַסער! אין וועמען איז זי געראָטן? זי איז אַ פּאָלנע פּריצהטע... שטאַמט פון אַ רייך הויז...

און דינעלע האָט זיך טאַקע געפרייט. אַן ארומגערינגלטע פון קליינ־וואַרג פלעגט זי זיצן אין אַ גרויסן הינטערהויף צווישן הויכע געל־באַ־קעפּלטע גראָזן און שניידן און מעסטן און נייען. אירע האָר זענען געווען באַשטעקט מיט נאָדלען און מיט שפּילקעלעך און אירע קורצע גרעב־לעכע הענטלעך מיט די טיפע חן־גריבלעך אין די קיילעכדיקע עלנבויגנס האָבן געאַרבעט גיך און איילעדיק־געשיקט. דאָס הילצערנע קעסטל לעבן איר איז וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ פולער און פולער מיט מלבושים פאַר קליינוואַרג און מיט אויסגעשטריקטע ווינטערדיקע זאַכן, מיט וואָלענע הענטשקעס און באַלאַטשן.

— דער ווינטער איז דער גרעסטער שונא פון די אָרעמעלייט! — פלעגט זי כאַפּנדיק אַ גלעט־טון איבערן קעפּל פון אַ מויד, וועמען זי האָט אָנגעמאָסטן אַ וואָלן זעקל. — זע ווי גוט ס'ליגט אויף דיין לאַפּקע, ווי אויסגעוואקסן! שיין! און ווען איך וועל זיין ווייט פון אייך — האָבן אירע באַנגיקע בליקן אַ שוועב־געטון איבערן קליינוואַרג, — וועט זיין צרות! — האָט זי זיך אַליין געענטפערט און אירע הענטלעך זענען ווידער גע־וואָרן אַקטיוו אין דער אַרבעט.

און מאַלצע די זיצערן פלעגט דאַן איבערלאָזן די שטעל מיט פרוכטן און אַריבערקומען צו איר חברטע, די בעקערן, און קוקן מיט אירע ווייכע

בוימלדיקע אויגן און רעדן שטיל, מיט ליבשאַפט און מיט טיפער פאַר־שטענדעניש:

— אַ מאָדנע ווייבל, די דינעלע! איר וויזע קיין אַמעריקע איז שוין אויסגעגאַנגען דריי מאָל און זי רירט זיך נישט פון אָרט. וואָס וועט דער־פון אַרויסקומען, א?... און ער ליגט איבער די ביכלעך און לערנט ווייטער אויף דאָקטאָריע. סע גייט אים גאָר נישט אָן זיין ווייבלס געוועג, אוי־ווי, זי האָט נישט קיין שכל אָפצוהיטן דעם גראָשן... זי וועט אויסטשאַסטשען זיין פאַרמעגן, און וואָס וועלן זיי שפּעטער טון?... אַ ווייטיק איז מיר! — האָט זי יסורימדיק געבראָכן די פינגער פון די הענט.

— נישט אין דעם גייט עס, — האָט די בעקערן געגעבן צו פאַר־שטיין. — איך האָב מורא, אַז דינעלע וועט, חלילה, בלייבן אַן עקרה... און גאָך אַ זאַך — האָט זי זיך אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט מורא געהאַט פאַר עמעצן אַרויסצוברענגען אויף די ליפּן די געדאַנקען, וואָס האָבן זי גע־פּייניקט.

— וואָס האָסטו מוראַ?! — איז מאַלצע געוואָרן ערנסט. — זאָג, מוטשע מיך נישט!

— זי איז גליקלעך ווי דער ראַבער קאָטער!... — האָט די בעקערן סודותדיק אַריינגעמורמלט אין מאַלצעס פּנים. — וועסט זען, ווען ער וועט זי קומען זוכן. — אַ פּאָרל, ס'מזל אויף מיינע שונאים!... ער איז תמיד זויער ווי אַן אוגערקע...

אָבער ווען ער איז אין די בלויע קילע פאַרנאַכטן אַראָפּגעקומען אין געסל אַהיימרופן דינעלען, איז ער געווען רויק און זאָרגלאָז. די געלע, מעשענע קנעפּ פון זיין שוואַרצן רעקל מיטן הויכן פאַרשפּיליעטן קעלנערל, די ברילן מיט דינע גאָלדענע ראַמלעך, דער שמייכל אויף זיין דורכלויכ־טיק מאַטעוון פּנים און זיינע לאַנגע ווייסע שמאָלע הענט מיט גאָלדענע רינגען אויף די פינגער, — אַלץ אין אים האָט געשלאָגן מיט ריינקייט און געוועקט צו זיך צוטרוי און ליבשאַפט. ווייבער האָבן געקריגן אָפּשיי און אים אונטערגעטראָגן אַ בענקל: — זיצט, גאָספּאָדין אַבראַשאַ. ער איז אָבער געבליבן פון ווייטנס, פלעגט זיך נייגן פאַר די ווייבער און העפלעך און איידל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז זיין אַנוועזנהייט וועט זיי מיט עפּעס שטערן, איבערגעחזרט אין רוסיש:

— זדראַווסטוווטע, מאַדאַמי, אי איזוויניטע, גדיע מאָיאַ דינאָטשקאַ?

עס האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט דערפילט, אַז ער איז געקומען, האָט זי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס ווייסע מיט זייטיקע שניידערשע פאַרטעך,

דאָס באַקלעפּטע מיט שטיקלעך באַגוול און פּאַסטריגעס, עס באַהאַלטן אין קעסטל מיט די פּאַרטיקע מלבושים און מיט די שטיקער סחורה צום אויפ־נייען, און, מער מיט די אויגן ווי מיטן מויל, געהייסן דעם קליינוואַרג באַהאַלטן דאָס פולע קעסטל, וואָס זי האָט פאַרריגלט.

ווען זי איז צו אים אַרויסגעקומען האָט איר פּנים געשיינט און די גרויסע ברוינע אויגן און דער שוואַרצער פלעק ביים שלייף האָבן אויס־געדריקט טויזנט קינדישע חנען און צעבאַלעוועטקייט.

— אַבראַשאַ, אַבראַשענקאַ! — האָט זי אָנגענומען זיין מינדסטן פינ־גערל און אַרויפגעקוקט צו אים.

ער האָט אַרומגעוויקלט זיין האַנט אַרום איר שמאָל טאַליעכל און זי מיטגענומען מיט זיך אַהיים.

ווייבער און מיידן פון געסל האָבן זיי נאָכגעקוקט מיט באַוווּנדערונג, שטוינען און אומפאַרשטענדלעכקייט.

— זעט, ווי זי שיינט, קיין בייז אויג נישט! — האָט מאַלצע אָפּגע־זיפצט פרייער. — דער פרילינג האָט אויף איר געווירקט צום גוטן. אַ שיינעם דאַנק דעם אויבערשטן און זיין ליבן נאָמען!

— ווי זי האָט זיך אויסגעטשוכעט! — האָט די בעקערן געקוואָלן, — דער וואָס אייביק לעבט האָט זי צוגעשיקט צו אונדז. ווען סע וואָלט געווען אַנדערש, וואָלט זי דאָך שוין לאַנג געווען אַוועקגעפאָרן פון דאַנען, אַנט־לאָפן מיט אַלע בעזשעניקעס. ניט אַזוי, אַ?

— און מיר געפעלט פאָרט נישט די גאַנצע מעשה! — האָט דער בעקער גערעדט מיט אַ זייט פון זיין פאַרמעליקטן פלאָנטער־בערדל. — דאָס ווייבל האָט אַ גילדן האַרץ, זי סטראַטיעט אַ פאַרמעגן, ווייל דאָס פּאַניטשל אירס איז אַ גילדערנער גרוב... אָבער ווען דאָס גאָלד וועט זיך קאָנטשען וועט זי אים געבן די שלייקעס... גיי, גוטער ברודער!...

— מיינע שונאים צו להכעיס — האָט מאַלצע געשנירעוועט די ליפּן און אים אָפּגעגאָסן מיט אַ צאָרנדיקן בליק און מיטן פינגער געוואָרנט — וועט דער מאַן אירער טאַקע קאָנטשען אויף דאָקטער, זי וועט ביי אים האָבן אַ גילדענע דאָליע און זי וועט ביי אים לעבן ווי סע פּאַסט פאַר אַ קינד פון די שררהס!...

***

אָט אַזוינע און נאָך ענלעכע געשפּרעכן זענען געווען די טעמע פון טאָג, ווען דינעלע פלעגט זיך באַווייזן צווישן עולם פון די הינטער־געס־

לעך. און וואָס מער זיי האָבן געוואָלט וויסן עפּעס מער גרינטלעכעס וועגן איר פּערזענלעכן לעבן, און זיי האָבן מיט נייגעריקע בליקן און מיט זייטיקע אַנצוהערענישן געזוכט אַרויסצובאַקומען ביי איר אַ קלאָרן ענטפער אויף זייערע האַלב־פאַרשטעלטע פראַגעס, אַלץ ווייטער איז דינעלע אַוועק פון די דערוואַקסענע.

דערצו זענען די זומערדיקע טעג געווען הייסע און אַ בלויער הימל ווי אַ געשווירענער סאַמעט האָט געשיינט איבער די גרינע בערגלעך און איבער די הויכע ביימער פון גרינעם געדיכטן וואַלד ביים שטעטל. האָט דינעלע, איינינעם מיטן קליינוואַרג, פאַרבראַכט טעג גאַנצע ביים טייך אָדער אין דער טיפקייט פון גרינעם וועלדל.

איינמאָל האָט פּאַסירט אַזאַ זאַך:

אַרום איז געווען שטיל. די מאַטאָווע געבויגענע כוואַליעס פון אומענדלעך־ברייטן טייך האָבן זיך געוויגט אין די פעלזיקע אָרעמס פון די בערגלעך און זיי האָבן אים געהאַלטן איינגעשלאָסן און נישט דערלאָזט, אַז די וואַסערן זאָלן זיך אויפהייבן און פאַרפלייצן דאָס שטעטל. און אַ רויטע בלוטיקע זון האָט זיך געשפּילט צווישן די לאַנגע פּלאַכטעס פון געזונקענע ווערבע־ביימער ביים ראַנד פון טייך, און איבער די צעוויגטע, שאַטיקע שיפלעך, אין וועלכע דינעלע האָט געהאַלטן דאָס נאַקעטע קליינוואַרג. זי איז געשטאַנען צווישן די שיפלעך אַ האַלב־נאַקעטע און מיט אירע קורצע גרעבלעכע הענטלעך געטריי אונטערגעשוירן די קינדערס האָר, זיי געוואַשן, געבאָדן, געקעמט און געפלאָכטן סטענגעס אין די צעפּלעך.

ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיטן קליינוואַרג האָט זי זיי איינציקווייז און אויף די פּלייצעס אַרויסגעטראָגן אויף דעם ברעג און זיי אויסגעלייגט אין גרינעם באַבלומטן גראָז ווי אין אַ גרינעם איבערבעט, און זיי געגעבן עסן קאָרן־ברויט מיט פּוטער און מיט הייסן קעז, און זי אַליין האָט זיך אַ מידע אַוועקגעזעצט צווישן קליינוואַרג און פאַריכט זייערע מלבושימלעך.

איר קורץ באַקלייענט קאַרטאָפל־נעזל איז געווען באַשיט מיט קליינע טראָפּנדלעך שווייס און מיט גאָלדענע זון־שפּרענקעלעך. זי איז געווען פאַרטיפט אין דער אַרבעט און אַזוי אַ געזונקענע אינעם טיפן גראָז אַרייגעברומט אַ ניגון אינעם דינעם נעדעלע צווישן אירע קליינע ווייסע פינגערלעך.

פון אָנהייב איז דער ניגון געווען שטיל, ענלעך ווי דאָס שאָרכן פון די פולע גאָלדענע זאַנגען, וועלכע האָבן זיך געוואַשן און געוויינט אונטערן וואַרעמען זומערדיקן ווינטעלע. באַלד אָבער איז דער ניגון געוואָרן זאַפ־

טיקער, קערנדיקער. ער האָט אויפגעציטערט ווי מאָנענדיקע טענער פון אַ לירע. ער האָט זיך אויפגעהויבן העכער און נאָך העכער און זיך צעוויגט איבער גאָלדענע ווייצן־ און קאָרן־זאַנגען אויף אַרומיקע פעלדער און צווישן בלעטער פון שוואַר־באַלאָדענע פרוכטביימער פון סעדער.

פויערים און פויערטעס, מיט צעפלויגענע, שטייפע ברוסטן, אין מל־בושים פון דינע זעק און מיט צעשווייסיקטע לייבער, מיט פלאַכטעס גראָבע האָר האָבן אויף אַ ווײַלע געלאָזט די פעלדאַרבעט און זענען צוגעלאָפן צום ראַנד פון וועלדל און גערעדט צווישן זיך:

— אָט איז ווידער געקומען די פּאַרכישופטע פּרינצעסן!

— הערט, הערט, ברידערלעך! איר שטים נידערט אַראָפּ ווי פון הימל און זי רופט אונדז!...

— יאָ, יאָ, זי ציט ווי אין אַן אָפּגרונט!...

— וויי־וויי! די זשידקעס האָבן זי געשיקט אַהער כדי מיר זאָלן נישט קענען רויק אַרבעטן...

— אַ נישט־גוטע, וויי, וויי!... האָב רחמנות, הייליקע מוטערל!

— אַזוי איז עס! אומעטום איז דאָ אַ האַנט פון אַ מאָשעק... די אַנטי־כריסטן, אונדזערע שונאים...

— יאָ, יאָ! — דאָס ווילן זיי, די זשידקעס, שטילן ביי אונדז דעם צאָרן צוליב דער מלחמה, וואָס זיי האָבן אָנגעצונדן און אומגעבראַכט אונ־דזער צאַר־באַטיושקאַ און אונדזערע אומשולדיקע ברידער און מענער!...

— הערט, הערט, ווי זי בישופט!...

— איז וואָס שטייען מיר אַזוי? — האָט אַ יונג פויערל מיט אַ צע־קנוידערט געלן קאָפּ געגלאַנצט מיט זיינע גרויסע תמעוואַטע אויגן. — אויף וואָס וואַרטן מיר?... ברידער, ברידערלעך!...

— וואַרט אַ ווײַלע, מיקיטאַ, זאָל זי אויפהערן צו זינגען, וועט זייך לייכטער צו וואַרפן שטיינער...

און דינעלע האָט געזונגען, און זינגענדיק אויסגעפלאָכטן קרענצלעך פון בלימלעך מיט גרינע בלעטער, געפלאָכטן גאַרטלען, און ווען זי האָט צוריק אָנגעטאָן די קינדער האָט זי באַקראַנצט זייערע קעפּ מיט די טאַ־ליעס און זיך אָוועקגעלאָזט מיט זיי אין אַ קאַראַהאָד. דעם קאָפּ אויסגע־בויגן אָן אַ זייט, די אויגן, האַלב־פאַרמאַכטע, האָבן זיך געריסן ערגעץ אין דער ווייטער אומבאַשטימטקייט, און זי האָט געשוועבט, לייכט זיך גע־טראָגן ווי אויף אומזעבאַרע פליגלען און צוגעפּאַטשט מיט די הענט, און אַלע מאָל צונויפגענומען אַרום זיך דאָס קליינוואַרג. זיי האָבן, מיטגעריסענע

פון איר אומרו און מיט פריילעכן בליץ אין די אויגן, נאָכגעהעפּעט און צוגעפּאַטשט מיט די הענטלעך, געשריִען, געזונגען: איי, איי, איי!... איי, איי, איי!...

די פויערים האָבן אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער, און עס האָבן זיך דער־הערט בייזע קולות:

— פאַרנעמט אייך פון דאַנען, זשידקעס!

— די ערד איז אונדזערע!...

— און דער טייך אויך!

— און דער וואַלד אויך!

— און דאָס דאָרף, און דאָס שטעטל, און די גאַנצע וועלט — אויך, אויך!...

ערשט דאַן האָט זיך אין דינעלען אָנגעצונדן אַן עקשנותדיקער עקס־טאַז. פון אירע ברייט־צעעפנטע אויגן האָט עס געשפּריצט מיט איבער־מענטשלעכן ווילן און מיט ליבשאַפט צום קליינוואַרג. זי האָט זיי גיך צו־נויפגענומען און טאַנצנדיק זיי אַראָפּגעפירט צום גרינעם טאָל און אַריינ־געזונגען אין זייערע בלייך־געוואָרענע פּנימער און אין די גרויסע צע־שראָקענע אויגן:

אַלע קינדער דאַרפן טאַנצן;
קינדער מוזן בלומען פלאַנצן,
ווייל פון בלומען שפּראָצן קערנער,
בלומען וואַקסן איבער דערנער!...
אַך, איר דערנער, ווילד־געוואקסן!
לאָזט די קינדער טאַנצן,
לאָזט זיי זינגען, לאַכן פריילעך,
לאָזט זיי בלומען פלאַנצן!
ווייל פון בלומען שפּראָצען קערנער —
בלומען וואַקסן איבער דערנער!...

***

אבער פון יענעם טאָג אָן האָט זי אויפגעהערט פירן די קינדער צום טייך און אין וועלדל. זי איז געוואָרן שטילער. אין די טיפע ווינקלען פון אירע גרויסע אויגן האָט זיך געבאָדן אַ מאָדנער אומעט און אומצוטרוי צו עמיצן. אַ סך מאָל פלעגט זי אַוועקפירן די קינדער אין אַ שכנישן ברייטן

הינטערהויף, און דאָרטן, צווישן הויכע ווילדגראָזן, האָט זי זיי אויסגעזעצט אויף שטיינער און זיי געלערנט לייענען און שרייבן רוסיש. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייסן שול־פאַרטעך, פון איר קליין קעפּל אויף דעם הויכן שמאָלן האַלדז, אַ האַלדז מיט אַ בערגעלע פּעטס אינדערמיט, פון די שווערע צעפּ אויף הינטן אויסגעלייגט, — פון יעדן אבר — האָט עס דאַן געשלאָגן מיט אַ טיפן ערנסט און מיט זאָרג. און זי האָט דורכגעקוקט העפט נאָך העפט, געשריבן אויסצייכענונגען, און ווען זי איז געווען צו־פרידן פון די קינדערס פעיִקייטן, האָט זי צום ווּפלטן מאָל איינגעחזרט מיט זיי אַ מעשהלע אין רוסיש.

זי איז דאַן געוואָרן העכער און דורכזיכטיקער, אַ בייג מיטן אויבערשטן טייל קערפּער דאָ צו איין גרופּקעלע און דאָ צו אַ צווייטער, און אַלץ צוגעקלאַפּט מיט צוויי פינגער אינדערלופטן און מאַנענדיק אונטער־געשטראָכן דעם געדאַנק פון דעם מעשהלע. די ווערטער אירע זענען געווען קיילעכיקע, שווערע, זיי האָבן אויפגעציטערט איבער צוויגטע, געל־באַ־קעפּלטע ווילדגראָזן מיט דעם שטעכעדיקס און קראָפּיווע, זיי האָבן זיך אַריינגעשטאָכן צווישן די שפּאַלטן פון אַרומיקע הילצערנע פּלויטלעך, און איינעם מיט דינעלען אַרויפגעקוקט צום רויִקן הימל, וועלכער איז, ווי אַ חופּה פון רויטע און געלע זיידנס מיט בלויע טראָלדן, געהאנגען איבערן אומענדלעך־ברייטן הינטערהויף.

און קליינוואַרג — ערנסטע און מיטגעריסענע פון איר פּאַרטראַכטקייט — האָט נאָכגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט, און סע האָט אויסגעזען ווי אַלע וואָלטן דאַן שוין פּאַרויסגעפילט, אַז קומען וועט אַ גרויער וואָלף און וועט אויפפרעסן די קליינע גרוינקע ציגעלעך, וועגן וועלכע זיי האָבן דאַן געדעדט.

— זשיל, ביל או באַבושקי, סיערענקי קאָזליק, — האָבן זיי פּחדים־דיק און דורך טרערן געמורמלט:

וואָס קאַק אי וואָט קאַק, סיערענקי קאָזליק;
זאָכאָטעלאָס קאָזליקו ווּ'ליעס פּאָגוליאַט,
וואָט קאַק אי וואָט קאַק — ווּ'ליעס פּאָגוליאַט!
נאַפּאַל נא קאָזליקאָ סיערענקי וואָלק —
וואָט קאַק אי וואָט קאַק, סיערענקי וואָלק —
אָסטאַלאָסיא אָט קאָזליקאָ ראָזשקי דאַ נאָזשקי, —
וואָט קאַק אי וואָט קאַק, ראָזשקי דאַ נאָזשקי...

און אַ בלייכע אַ געשטרעקטע אַנטקעגן דער זון און ביז איבער די קני אין ווילדגראָזן, איז זי אויף תמיד פאַרבליבן אין מיין האַרץ און מיין זכרון. און דערפאַר איז מיר געווען שווער צוצולאָזן דעם געדאַנק וועגן איר זינקען אַזוי נידעריק...

***

און וויפל מאָל איך האָב זי דאָרט געזוכט האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן זי צו געפינען. דאַן איז מיר איינגעפאַלן צו פרעגן אויף איר ביים שאָפער. אין אַ צעבראָכענעם פאָרטוגעזיש האָב איך אים געשילדערט איר אויסזען. און ווען ער האָט געהערט, אַז איך בין שוין דאָ געווען אייניקע מאָל און זיך נישט געקענט דערוויסן גאָרנישט, האָט ער עטוואָס איינגעהאַלטן דעם אויטאָמאָביל און אויסגעדרייט צו מיר זיין גרויס ביינערדיק פנים, אַ פנים ווי פון פאַרזשאַווערטן בראָנדז מיט פאַרשטויבטע לעכלעך און זיינע געלבלעכע וויסלען אין די האַלב־בלינדע אויגן מיט רויט־געשוואָלענע וויִעס האָבן זיך צעוויגט אַהין און צוריק און העגגען געבליבן אויף מיר. ער האָט געפירט מיט דער צונג איבער די גראָבע שוואַרץ־בלויע טרוקענע ליפּן און אַ ברייטער שמייכל איז אויפגעגאַנגען אַרום זיי.

— יאָ, יאָ! — האָט ער אָנגעהויבן פירן מיטן פינגער ביי זיין שלייף. — דאָ דרייט זיך אַרום אַן אַלטינקע מיט אַ שוואַרצן פלעק, אָט־אָ דאָ! און אויב די מאַדאַם וויל, וועל איך זי צופירן, דאָ נישט ווייט... — האָט ער אַ וויִיז־געטון מיטן פינגער צו אַ זייטיק געסל. — די מיידלעך פון דאַנען וועלן קיין מאָל נישט האָבן קיין צוטרוי צו אַ פרעמדער פערזאָן, דערצו נאָך אַ פרוי, וואָס קומט זוכן עמיצן פון זייעריקע. די מיידלעך האָבן אַ באַזונדער שלעכטן געפיל צו פרויען פון נישט זייערס גלייכן... מסתמא האָבן זיי רעכט. אַ, מאַדאַם?

— פירט מיך! — האָב איך אַן אומגעדולדיקע איבערגעריסן זיינע רייד.

ער האָט דינסטגרייט אַ נעם־געטון דאָס ראָד אין די הענט און דאָס קליינע צעפאָרענע אויטאָמאָבילטשיקל האָט זיך אַוועקגעוויגט, סאָפּענדיק ווי אַ קראַנקע חיה, וואָס קען מער נישט שלעפּן די שווערע משא, קוים דורכגעשפּאַנט אייניקע גריבערדיקע גאַסן און געסלעך מיט יענעם האַנדל און איז אַרויס אויף אַ לאַנגער ברייטער גאַס מיט ברייטע אַלטע שטיבער און געוועלבער.

ביי די גריבלדיקע טראָטואַרן לעבן די געוועלבער זענען געשטאַנען

גרויסע משא־וועגענער פולע מיט פרישע גרינע באַנאַנעס און אַנאַנאַס און אַנדערע פרוכטן און גרינצייג. קליינע, שוואַרצע, האַלב־נאַקעטע קינדערלעך האָבן זיך געשפּילט אין די קאַנאַוועס מיט בלאָטיקן וואַסער און מיט צעפוילטע פרוכטן. די גאַס איז געווען פול מיט קולות פון קליינוואַרג און מיט ריחות פון צוגעוואַרעמט „פיזשאָן" און פון איבערגעשטאַנענע פיש.

ברייטע שווער־לייביקע נעגערטעס מיט פולע געפלאָכטענע קוישן וועש אויף זייערע פלאַטשיקע קעפּ מיט די ברייט־שרונטיקע שוואַרצע קרייזעלעך און מיט שווייסיקע פּנימער זענען אַרויסגעקומען פון די הינטער־הייף און מיט די הענט אָנגעלייגט אויף די ברייטע צעוויגטע קליבעס זענען זיי אַוועק אָפּטראָגן די אַרבעט.

אַנדערע נעגער־פרויען זענען געזעסן לעבן קליינע נידעריקע טיש־לעך און פאַרקויפט געפּרעגלטן מאַלאַי און רייז, געזאָטענע אין האָניק מיט צימרינג. מחנות גרויסע שוואַרצע פעט־בייכיקע פליגן האָבן זיך געדרייט איבער די טישלעך און מיט זייערע נאָדלדיקע פיסקלעך זיך איינגעגעסן אין די הענט פון די ווייבער, וועלכע האָבן מיט פלעדערווישן און מיט שמאַטעס געהאַלטן זיי אין איין פאַרטרייבן.

דער שאָפער האָט פונוויטנס אַ געשריי־געטון אין פּאָרטוגעזיש און געפרעגט, ווו סע ווינט די אויסלענדערן מיטן שוואַרצן פלעק אויף דעם שלייף.

אַ נעגערטע מיט אַ גרויס פינצטער פּנים און מיט אַ קאָפּ צעקנוי־דערטע קרייזלעך האָט אויפגעהויבן צו אים אירע געלבלעכע ווייסלען פון די מוטנע אויגן מיט די רויטע געשוואָלענע וויעס, און אָנווייזנדיק מיט אַ האַנט אין אַ באַשטימטער ריכטונג האָבן זיך אירע גראָבע ליפּן ווי שוואַרץ־בלויע הונגעריקע פּיאַווקעס צונויפגעצויגן און אַרויסגעזיפּצט די ווערטער:

— פּאַר און זאָל דיך גאָט באַגליקן, אָבער איך צווייפל צי די אַלטע וועט אויפנעמען עמיצן פון די איריקע...

דער שאָפער האָט העפלעך באַדאַנקט און אַ טרייב־געטון דעם אויטאָמאָביל. די ווייבער ביי די טישלעך מיט „סחורה" האָבן אונדז נאָכגע־קוקט מיט נייגיר און האָבן עפּעס גערעדט צו דער, וועלכע האָט געוויזן דעם שאָפער, וווהין ער זאָל מיך פירן...

לעבן אַ ברייטן אַריינגאַנג פון אַ קליין געסל האָט ער אָפּגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל, אויסגעדרייט צו מיר דאָס פּנים און מער מיט די געלבלעכע אַפּלען ווי מיט די ליפּן מיר געהייסן אויסשטייגן און געוויזן וווהין איך זאָל גיין. האָב איך אים באַצאָלט, געדאַנקט און אַן אומגע־

דולדיקע אַרויס פון אויטאָמאָביל און אַריין אין אַ קאָרידאָר צווישן קניפּן מיט קליינע ווינקלדיקע געסלעך.

מחנות קינדער האָבן זיך דאָרט געשפּילט. יינגלעך מיט האַרטע בייכ־לעך איבער הויכע טרוקענע פיסלעך און מיט קויל־שוואַרצע געקרויזטע קעפּלעך. זיי זענען געריטן איינער אויפן אַנדערן. אַנדערע האָבן זיך פּאַר־מאָסטן מיט די פויסטן, זיך איינגעגעסן מיט די נעגל איינס אין אַנדערן און זיך געקוילערט אין שטויב און געשריגן, ווי עמיצער וואָלט זיי באמת געצוווּנגען צו שלאָגן און רייסן פון זיך שטיקער.

אַ שמאָל בייגעוודיק יאַטל פון אַ יאָר צען מיט אַ שוואַרצן האַלדז און נאַקן, ווי איבערגעצויגן מיט אַ געקאַרבט און פאַרשטויבט שטיק פעל, איז מיר אַנטקעגנגעקומען, אויפגעהויבן דאָס שמאָלע קרענקלעך־געלע פּנים און, ווישנדיק מיטן אַרבל פון צעפּליקטן העמדל די פייכטקייט פון אונטערן גראָבן נעזל, געפרעגט:

— צו ווּעמען דאַרף די מאַדאַם?

דערהערט ווּעמען איך זוך, האָט ער מיר אַנטקעגנגעשטעלט אַ קרי־גערישן אַקסל און אויך אַ פוס, און זיינע שוואַרץ־בלויע ליפּן מיט ווייסע בלאָטערן האָבן זיך געקרימט אין אַן אומצופרידענער גרימאַסע

— דאָ מוז מען האָבן אַ דערלויבעניש... — האָט ער אויפגעהויבן זיינע צעפליקטע הייזלעך, וועלכע האָבן לויז געהאנגען אויף זיינע שמאָלע היפטלעך.

קליינוואַרג האָט אויפגעהערט זיך שפּילן און איינציקווייז, פאַרשוויצטע און פאַרסאָפּעטע, זיך אויסגעשטעלט אין אַ רעדל אַרום אונדז, זיי האָבן געמאַכט קולות, געשטרעקט די פאַרבלאָטיקטע, דאַרע און זשעדנע הענטלעך און געהאַלטן אויף מיר די צעגליטע בליקן:

— גיב אַ קרוזעיראָ, יאָ, מאַדאַם, גיב!...

דער מיט די באַבלאָטערטע ליפּן האָט צונויפגעצויגן די ברעמען און מיט די עלנבויגנס אָפּגערוקט אַן אַ זייט דאָס קליינוואַרג און שטרענג גע־פירט איבער זיי מיט זיינע מאָנענדיקע בליקן, באַלד זיי צו מיר איבער־געטראָגן און געדויבעט מיט דער פיאַטע אינעם שטויביקן באָדן, רעדענדיק ווי אַ דערוואַקסענער, ווי אַ הערשער:

— אָן מיין דערלויבעניש וועסטו נישט גיין!...

איך האָב אים געגעבן אייניקע קרוזעיראָס. ער האָט זיי לאַנג באַקוקט און פון איבעראַשונג געלעקט מיט דער צונג די פייכטקייט אונטערן נעזל.

קליינוואַרג האָט זיך צונויפגעדרונגען און זיך עפּעס געסודעט. ער האָט זיך אָפּגערופן:

— די מומע איז נישטאָ אין שטוב... און אויב די מאַדאַם וויל, וועל איך זי צופירן, וועט זי זען.

און נישט־וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער האָט ער מיט אַ האַנט־באַוועגונג אַ רוף־געטון דאָס קליינוואַרג. זיי זענען אַוועק פאָרויס, און איך — נאָך זיי.

מיר זענען דורכגעגאַנגען אייניקע ווינקל־געסלעך, צעפּיקטע ווי די שוואַרץ־שרונטיקע קעפּלעך פונעם קליינוואַרג, און דאָס יינגל מיט די באַבלאָטערטע ליפּן איז דער ערשטער געבליבן שטיין לעבן אַ הויך שמאָל שטיבעלע, מיט אַ טונקל־גרין טירל און אַ פּירעקיק פענצטערל מיט אַ געשטריקט פאָרהענגל. ער האָט אָנגעוויזן מיט אַ פינגער:

— דאָ איז עס!

קליינוואַרג האָט צוגעשאָקלט מיט די קעפּלעך און, צעשמייעטע און אויפגערעגטע, געפּירט איינס צום אַנדערן מיט די ברייטע ווייסלען פון די שוואַרצע אויגן און אַזוי אויף שטום־לשון זיך געסודעט וועגן עפּעס.

דאַן האָט זיך איינער פון זיי אַ לאָז־געטון צום טירל. האָט אים דער מיט די באַבלאָטערטע ליפּן אָנטקעגנגעשטעלט אַן ארויסרופערישן אַקסל, און די דריי טיפע קאַרבן פון זיין הויכן קיילעכדיקן שטערן ווי אַ געל קאַבאַקל זענען געוואָרן מאָנענדיק שטרענג:

— אָן מיין דערלויבעניש טוט מען גאָרנישט, פאַרשטאַנען?...

און ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויף דעם לעצטן טרעפּל און האָט אַ קוועטש געטון די טיר־קנאָפּקע, געקוועטשט איין מאָל און נאָך אַ מאָל. פון אינעווייניק אין שטיבל האָט זיך געהערט דער קלינג־אַלאַרם ווי אַ דין קולכל פון אַן אַלטער שוואַכער סאָפּראַנאָ.

— די מומע איז נישטאָ! — האָט ער זיך אויסגעדרייט צו מיר און אַרויסגעשטעלט דעם בויך און צעגומען די הענט. — אויב די מאַדאַם וויל, וועלן מיר זי צופירן אַהין, צו די מיידלעך.

איך האָב אים געדאַנקט, און ווען מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ טרעפּל ביים טירל, האָב איך אין אַ צעבראָכענעם פּאָרטוגעזיש געבעטן, זיי זאָלן מיך לאָזן אַליין וואַרטן. האָט זיך חברה עפּעס ווידער דורכגעשושקעט און אונטער דער פירערשאַפט פון דעם מיט די קראַנקע ליפּן, שטילינקע, און עפּעס ווי אומצופרידענע, אַוועק צוריק.

* * *

אַרום איז געהאָנגען אַ ברענענדיקער חלל. איבער די דריי־טרעפּל־דיקע שטיבעלעך, איינגעוואַקסענע אין איינגעהאַרבעטע איינס אינעם אַנ־דערן האָט געברענט דער טיפער הימל ווי אַן אָנגעגליטער גאָלדענער בעקן און האָט אַריינגעטריפט טראָפּנס זון אין די הויכע פאַרגראַטעטע איינציקע פענצטערלעך פון די שטיבלעך, זיך אויפלייזנדיק אויף די דינע טיולענע פאַרהענגלעך און געשווומען איבער זיי ווי גרייסע מושלען אויף דעם קילן, שטילן, זאַמדיקן ברעג ים.

ערגעץ נאָנט האָט אַן אַלטער וואַנטזייגער געקלונגען דריי, און צוויי געשניצטע טייבעלעך וואָס זענען איינגעמויערט פאַרנט אין אַזאַ זייגער, האָבן צוגעוואָרקעט און אַריינגעבראַכט געמיטלעכקייט. אַן אומגעזעענע האַנט האָט אויפגעהויבן דאָס באַזוניקטע פאַרהענגל איבער אַ פענצטערל און אַ פאַרשלאָפן פּנים און אַ שוואַרץ־שרונטיקער קאָפּ ווי אַ גוט־צעשניטן שוואַרצערד, האָבן זיך באַוויזן הינטער די גראַטעס און געלבלעכע שוואַרצ־אַפּלען, פולע מיט נייגיר, זענען געבליבן הענגען אויף מיר.

אַזוי האָבן זיך פּנימער געמערט אין די פענצטער, און טירן האָבן זיך צעפּראַלט, און ברייטע ווייבער מיט קוישן וועש אויף די קעפּ זענען אַרויסגעגאַנגען פון די שטיבער און מיט אַ שמייכל אויף די שוואַרצע פּנימער און מיט נייגיר פאַרבייגעגאַנגען און מיך געגריסט, און עפּעס מאָדנע אַריינגעקוקט אין מיינע אויגן און אין דער נשמה.

איך האָב געוואַרט אַ האַלבע שעה און נאָך אַ האַלבע, און ווען איך האָב שוין אָנגעהויבן צווייפלען, צי בין איך אויף דעם ריכטיקן אַדרעס און האָב, אַן אומגעדולדיקע, מיך געלאָזט גיין צוריק, איז מיר די כאָפּטע קינדער אַנטקעגנגעקומען איניינעם מיט אַן אַלטיטשקער. זיי זענען גע־שפּרונגען אַרום איר, געגרעדט מיט די הענט, מיט די אויגן, און דער מיט די באַבלאָטערטע ליפּן האָט אַרויפגעקוקט צו איר און מעשה דערוואַק־סענער און מעשה פירער פונעם קליינוואַרג, האָט ער מיט אַ האַנט־באַ־וועגונג צעטריבן די קינדער און זיי געהייסן זיין רויק.

איך האָב מיך פאַרשטעקט צווישן די שטיבלעך און פונוויטנס באַ־טראַכט די אַלטע. זי איז געגאַנגען לייכט און שוועבנדיק. אַ ווייסער דינער שאַל איז געהאַנגען אויף אירע הויכע שפּיציקע אַקסעלעך און אַ ליכטיקייט האָט זיך געבראָכן איבער איר קליין קעפּל אויף דעם הויכן דאַרן האַלדז און איבער די שניי־ווייסע קורצע האָר מיט דעם דורכזיכטיק־ווייסן איידעלן פּנימל. זי האָט געהאַלטן אין איין שלעפּן נאַשוואַרג פון די ברייטע קעשע־נעס אין ווייסן האַלבן פאַרטעך און זיך אַ בייג־געטון דאָ צו איין גרופּע

און דאָ צו אַ צווייטער און געטיילט. חברה האָבן געקיקט אויף ביידע באַקן און דער רינג אַרום איר איז געוואָרן אַלץ ענגער און פעסטער.

אין מיר האָט זיך צעשריִען אַ יסורימדיק געפיל און אַ געוואַלדיקע פּאַרזיכטיקייט. צו ערשט האָב איך געמיינט, אַז איך האָב ווידער נישט געטראָפן. אָבער וואָס נענטער זי איז געקומען, אַלץ בולטער האָט זיך אַרויסגעזען דער שוואַרצער פלעק אויף איר שלייף און אַלץ נענטער און נענטער איז זי מיר געוואָרן.

איך האָב מיך אַרויסגערוקט פון באַהעלטעניש און שטיין געבליבן אַנטקעגן איר. אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. פון איר האָט עס געשלאָגן מיט רו און מיט גלייכגילטיקייט ווי פון יענע מענטשן, וועלכע האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַר עמיצנס מיינונג וועגן זיי. דאָס קליינוואַרג האָט זיך נאָך ענגער צונויפגעצויגן אַרום איר, זי אַרייַנגענומען אין אַ רינג אַזוי מיט אַנגעצויגענע פּנימער און קאַלטן גליווער אין די אויגן געקוקט אויף מיר און געוואַרט, צי דאַרפן זיי מיך צערייסן אויף שטיקער אויס נקמה פאַר דער אַלטער.

זי האָט אַ פיר־געטון מיט די פינגער איבער אייניקע קעפּלעך, און איר קליין צייַנלאַז מייַלעכל, ווי אַ ליידיק טעשעלע, האָט זיך אַ קרים־געטון:

— צו וועמען דאַרף די מאַדאַם?

די מילדקייט פון איר טאָן און די נאָכגיביקייט האָבן מיך גערירט. איך האָב דערזען אַ שיין פון דער אַמאָליקער דינעלען. האָב איך איר אויסגעשטרעקט אַ האַנט און געזאָגט:

— וואָס מאַכט איר, דינעלע?

זי האָט נאָך מער צונויפגעצויגן די דינע קנייטשעלעך אונטער די אויגן און דאָס פּנימל, דורכגעאַקערט מיט פעדימלעך ווי שפּורן פון אַן אויסגעטריקנטן טייך, איז געוואָרן נאָך בלייכער און איינגעשרומפּענער. זי האָט אַ ווײַלע אָנגעשטרענגט די ראיה כדי מיך צו דערקענען און לויט איר אַלטער געוווינהייט אָנגעהויבן פירן מיט אַ פינגער ביים שלייף, איבערגעפרעגט איין מאָל און נאָך אַמאָל:

— סע איז טשודנע. איך קען נישט וויסן ווער איר זענט, און פון וואַנעט און פון וועלכער צייט געדענקט איר מיך?! — זאָגט, מאַדאַם!

און ווען זי האָט דערהערט ווער איך בין, האָט אַ מאָדנע לעבעדיקייט אויפגעשייַנט אין אירע אויגן, זיי זענען געוואָרן ברייטער, טיפער און פול מיט פאַרוווּנדערונג:

— אינטערעסנאָ, זייער אינטערעסנאָ! — האָט זי אַלע מאָל איבער־געחזרט און מיך אַלץ נענטער און נענטער צוגעצויגן צו זיך. — און ווער האָט אייך געגעבן מיין אַדרעס? — זענען אירע ווייסע געדיכטע ברעמען הענגען געבליבן אויף מיר. — איר זענט דאָך אַ פיסאַטעלניצע און איר מוזט זיין אויפריכטיק.

און נישט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער האָט זי אַריינגעפלאָכטן די פינגער צווישן די געדיכטע קרייזעלעך פונעם אָנפירער און צוגעגעבן אַ גע־רירטע:

— דו זעסט, דזשים, איך האָב געקענט די דאָזיקע דאַמע, ווען זי איז געווען קליין, אַזוי ווי דו... און איצט איז זי אַ באבע און איך אויך! — און געבראַכט האָט זי מיר אַ גרוס פון מיין טאָכטער אין אַרגענטינע, און איצט וועלן מיר הערן!... — האָט זי אָנגעשטעלט אויף מיר אַ צעשמייכלט פנים, אַ מאָנענדיקס. — איר זענט אַ פיסאַטעלניצע און איר מוזא אוודאי קענען דעם מענטשנס נשמה?... נישט אַזוי?... און איך האָב פיינט כיטראָסט... איר מוזט עס אוודאי געדענקען?!.. איך וויל דורכויס וויסן, ווער עס האָט אייך געשיקט אַהער!

געהערט, אַז דעם אַדרעס אירן דאָט מיר געגעבן איר איידעם, מיט וועלכן איך האָב מיך צופעליק באַקאָנט אין אַ וויטער פראָווינץ־שטאָט אין אַרגענטינע און אַז די טאָכטער אירע האָב איך קיינמאָל נישט געזען, האָט זי באַנגיק געשמייכלט און עפּעס ווי פאַרשעמט אַראָפּגערעדט צו די שפּיצן פון אירע ווייסע שטעקשיכלעך אויף די באָרוועסע פיס:

— יאָ, דאָס צו־גוטע און דאָס צו־שלעכטע מוז אוודאי אויף תמיד בלייבן אין אונדז... און איך קען נישט גרינטלעך דעם כאַראַקטער פון מיין קינד... און איר זענט צו פאָרזיכטיק, אויס מורא אָנצורירן מיינעם אַ גע־פיל... סע טשודנע... נישט אַזוי, מאַדאַם?...

— און מיין אַבראַשענקאַן, געדענקט איר דאָך, אַ?... — האָט זי נאָך אַ ווילע טראַכטן ווידער אָנגעהויבן רעדן, — און סע איז גוט, וואָס אַ קינד פון פראָסטן נאַראָד קען ווערן אַ פיסאַטעלניצע... איך הייב אייך גאָרנישט אָן צו דערקענען... אַ מענטש זאָל זיך אַזוי ענדערן! נאָר אַ יכרון איז ביי אייך אַ גוטער. אינטערעסנאָ!...

דאַן האָט זי איבערגעטראָגן די בליקן ערגעץ וויט, וויט, און אַזאַ ווייכקייט און אַזאַ מידקייט האָט זיך געבראָכן אין זיי:

— און אַבראַשענקאָ איז געווען אַזאַ שיינער מענטש, — האָט זי גע־רעדט צו זיך אַליין, — איר, מאַדאַם, מוזט עס וויסן!...

און זי האָט מיט אַ האַנט־באַוועגונג געהייסן דעם קליינוואַרג אַוועקגיין. זיי האָבן שטום געפאָלגט. אַלע מאָל האָט אַן אַנדערער אומגעדרייט צו איר דעם קאָפּ און געשמייכלט. זי האָט זיך אָנגערופן אין פּאָרטוגעזיש:

— דזשים, איך וויל, עס זאָל זיין שטיל...

און זי האָט מיך אַ נעם־געטון אַרום דער טאַליע און געפירט צום שטיבל, רעדנדיק שטיל און פאַרטרוילעך. און דערביי האָט זי אויפגעשלאָסן דאָס טירל, מיך אַריינגעלאָזט די ערשטע און צוריק פאַרשלאָסן:

— איר זענט מיין גאַסט!... עס איז נישט קיין קלייניקייט צו טרעפן אַ פּערזאָן, וואָס קען דיך דורך און דורך. און דערצו נאָך אַ פּיסאַטעלניצע...

זי האָט אַראָפּגענומען דעם שאַל פון אירע אַקסלען און אים אויפ־געהאנגען אויף דעם אָנשפּאַר פון אַ בענקל.

זי האָט מיך צוגעפירט צום אַלטן ברוינעם דיוואַן, דעם באַלייגטן מיט אויסגענייטע קישעלעך און מיט קעצעלעך פון וואָל און מיט צוויי פּופּעס, איינע אין אַ ווייס קליידל מיט שליאַרקעס פון אויבן ביז אַראָפּ, און איינע מיט הויזן פון שוואַרצן שטאָף און אַ מענעריש ווייס ספּאָרט־העמדל. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דעם זוים פון דיוואַן און היימישלעך מיך אַראָפּגעצויגן צו זיך.

אַרום אונדז איז געווען שטיל. די רויטע און געלע זון־טאַשמעס, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן דורך דעם אָפענעם פענצטערל, האָבן זיך גע־וויקלט אַרום איר הויך־טרוקן העלדזל און ווי איידעלע פליגעלעך פון קאָ־לירטע זומער־פייגעלעך געשוועמען אויף איר צעשמייכלט פּנימל און די ווייסינקע צונויפגעלייגטע הענטלעך.

— איר זענט דאָך געקומען „אהין" מיך זוכן, נישט אַזוי? — האָט זי קינדיש געשמייכלט און פאַרטראַכטערהייט אָנגעהויבן צו פירן מיטן פינ־גער אויפן פלעק פון שלייף. — איר האָט דאָך געוויס וועגן מיר אַ צוגע־שניטענע און צוגעגרייטע מיינונג?... און מיר אַרט עס גאָרנישט! דאָס וויכטיקסטע איז קענען אויסנוצן אַלע צופאַלן אין לעבן... איך מיט אַבראַ־שאַן האָבן עס קיינמאָל נישט געקענט... ער —האָט זי פאַרדריסלעך אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט— נאָך אַ סך ווינציקער ווי איך!... און דאָס האָט נישט געטויגט, איר מעגט עס וויסן.

— איר טראַכט, אַוודאי, פאַרוואָס איך פרעג זיך נישט נאָך אויף מיינע אַמאָליקע באַקאַנטע, און עס איז טאַקע נישט שיין פון מיר, און איך וויל, איר זאָלט מיר דערציילן וועגן יעדן באַזונדער, אויב עס איז אייך ליב און נישט שווער צו רעדן וועגן זאַכן פון אַמאָל...

האָב איך איך דערציילט וועגן מיין באַגעגעניש מיט מיין מאַמען און שוועסטער אין אַמעריקע, דערציילט וועגן דער צופעליקער קאָנטשאַפט מיט איר אײדעם און וועגן מיין פּערזענלעכן לעבן. און ווען איך האָב איר דער־מאָנט וועגן יענע קינדער, וועלכע זי האָט געלערנט לייענען און שרייבן רוסיש, און אַז דער היימישער עולם האָט זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן, זע־נען אירע ווייכע אויגן געוואָרן צעפלאָמט און פול מיט באַדויערן. זי האָט זיך אַבלדיק צעהוידעט אַהין און צוריק און געזאָגט:

— עס טוט מיר ווי פאַרוואָס איר האָט נישט געקריגן דעם ריכטיקן מבין אויף איך... און ווער, מיין טייערע, וועט דען דערזען אין דער ריכ־טיקער צייט, ווער?... יאָ, איך געדענק יענע גאָלדענע צייט... און ווו זענען זיי היינט יענע „גרויזנקע ציגעלעך”?... מיין האַרץ האָט מיר תמיד געזאָגט, אַז די וועלף וועלן אָנפאַלן און וועלן זיי פאַרצוקן... און איר געדענקט אַלץ אַזוי פּינקטלעך! אינטערעסנאָ! עס פרייט מיך, מיין טייערע...

זי האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן און האָט אַרויסגענומען פון אַ שמאָל וואַנט־שאַפקעלע אַ פלאַש מיט משקה, אַ טעצעלע מיט היימישע קיכעלעך און צוויי רויטע הויכע גלעזלעך, אַלץ אַוועקגעשטעלט אויף דעם קליינעם וויס־געדעקטן טישעלע ביי דער וואַנט. זי האָט אָנגעפילט די גלעזלעך, אויסגעטרונקען איין מאָל און נאָך אַמאָל און ערשט דאַן זיך געווענדט צו מיר:

— און איר, מאַדאַם, האָט נישט אויסגעטרונקען אינגאַנצן!.. פאַר־וואָס? די משקה איז אַ לייכטע!...

זי האָט נישט געוואַרט ,איך זאָל איר נאָכטון און האָט אויסגעטרונקען נאָך אַמאָל. אירע אויגן זענען געוואָרן לעבעדיקער, אַ קינדיש שמייכל האָט זיך געבראָכן אַרום איר מיילעכל און אַרום איר קורצן נעזל. — איך באַנוץ עס יאָ פון צייט צו צייט. סע מאַכט אַמאָל פאַרגעסן... — האָט זי אויס־געטרונקען שוין צום פערטן מאָל און צוגעביסן אַ קיכעלע.

— איר וואַרט, אוודאי, איך זאָל אייך דערציילן וועגן מיין לעבן, נישט אַזוי? ביי מיר איז דער אינטערעס נאָך וועגן אים... יאָרן און יאָרן האָב איך געחלומט און געוואַרט, עס זאָל קומען אַזאַ פּערזאָן ווי איר, און איצט איז עס געשען... אָט זעט איר שוין, מאַדאַם, ווען מען וואַרפט קערנער אין אַ געזונטער ערד, — וועט מיט דער צייט עפּעס אויסוואַקסן... יאָ, עס איז טאַקע געווען כדאי.

דאַן האָט זי אַרויסגענומען פון נאַכט־שאַפקעלע אַ שמרויען קערבל מיט רויטע און געלע נאַכט־העמדער פון ביליקן זייד און אַ קעסטעלע מיט

פּאָדים־קלעצלעך פון אַלערליי קאָלירן און שערלעך מיט נאָדלען. אַוועק־געשטעלט דאָס קוישל אויף אַ קליין בענקעלע לעבן דיוואַן, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר, אַרויסגעצויגן אַ העמד און עס אָנגעהויבן פאַר־צערעווען. פון קוישל האָט זיך אויפגעהויבן אַ ריח פון פודער, ביליקן פּאַרפום און פון שטאַרקע געטראַנקען.

דאָס נאָדעלע צווישן אירע קליינע גערונצלטע פינגערלעך איז גיך געלאָפן אַהין און צוריק. די צערעלעך אין דעם העמד זענען געווען גלייכ־ליניקע און געדיכטע ווי זי וואָלט אַריינגעוועבט אין זיי איר איינציקע גרויסע קענטעניש און ליבשאַפט.

— איר זענט שוין אומגעדולדיק, מאַדאַם? — האָט זי אויפגעהויבן צו מיר אַ פלינקן בליק, און עפּעס ווי אַראָפּגעשלונגען, ווי זי וואָלט זיך געוואָרגן מיט די ווערטער, וועלכע האָבן זיך צונויפגעקניפּט אין איר שלונג...

— יאָ, יאָ, ער איז געווען אַ וווּנדערלעכער מענטשן־קינד! און זעלטן ווער פון אונדז עס קען דערגרונטעווען דעם סאַוועסט פון די וועלכע טרויען אָן זייער גורל און זייער גלויבן אין אונדזערע הענט... קיינער קען דאָך נישט זאָגן, ווו דער מענטש הייבט זיך אָן און ווו ער ענדיקט זיך... און ווען די נשמה סטראַדאַיעט, ערשט דאַן קומט אַרויס פון איר דאָס גאַנצע ליכט, אָדער — גאָר דאָס פאַרקערטע... סע ווענדט זיך וואָס אַזוינס די נאַטור האָט אין איר פאַרזייט... אַזוי איז עס, מיין ליב קינד; קיינער וועט מיך מער נישט אַראָפּפירן פון מיין אייגענעם וועג... און ער, אַבראַשענקא, האָט מיך נישט געקענט, און איך אים — נאָך ווינציקער... און דאָס שיינע, דאָס וווּנדערלעכע, איז נישט דויערהאַפטיק... און מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז זיין נשמה איז פאַרבליבן אָט־אָ דאָרט, —האָט זי מיט אַ פינגער אַ ווייז־געטון אין ווינקל צו אַ שאַפקעלע מיט אַלטע גראָבע ביכער. — און וויסן זאָלט איר, אַז ביים ערלעכן מענטשן איז דער באַרג־אַראָפּ שווערער ווי דער באַרג־אַרויף. און ביי מיר איז דאָס האַרץ תמיד געווען שטאַרקער פונעם פאַרשטאַנד, און דאָס האָט נישט געטויגט. איר מעגט עס וויסן... און אפשר קענט איר עס נישט פאַרשטיין, אפשר?...

— איר וועט פאַרגעבן, מאַדאַם פאַר מיין פלאָנטערן צופיל... מיין „מיסל" איז שוין נישט אין בעסטער אָרדענונג!... — האָט זי געפּירט מיט אַ פינגער איבערן שטערן. — און אפשר זאָל איך גאָר אייך אוגאָשטשייענען מיט עפּעס? איר זענט מיין גאַסט, מיין אָנגעלייגטער גאַסט! — האָט זי זיך אויפגעהויבן און מיט דריבנע טריטלעך צוגעלאָפן צו דער וואַנט־שאַפע

און אַרויסגענומען אַ טעלער מיט טרוקענע פעניצלעך ברויט און מאַראַנצן מיט באַנאַנעס, אַוועקגעשטעלט דעם טעלער אויפן טיש און אָפּגעשיילט אַ באַנאַנע, זי מיר דערלאַנגט און אַליין, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט, געקוקט אויף מיר מיט טויזנט ברכות אין די אויגן און הנאה גע־האַט, וואָס איך האָב געגעסן. זי האָט געטראַכט, געשמייכלט און אַ זאָג־געטון:

— אַבראַשענקאַ האָט מיך אַ סך מאָל געלערנט: נאָר צווישן ליכ־טיקערע פון דיר, אָדער צווישן גאָר פינצטערע וועסטו דערפילן דיין איי־גענעם ווערט. און ווער, דינעלע, סע מוז איבערלעבן זיין אייגענע פער־זענלעכקייט דער וועט אַוועק אין דער אייביקייט אָדער געלייטערט, אָדער ביטער ווי גאַל... וואָס וועט ווערן פון אונדז ביידע, דינא, דינאָטשקאַ?...
— און איך האָב עס דאַן נישט פאַרשטאַנען... איך בין געווען נישט מער ווי אַ קינד מיט אַ גרויס און הייס האַרץ. און אבראַשענקא האָט נישט גע־קענט שטיין אויף די חורבות פון זיין אייגן לעבן. ניין, ניין! און די שולד איז נישט זיינע... אָט אין דעם גייט עס!... אַבראַשענקאַ האָט באַדאַרפט הייראַטן אַן אַנדער מין זשענשטשינאַ!... אַ פרוי ווי אַ מאַמע — האָט זי סודותדיק צוגעגעבן. — דאַן וואָלט ער אוודאי געוואָרן אַ גרויסער מאַן. און נאָך אַ זאַך, — האָבן אירע האַלב־שיכורלעכע אויגן געבלאַנדזשעט איבער מיר — אַ סך אומגליקן וואָלטן געקענט אויסגעמיטן ווערן, ווען מיר האָבן, ווער עס זאָל אונדז אָפּשטעלן אין דער נויטיקער צייט...

איר מוזט אוודאי געדענקען ווי מיר האָבן געלעבט. און איך האָב געמוזט ליבן די מענטשן. און דער נאַראַד איז געווען גענוג פראָסט און גענוג שלעכט!... אַמאָל האָבן זיי מיך געשטיקט מיט זייער ליבע, און אַמאָל מיט דער גלייכגילטיקייט און איבערהויפּט מיט דער פרעמדקייט צו מיין גייסט... דערפאַר האָב איך מיך צוגעבונדן נאָר צו די קינדערלעך... ווייל אַ קינד קענסטו אַוועקגעבן דיין לעבן, דיין נשמה און פאַרלאַנגסט פון אים גאָרנישט... דיין נשמה ווערט דאַן ווי אַ מינע פון גאָלד און, וואָס מער און וואָס טיפער דו לאָזסט אַהין אַריין די נעמער, און וואָס מער זיי שלעפּן פון איר אַרויס, אַלץ וויליקער און פרוכטבאַרער ווערסטו...

אָבער די מערהייט פון די דערוואַקסענע זענען פראָסט און האַרצלאָז, און איידער זיי האָבן נאָך אָנגערירט די עשירות פון דיין האַרצן ווילן זיי עס שוין פאַרדאַרבן און אָפּטויטן מיט זייער אייפערזוכט, מיט זייער גרויי־סער, גרויסער אָרעמקייט...

איך זע, איר טראַכט נאָך אַלץ וועגן יענער אַמאָליקער דינע, — האָט

זי רירנדיק געשמייכלט און מיר אונטערגעטראָגן צום מויל נאָך אַ באַ־נאַנע, — אוודאי, איר זענט נישט די ערשטע, וועמען איך וויל דערציילן וועגן מיין לעבן. געוויס האָב איך אַ סך מאָל יאָ געפּרוווט, אָבער קיינער האָט מיר נישט געגלויבט... און איר וועט מיר יאָ גלויבן — איר זענט דאָך אַ פּיסאַטעלניצע, איר מוזט אַוודאי קענען דעם מענטשנס נשמה. ניט אַזוי, מאַדאַם?

דאַן האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט צוריק אויף דעם דיוואַן און ווידער אומרויִק אָנגעהויבן פאַרריכטן און פאַרצערעווען אַ ווייבעריש אונטער־קליידל און ווידער דערציילט:

— ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין אַרגענטינע זענען מיר געווען ווי פאַרלוירן, כאָטש מיר האָבן נאָך געהאַט גענוג געלט און צירונג מיט זיל־בער, וועלכע מיר האָבן מיטגעבראַכט פון אוקראַינע. נו, מיר האָבן דע־מאָלט נישט געוווסט ווי צו שאַנעווען דעם רובל און אויך נישט פאַרשטאַ־נען, אַז דאָס גליק האָט ליב צו שפּילן אַ צו־להכעיס און מען מוז עס אַמאָל אָנכאַפּן ווי מען כאַפּט פאַר די הערנער אַ ווילד־געוואָרענעם אָקס און מען שפּאַנט אים איין איבערגעוואָלד. דערצו האָט דער קלימאַט געווירקט שלעכט אויף מיין געזונט. דאָקטוירים האָבן פאַראָרדנט פאָרן צוריק אַהיים, און איך האָב עס געוואָלט, אָבער אַבראַשאַ — ניט.

אַבראַשאַ האָט באַלד אָנגעהויבן לערנען די לאַנדשפּראַך און פאַרגע־זעצט דעם שטודיום אויף דאָקטער. איך האָב געלעבט אָן אַ סדר, אַ צע־בלוטיקטע פון בענקשאַפט אַהיים און אַ צוגעוווינטע צו אַ זאָרגלאָז לעבן, צוגעוווינט צו שוועבן אין אַ ים פון שיינקייט, פרייהייט און ברייט־האַרצי־קייט — בין איך תמיד ארומגעגאַנגען אַן אומצופרידענע, אַן אומעטיקע און אַן אַנטוישטע. אַ סך, אַ סך טעג פלעג איך מוזן ליגן צו בעט. אַזוי שוואַך בין איך געווען...

און כדי צו פאַרגעסן אין טויזנט פּיינען, האָב איך פריער פון אַלץ געזוכט איינצושאַפן אַ שיינע באַקוועמע היים, און די ערשטע צייט האָט זיך עס מיר, ווי עס איז, איינגעגעבן, אָבער נישט אויף לאַנג.

איך האָב געדונגען אַ גרויסן זאַל, אַ וווינונג מיט אַ געוועקסטער פאַדלאָגע, מיט געמעלן פון היסטאָרישע פערזענלעכקייטן אויף די ווייסע ווענט און צוויי הויכע פענצטער צו אַ צעבליטן בלומען־גאָרטן. איבער די פענצטער זענען געוואַקסן גרויסע סטראַגערס רויטע וויינטרויבן, און די ווענט פון הויף זענען געווען באַהאַנגען מיט רויטע און ווייסע ערדענע

בלומען־טעפּ, מיט פאַרשידנע געוויקסן און געשמעקט האָט דאָרט מיט ריחות פון היימישן בינען־האָניק, מיט היימישן זיסן ווייַן און ווישניאַק.

אין הינטן, הינטער דער שטוב, איז געווען אַ גאָרטן און אַ סאָד מיט פּרוכטביימער און מיט אַ קליינעם שווימבאַסיין מיט אַ בלוי וואַסער. קיל און פריש איז דאָרט געווען און אָנגענעם צו זיצן צווישן די גראָזן און לייענען לערמאָנטאָוו, פּושקינען און זשאָשטשענקאָ. לייענען, וויינען און אַליין נישט וויסן, וואָס מע וויל...

מער פון אַלץ אין דער וועלט זענען מיר געווען צום האַרצן די באָ־לעבאַטים פון דער שטוב. אַן אַלט פּאָרפאָלק מיט ווייסע ברייט־שרונטיקע קעפּ און מיט בלויע מילדע אויגן. פּאַליאַקן. אים האָט מען גערופן סטאַש און זי — מאַרישאַ. די שטוב האָט געהערט צו אַן אַלטן מיליטערמאַן, און זיי זענען געווען נישט מער ווי די אויפזעער.

זיי האָבן קיינמאָל נישט גערעדט קיין הויך וואָרט. און ווען איך בין צו לאַנג געבליבן אין הינטערהויף צווישן פאַרביקן בלומען־געפלעכט און האָב געלייענט אָדער מיך אָפּגעגעבן מיט די חיהלעך אין די שטייגלעך, פלעגט זי, אָדער אַמאָל ער, צוקומען און אַזוי שטיל, קוים באַרירנדיק די גראָזיקע ערד.

— מען טאָר נישט, פּאַנאַ, בלייבן אַזוי לאַנג מיט זיך אַליין... די פּאַנאַ איז נישט עלנט... פאַראַן זענען אויף דער וועלט ערלעכע לייט און קריסטן דערצו... — און מען איז נישט אַוועק, ביז איך בין זיי נאָכגעגאַנגען.

איך האָב יענע אַלטע לייט ליב באַקומען, איך האָב זיי אַלץ פאַרטרויט און דאָס האָט נישט געטויגט... אָבער דערוווּסט האָב איך זיך עס צו שפּעט...

**
*

ווען אַבראַשאַ האָט זיך אָפּגערוט פון לערנען, זענען מיר אומגעגאַנגען באַקוקן די שטאָט, באַזוכט בולוואַרן, באַדפּלעצער, מוזייען און קונסט־אויס־שטעלונגען. געווען אויף קאָנצערטן און אין די נאַציאָנאַלע ביבליאָטעקן. אַבראַשאַ איז געווען אַנטציקט פון לערנען די אַרגענטינער געשיכטע; ער האָט ליב געהאַט שעהן און שעהן צו גריבלען זיך אין אַלטע אַרכיוון. איך פלעג מיד ווערן, און די טונקעלע זאַלן מיט די שווערע פאָליאַנטעס ביכער האָבן מיך געמאַכט סמוטנע. איך האָב ליב געהאַט די נאַטור. און ער — פאָרשונג און וויסנשאַפט...

עס איז געווען קענטיק, אַז אירע געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט

ווי צווישן דינעם געוועב... זי האָט געטראַכט, געשמייכלט, געטרויערט, מיך אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, זיי געקושט און געזאָגט:

— אַבראַשאַ איז געווען אַ טשודנער מענטש. ער האָט גיך אויסגע־לערנט די לאַנדשפּראַך און זיך געגרייט צו די עקזאַמענס. געלערנט בייטאָג און געלערנט ביינאַכט, ווייל אייגנטלעך האָט ער שוין געהאַט גע־ענדיקט אויף דאָקטער נאָך דאָרטן, אין ראַסיי. עס האָט אים נאָר געפעלט אָפּצוגעבן דעם לעצטן עקזאַמען און צו באַקומען דעם דיפּלאָם. אָבער עס האָט דאַן אויסגעבראָכן די מלחמה און אַלץ איז געבליבן הענגען אין דער לופט. די שפּאַנישע שפּראַך האָט אים באַצויבערט, ער איז געווען סעריאָזנע ביז גאָר. טויזנט מאָל האָט ער איינגעשטודירט יעדע מאַטעריע. ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, פון מיר, און איז געזעסן אין אַ ווינקל פון זאַל, הינטער אַ גרויס שפּאַניש ווענטל און האָט אַריינגעקוקט אין די ביכער, געלערנט, ווי אַמאָל אין דער מירער ישיבה און נאָכדעם — אין דער רוסישער גימנאַזיע.

אַ סך מאָל האָב איך אים צוגעטראָגן אַ טעלער מיט סאַנדוויטשן, אַ גלאָז מילך, און האָב מיך ביי אים געבעטן, גערעדט ווי צו אַ קינד

— נעם עפּעס אין מויל, אַבראַשאַ, נעם!

האָט ער מיר מיט אַ האַנט־באַוועגונג געהייסן שווייגן און, נישט קו־קנדיק אין מיין זייט, אַ בלייכער און אַ פאַרטוענער אין העברעע וועלטן, הויך אויף אַ קול, גלייך ווי ער וואָלט אָפּגעגעבן עקזאַמען, געחזרט צום הונדערטסטן מאָל יעדן וואָרט באַזונדער.

פלעג איך ווערן ברוגז, זיך וואַרפן אויפן דיוואַן אין די ווייכע קישנס און ווינען, ווינען, אַליין נישט ווויסנדיק פאַרוואָס...

ווען ער איז צום ערשטן מאָל געגאַנגען געבן עקזאַמען האָב איך אים נישט דערקענט. ער איז געווען אויסגעאיידלט ווי נאָך אַ לאַנגן שווערן תענית. זיינע גרויסע אויגן זענען געווען פול מיט אומרו און די האָר ביי די שלייפן גרויער. אָנגעטאָן אין זיין גימנאַזיע־קאָסטיום און מיט אַ פּאַק ביכער אונטערן אָרעם איז ער אַרויס פון שטוב זיך פאַרגעסנדיק אַפילו צו געזעגענען מיט מיר... איך בין אים נאָכגעגאַנגען און געווונטשן גליק.

ערשט ווען ער איז שוין געווען וווייט האָט ער זיך אומגעקוקט און שמייכלענדיק מיט אַ האַנט־צייכן געבעטן פאַרגעבונג. און איך בין געשטאַנען צווישן פאַרביקן בלומען־געפלעכט אין פאָדערשטן גאָרטן און געגאַפט אויף דער שיינקייט.

דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער. פון בלויען הימל האָט אַראָפּגע־

שײנט אַ מילדע, גאָלדענע זון און די קרױנען־קעפּ פון די געדיכטע בײמער בײ די טראָטואַרן האָבן זיך יחסנותדיק אױסגעצירט װי אין בראָשן פון טײערע פּערל און מיט געבענטשטע גילדענע קמיאות און די שטילקײט האָט אים נאָכגעקוקט און אײנײנעם מיט מיר, דאַכט זיך, געשראָקן פאַר עפּעס...

***

— מײן שרעק איז נישט געװען קײן אומזיסטע! — האָט זי אָפּגע־זיפצט. — יענעם טאָג װעל איך נישט פאַרגעסן! איך בין אַרומגעגאַנגען װי אַ צעחושטע. אַלע װײלע בין איך אַרױס צו דער טיר, געװאַרט, געזוכט מיט די בליקן, געזוכט מיט מײן האַרץ און מיט דער נשמה, און אַבראַשאַ איז נישט געקומען. בין איך אַרײן צו מײנע באַלעבאַטים, אַרומגעכאַפּט מאַרישאַן און זי געקושט און געדריקט צו מײן האַרצן:

— מאַרישאַ, מאַמעלע מײנע!... װאָס האָט געטראָפן מיט מײן מאַן?

זי האָט געגלעט מײנע האָר און מיט דעם זױם פון איר פאַרטעך געװישט די אױגן, זיך געצלמט אײן מאָל און נאָך אַמאָל און מיך געטרײסט:

— זאָלסט נאָר איבערגעבן דײן נשמה אין די הענט פון דעם אַלמעכ־טיקן, און ער װעט זיך דערבאַרעמען...

דעם גאַנצן טאָג בין איך געװען װי אײן שטיק פיבער. איך האָב נישט געװוּסט װאָס צו טון מיט זיך.

פאַרנאַכט, װען די לעצטע זונען־שטראַלן האָבן זיך באַהאַלטן צװישן די צװײגן, באַגילדט און געציטערט איבער די בלעטער מיט די בלומען פון גאָרטן, איז אַבראַשאַ געקומען אַהײם. ער איז געװען בלײך װי אַ טױ־טער און שטום. פון זײנע אױפגעריסענע אױגן האָט עס געטריפט מיט שרעק און מיט אומגליק. ער האָט אַװעקגעלײגט די ביכער אױף זײער אָרט, אױסגעטאָן דאָס גימנאַזיע־רעקל מיט דער שװאַרצער רובאַשקע און זיך אַװעקגעזעצט בײם טישל הינטערן װענטל. אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אױף די הענט, האָט ער זיך געהױדעט, געהױדעט הין און צוריק, װי ער װאָלט געזעסן שבעה נאָך עמיצן...

איך האָב נישט געהאַט קײן מוט אים צו טרײסטן... בין איך אַװעק צו מאַרישאַן און געװײנט און געװײנט.

אײניקע טעג זענען אַװעק. אַבראַשאַ האָט נישט גערעדט און כמעט נישט געגעסן און נישט געטרונקען. אין די נעכט פלעגט ער אומגײן אין

הינטערשטן גאָרטן, שפּאַנען ווי אַ נאַכט־וואַנדלער אַן אַרומגענומענער מיט שאָטנס, מיט גרויען פּחד און מיט ענדלאָזער באַליידיקונג.

די ערשטע צייט בין איך געווען לעבן אים, נישט געשלאָפן, נישט גערוט און טויזנט מאָל אַריינגערעדט אין אים:

— אַבראַשענקא, גיי און הייב אָן פונדאַסניי!...

ער האָט נישט געענטפערט. נאָר איין מאָל, ווען איך האָב געוויינט און געבעטן, האָט ער אַרויפגעלייגט זיינע ווייסע הענט אויף מיינע נאַקעטע אַקסלען, פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט מיט שרעק, אומגלויבן, און ער האָט מיר דאַן געזאָגט:

— דינאַ, דינאָטשקאַ! ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט?! אין דער היים בין איך דאָך געווען פון די בעסטע סטודענטן, און דאָ?!... דינאַ!...

איך האָב אים צוגעפירט צו דער שטיינערנער באַנק לעבן שווימבאַסיין און מיר האָבן זיך דאָרט אַוועקגעזעצט. עס איז געווען רויק. גאָלדענע שטערן האָבן זיך געשפּיגלט צווישן די בלויע צעפּאָכעטע וועלעכלעך פון וואַסער, און אַ רויטע לבנה, ווי אַן אָפן פּעסעלע בלוט, האָט זיך געוויגט איבער דעם הויף און האָט געוואָרפן רויטע פלעקן אויף זיין פּנים און אים צעבייטשט, צעדראַפּעט אַזוי, אַז זיין אויסזען האָט מיך געשראָקן.

— דינאַ, איך האָב נישט קיין גלויבן, נישט אין מיר און נישט אין די קאַטעדראַטיקער. מיינע קאָלעגן סטודענטן, האָבן געלאַכט פון מיר... און די פּראָפעסאָרן האָבן עס פאַרשוויגן... דינאַ, ווייל איך בין אַ ייד!... און עס וייטיקט מיך... מיר זענען דאָך נישט אין ניקאָלאַיס מדינה...

— ווייל דו ביסט אַ ייד מוזסטו אָנהייבן פונדאַסניי!... אונדזער וועג איז תמיד אַ שווערער און תמיד אַ גערעכטער!... די וועלט האָט אונדז פיינט, ווייל מיר זענען ווערטפול...

און איך האָב גענומען זיין האַנט און זי אַרויפגעלייגט אונטער מיין האַרץ... זיינע פינגער האָבן אָנגעהויבן ציטערן און דאָס פּנים באַלעבט מיט אַן איבערמענטשלעכער פרייד.

— יאָ, דינאַ! איך מוז אָנהייבן פונדאַסניי! איך מוז!... — האָט ער נאָך אַ לענגערן שווייגן אויסגערופן. — פאַרוואָס האָסטו עס ביז איצט אויסבאַהאַלטן פון מיר?!... דינאַ, איך וועל ווערן אַ פאָטער?!... איך?... — און טרערן האָבן זיך געוויזן אין זיינע קלאָרע אויגן.

***

— אָבער איך בין געווען שוואַך, — האָט זי געווישט דעם שווייס פון פּנים. און צו די זעקס חדשים געמפילט און געבליבן לעבנס־געפערלעך. האָב איך אים מער נישט געהאַט אין זינען. נישט געהיט זיין לערנען און אויך נישט די כּאַזיאַיסטווע. דער ראַסכאָד איז געווען גרויס און פּאַמע־לעכקע, פּאַמעלעכקע איז אונדזער געלט־רעזערוו געוואָרן קלענער; קיין איינקונפטן האָבן מיר דאָך נישט געהאַט.

מאַרישאַ, מיין באַלעבאָסטע, האָט מיך די ערשטע צייט, נאָך מיין מפּילה, אוכאַזשעוועט. זי האָט געפירט דיווירטשאַפט און די קיך, אָבער איין מאָל האָט זי מיר אין זייער אַן איידעלן טאָן געזאָגט מיט טרערן אין די בלויע אויגן:

— די פּאַנא מוז האָבן געבן זיך אַ געטרייע פּערזאָן, און איך בין אַלט און קראַנק, איך קען דער פּאַנא נישט געבן די נייטיקע אויפמערקזאַמקייט. וועל איך דיר צושטעלן אַן אָרנטלעכע פרוי, זי וועט דיך באַדינען, ווי מען באַדינט אַ געטן.

די פרוי וועלכע זי האָט אונדז געבראַכט איז געווען פון אַן אַלטן אינדישן אָפּשטאַם. אַ שטילער מענטש מיט קיילעכיקע שוואַרצע אויגן, ווי גרויסע געזשאַרעטע ניס, און פולע מיט לעבנס־חכמה. אַ קורצע, אַ פעסטע מיט אַ געדיכט לייב, מיט ברייטע קליבעס און מיט שמאָלע שוואַרצע צעפּ־לעך אַרום דעם קיילעכיקן קאָפּ, וואָס איז געזעסן טיף און נידעריק צווישן אירע ברייטע, כמעט מענערישע אַקסלען.

זי האָט געדעדט ווינציק און ערלעך געטון די שטוב־און קיך־אַרבעט. איך האָב אַלץ אונטערגעקרעגנקט, און אַבראַשענקאַ האָט זיך, ווי עס איז, אַריינגענומען אין די הענט און זיך ווייטער געגרייט צו די עקזאַמענס. ער האָט געמוזט האָבן לייטישע אַדיאַזשדא און מער פון אַלץ אַ רויִק געמיט כדי צו קענען שטודירן.

אין זאַל איז תמיד געווען שטיל און עפּעס ווי פּאַר אַ גרויס גע־שעעניש. אַלסיראַ, אונדזער שטוב־פרוי, פלעגט אַרומגיין אויף די שפּיץ־פינגער, און איך האָב מיך געגעסן אַ לעבעדיקע אויס מורא, אַז מיר וועלן היינט אָדער מאָרגן בלייבן אָן אַ גראָשן.

**
*

איין מאָל, ווען אַבראַשאַ איז אַוועק קויפן נייע ביכער, איז אַלסיראַ, מיין סלוזשאַנקע, צוגעקומען צו מיין בעט און מיט די הענט אויף איר

היוכן בויך און מיט אַ וואַרעמען שמייכל אַרום אירע גראָבע ליפּן און אַרום די טיף־געשניטענע אויגן־לעכער, אָנגעהויבן רעדן צו מיר:

— עס וואָלט געווען גוט, די באַלעבאָסטעלע זאָל פאַרלאָזן דאָס בעט און זאָל מער זיצן אין גאָרטן, אונטער דער זון. דאַן וועלן די בלוטן אַר־בעטן גיכער און דיין געמיט וועט ווערן לויטערער... אַ פרוי אין דיינע יאָרן דאַרף בליִען, דאַרף קינדלען!...

— אַלסיראַ, קום אַהער צו מיר! — האָב איך אויסגעשטרעקט מיינע שוואַכע הענט און האָב זי אַרומגענומען, געקושט און געפרעגט:

— וואָס זאָל איך טון? מיר איז שלעכט, און איך ווייס ניט ווי אַזוי אַרויסצוגיין פון דעם טויטן ווינקל, אַ לאַגע, וואָס האָט מיך מיט מיין מאַן איינגעשלאָסן ווי אין אַן אייזערנעם רינג...

— נישטאָ צוליב וואָס צו פאַרצווייפלען! — האָט מיך אַלסיראַ אַרומ־גענומען, געגלעט מיין קאָפּ און ווי אַ געטרייע מאַמע מיר געקוקט אין די אויגן אַריין. — דער באַלעבעסעלע וועט, מיט גאָטס הילף, ווערן אַ פּראָפע־סאָר, און דו וועסט לעבן ביי אים ווי אַ קעניגן. די געלערנטע לייט, באַ־לעבאָסטעלע, ווייסן ניט ווי ליב צו האָבן און ווי חשוב צו האַלטן אַ „זי"... אין דאָס גליק שטייט לעבן דיר און דו זעסט עס נישט... און ווען דאָס גליק ווערט באַליידיקט, גייט עס אַוועק, און אומזיסט זענען דאַן אונדזערע טרערן און אונדזערע טענות צום הימלישן באַשעפער.

— און דיין מאַן! — האָט זי זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט, ווי מורא האָבנדיק, אַז עמעצער וועט אויפכאַפּן אירע ווערטער. — ער איז אַ גרויס קינד... ער מוז האָבן אַ פעסטע האַנט, וואָס זאָל אים פירן, און דאַן וועט זיין ווויל צו אייך ביידן...

— ווען אַ מאַנספּאַרשוין איז צופיל נאָכגיביק, טויג עס נישט! — האָט זי געוואָרנט מיט אַ פינגער. — דער גורל וועט זיך אַמאָל בוקם זיין אין אים, און נאָכדעם וועסטו ליידן און עס וועלן ליידן אייערע קינדער... און דו מוזט זיין גענוג קלוג און גענוג ווייבעריש אויף נישט צו דערלאָזן, אַז דער חוזק זאָל זיך דאָ באַזעצן...

— וואָס פאַראַ שלעכטס, אַלסיראַ, זעסטו אין מיר? — זאָג, און איך וועל ווערן בעסער.

— איך זע אין דעם חושך פון דיינע אויגן, אַז דיין שיינע היים און דיין גוטער מאַן באַפרידיקן דיך נישט. דיין נשמה איז פאַרשפּאַרט ווי אין אַ קעסטל אָן לופט, אָן זון. און דאָס נעמט זיך פון דעם, ווייל דו ווייסט נישט ווי אָפּצושאַצן דעם ווערט פון אמתן גליק...

און אירע גוטע אויגן, ווי געזשאַרעטע ניס, זענען געוואָרן פול מיט טרערן, מיט ענדלאָזער זאָרג.

— דו האָסט מיך פיינט, אַלסיראַ? — האָב איך געפרעגט אַ באַליי־דיקטע, און זי האָט געשמייכלט און געענטפערט:

— ווען דו ווערסט דיך נייטיקן אין מיינע קרבנות, דאַן, באַלעבאָס־טעלע, ווערסטו זען צי איך האָב דיך ליב, אָדער „זיי", די אָפּגעקראָכענע אויסלענדער מיט די ווייסינקע הענטעלעך!... עס פעלט נישט קיין סך און דו ווערסט עס שוין פילן... — האָט זי ביטער געזיפצט און צוגעוואָרפן אַ בייזן בליק צום פענצטער פון מאַרישאָס קיכל.

איך האָב אָנגעהויבן נאָכצוטראַכטן וועגן אירע רייד, און וויפל איך האָב זיי געוואָלט מאַכן צו־נישט, איז אָבער דער אמת געווען שטאַרקער. און פאַמעלעכקע, פאַמעלעכקע, האָב איך מורא באַקומען פאַר מיר אליין, פאַר עפּעס אומערלעכס וואָס האָט גענעסטיקט אין מיין נשמה. און אַלסיראַ מיט אירע כישופדיקע אויגן האָט מיך דערגרונטעוועט און עס אַנטפּלעקט.

**
*

עטלעכע טעג האָב איך געהאַלטן אין מיר דעם סוד, און דאַן האָב איך דערציילט אַבראַשענקאַן אַלץ וואָס אַלסיראַ האָט מיר געזאָגט און וועגן דער מורא וואָס זי האָט אויפגעוועקט אין מיר.

האָט ער אויסגעדרייט צו מיר זיין איידל פּנים, אָפּגערוקט אַן אַ זייט די לערנביכער און, אויף זיין אופן, אומעטיקלעך און זיס געשמייכלט:

— דינאַ, דינאָטשקאַ! דו ביסט דאָך אַ ריין קינד, און דו ביסט נישט געבוירן עמיצן אָפּצונאַרן, און ווען דו ווערסט זיין אומגליקלעך לעבן מיר וועט עס דיר קיינער נישט דאַרפן אַנטפּלעקן... דו אַליין ווערסט עס פילן און ווערסט עס מיר זאָגן... און ווי שווער עס זאָל מיר דאַן נישט זיין, — האָט זיין שטים אַ ציטער־געטון — וועל איך דיך אָבער קיינמאָל נישט אָפּהאַלטן...

— שווייג!... — האָב איך אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין מויל. — דו שרעקסט מיך...

איך האָב געוויינט, און אין יענער מינוט האָב איך אים ליב געקראָגן מער ווי קיינמאָל ביז דאַן, — האָט זי אַן אויסגעשעפּטע און מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אַ גרויס רחמנות צו אים האָט

זיך אָנגעצונדן אין מיין האַרץ און אַ געפיל ווי פון אַ מאַמען צו איר קינד, צו אַ שוואַך, כשר און אומבאַהאָלפן יינגל.

בין איך איניקע טעג געווען גאַר צערטלעך צו אים, און ער האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין לערנען, אָבער פּאַמעלעכקע, פּאַמעלעכקע האָב איך ווידער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַלסיראַס רייד. איך האָב מיך געשראָקן פאַר דער מוראַדיקער שטילקייט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקל אין דעם גרויסן ליכטיקן און אומעטיקן זאַל. אַזוי אומעטיק און איינזאַם איז אויך געווען מיין געמיט...

***

— דאַכט זיך, אַז נישט וועגן דעם האָב איך געוואָלט רעדן, — האָט זי אָנגעשטרענגט פאַרצויגן די ווייסע ברעמען און פּאַוואָלינקע געפירט מיט אַ פינגער איבערן שטערן. — דער געדאַנק טראָגט שוין נישט אַזוי פיל... און אפשר ווייל אַלץ איז שוין אַזוי ווייט און פאַרצויגן ווי מיט אַ נעפּל?!... אָבער די ווונד, ווי עס ווייזט אויס, איז דאָך פאַרבליבן, אַ נישט־געהיילטע. יאָ!...

— טאַקע וועגן אים. יאָ! — האָט אַ שיין פון דערלייכטערונג אויפגעציטערט אַרום איר מיילעכל. — אַבראַשענקא האָט זיך ווידער געגרייט צו די עקזאַמענס, האָב איך געוואָלט ער זאָל האָבן אַ נייעם קאָסטיום. מיר איז איינגעפאַלן, אַז די היימישע גימנאַזיע־אַדיאָזשדא האָט אַרויסגערופן געלעכטער ביי זיינע חברים סטודענטן, און זייער לאַכן האָט אים צעמישט און צעפלאָנטערט ביים אָפּגעבן די עקזאַמענס און זיין פאַרלוירנקייט איז אויסגענוצט געוואָרן פון אַ פּראָפעסאָר, וואָס האָט נישט ליב קיין יידן. און ווער, מאַדאַם, האָט אונדז דען יאָ ליב, אַ? איי, איי!...

— נו, האָב איך אים געוואָלט מאַכן אַ סורפּריז. בין איך אַוועק צו מיינע באַלעבאַטים בעטן אַ קליינע הלוואה. עס איז געווען זונטיק. מאַרישאַ און סטאַש האָבן זיך געפונען אין אַ זייטיק קליין צימערל, ווו זיי האָבן אָפּגעריכט זייערע תפילות. צווישן הויכע וואַזאָנעס און טייערע כינעזישע בלומענטעפּ איז געשטאַנען אַ גרויס בילד פון דערלייזער און אַ בילד פון דער מוטער מאַריאַ. און אויף די ווענט אין די טיפע ווינקלען זענען געהאַנגען קליינע און טייערע באַרימטע הייליקע בילדער, אַרומגענומענע מיט פרישע קראַנצן ווייסע און בלויע רויזן. די פלעמלעך פון הויכע וואַקסענע ליכט צווישן די וואַזאָנעס און דער שמעקעדיקער רויך פון קליינעם ווייררויך־

לעמפּל אויף אַ טישל מיט אַן אָפן געבעטבוך אונטער די הייליקע בילדער, די ווייסע געזונקענע קעפּ פון מיינע קנ:ענדיקע באַלעבאַטים האָבן געוועקט אין מיר אַ געפיל פון דרך־ארץ. איך האָב נישט געוואַגט איבערצורייסן די הייליקע שטימונג, האָב איך מיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל און גע־וואַרט.

ווען זיי האָבן געענדיקט די תפילות בין איך צוגעגאַנגען צו מאַרישאַן, האָב אַרויפגעלייגט מיינע הענט אויף אירע און האָב איר איבערגעגעבן וועגן אַלץ, וואָס איך האָב געטראַכט און געדענקט צו טון.

בשעת איך האָב גערעדט האָט זי געהאַלטן דעם קאָפּ געזונקען, און דער מאַן איז געשטאַנען פונוויטנס און זיך צוגעהערט. ווען איך בין אָנט־שוויגן געוואָרן, האָט זי אויפגעהויבן דאָס פּנים, אַ רויקס און אַ ווייכס, אירע קליינע בלויע אויגן האָבן אויסגעדריקט מוטערלעך מיטגעפיל.

— מיר זענען אָרעמעלייט, פאַננאַ! — האָט זי איבערגעריסן די שטילקייט. — מיר לעבן פון אַ קליינער מלוכה־פּענסיע און דאָס אַלץ, וואָס דו זעסט דאָ, — האָט זי אָנגעוויזן אויף דעם אַרום — געהערט נישט צו אונדז... ווען די באַלעבאַטים וועלן צוריקקומען פון פראַנקרייך, וועלן מיר פאַרמאָגן נישט מער ווי די דאָזיקע הייליקע בילדער... אונדזער איינציק גליק, און מיר קענען דיר מיט גאָרנישט אַנטקעגנקומען.

איר ענטפער האָט מיך צעטומלט, ווייל איך האָב זי געהאַלטן פאַר מיין בעסטער און איינציקער פריינדין אין דעם נייעם פאַר מיר נאָך אומבאַ־קאַנטן לאַנד.

דער אַלטער איז צוגעקומען און עפּעס געוואָלט איינרוימען אין ווייבס אויער. זי האָט מיט אַן עלנבויגן אים אָפּגעשטויסן אָן אַ זייט און ווידער גערעדט און צוגעשאָקלט מיט דעם שנייזיקן קאָפּ און געגעבן צו פאַרשטיין:

— די פאַננאַ דאַרף נישט זיין געפאַלן ביי זיך. פאַראַן אויף דער וועלט מענטשן, דערצו נאָך גוטע און פרומע קריסטן. מיר האָבן דאָ קרובים און זיי וועלן רחמנות האָבן...

צוערשט האָב איך עפּעס ווי נישט באַנומען דעם גאַנצן עניין, אָבער ווען אירע אויגן זענען הענגען געבליבן אויף מיין גאָלדענער סערדעטשקע און ווי עפּעס געמאָנט, האָב איך געפרעגט

— וואָס, מאַרישאַ, דאַרף איך טון ?...

זי האָט אַ קוק־געטון צום אַלטן, און ער האָט מיט אַ ווייכער מיט־פילנדיקער שטים צוגעגעבן :

— אונדזערע קרובים זענען פּראַקטישע לייט... אָן אַ באַוואָרעניש וועלן זיי קיינעם נישט באָרגן קיין זלאָטע אַפילו...

דאַן האָב איך אַראָפּגענומען פון האַלדז מיין גאָלדענע סערדעטשקע מיט דעם קייטעלע און עס דערלאַנגט מאַרישאַן. האָט זי עס אַ וועג־געטון אויף איר דלאָניע, עס גיך אַראָפּגעלאָזט אין דער טיפער קעשענע פון איר ווייסן פאַרטעך מיט די רויטע שלאַרקעס.

— וואָס ווינציקער די פּאַננאַ וועט פאַרלאַנגען, אַלץ לייכטער וועט עס שפּעטער זיין אויסצולייזן... — האָט סטאַש גערעדט צו איר.

***

איך געדענק נישט גענוי וויפל זי האָט מיר אויפדערנאַכט געגעבן. איך געדענק אָבער, אַז דעם פּראָצענט פאַר די ערשטע דריי חדשים האָט זי גלייך אַראָפּגענומען, און קיין אַנצוג פאַר אַבראַשאַן האָב איך נישט געהאַט מיט וואָס צו קויפן...

און פּאַמעלעך־פּאַמעלעך האָב איך אַוועקגעטראָגן צו זיי די גרויסע זילבערנע לייכטער, געשטיקטע ליילעכער און דעקן מיט סערוועטן פון טייערן פּליוש און פון זייד, און תמיד זענען די פרומע, איידעלע פּאָליאַקן געווען רירנדיק־העפלעך, און תמיד האָט זיך עס איבערגעחזרט אויף דעם זעלבן אופן:

— וואָס ווינציקער די פּאַננאַ וועט פאַרלאַנגען, אַלץ לייכטער וועט עס איר שפּעטער זיין אויסצולייזן... אונדזערע קרובים זענען פרומע קריסטן, אָבער זייער פּראַקטישע לייט...

אַבראַשאַ האָט וועגן דעם אַלעמען נישט געוווסט! און ווען איך האָב מער נישט געהאַט וואָס צו פאַרזעצן, האָב איך צוגערופן אַלסיראַן און האָב איר געזאָגט:

— איך דאַנק דיר פאַר דיינע גוטע עצות און פאַר דיין ליבשאַפט. איך וועל דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַלסיראַ!

אירע גרויסע אויגן, ווי הייסע געזשאַרעטע ניס, האָבן אַ דרענג־געטון מיט רוגז, מיט ליבשאַפט, און זי האָט מיר איבערגעשלאָגן די רייד:

— די באַלעבאָסטעלע האָט נישט קיין רעכט מיך אָפּצוזאָגן פון דער אַרבעט. צי מאָן איך דען ביי דיר דעם חודשלעכן געהאַלט? און צי האָב איך פאַרדינט דיין אומצוטרוי? צי זיי, די ווייסע בלוי־אויגיקע „מלאכים", האָסטו זיך אָנגעטרויט!... — האָבן אירע בליקן געשפּריצט מיט שפּיציקער

פאַראַכטונג. — ווען דו וועסט עפענען דיינע אויגן, וועט עס שוין זיין צו שפעט, צו שפעט...

און ווייל איך האָב געשוויגן איז זי געוואָרן נאָך מער באַליידיקט. זי האָט געמאַכט אַ בינטל פון אירע וויעשטשעס און איז אַרויסגעגאַנגען. באַלד אָבער האָט זי זיך צוריקגעקערט און געזאָגט:

— זאָל די באַלעבאָסטעלע נישט זיין געפאַלן ביי זיך... דאָס לעבן איז אַ וואַגשאַל, און קיינער פון אונדז ווייסט נישט, ווי אַזוי ער וועט אויס־וועגן זיינע טעג, נאָר וויסן זאָלסטו, אויף דיר וואַרטן אַ סך שווערע צייטן... און נישט די בלוי־אויגיקע מלאכים וועלן דיר העלפן אין אַ נויט, נאָר איך, — די ווילדע, די אינדיאַנערקע, צו וועמען דו האָסט קיין צוטרוי נישט... — האָבן זיך אירע אויגן געבאָדן אין רוגז און באַליידיקונג.

***

אַ פאָר טעג נאָך איר אָוועקגיין בין איך נאָך אַלץ געווען סמוטנע און מוטלאָז: „אויף דיר וואַרטן אַ סך שווערע טעג" — זענען אירע ווערטער אומגעלאָפן אין מיר און עפעס געוואָרנט. אַבראַשענקאַ האָט וועגן קיין זאַך נישט געוווּסט. ער איז געווען פאַרטון אין לערנען. נאָר איין מאָל האָט ער צוגעגרייט די קאַווע, ווייל איך בין געווען נישט מיט אַלעמען. האָט ער געזוכט אין די פּודלעס פון פעטשעניא, אויפגעמאַכט איינע נאָך דער אַנ־דערער און אַן אומגעדולדיקער זיי צוריק צוגעמאַכט און אַריינגעשטעלט אין קאָמאָד, געזוכט אין די שאַפקעלעך, און צום סוף זיך געווענדט צו מיר:

— דינאַ, דינאָטשקאַ! ווו איז דער סאַכאַר? ווו איז די פעטשעניאַ? וואָס פאַר אַ כאַזיאַיסטווע פּירסטו?...

איך בין געלעגן אויפן דיוואַן, געקוקט און געשוויגן. זענען זיינע אויגן געוואָרן גרעסער, עס האָט געטריפט פון אים מיט שרעק און מיט אומגלויבן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שווייגנדיק אַראָפּגעשאַרט די אַרבל פון העמד, אָנגעטאָן דאָס רעקל און אָן צו זאָגן אַ וואָרט איז ער אַרויסגעגאַנגען.

אָט אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן.

***

עטלעכע טעג פּאָדריאַד איז ער אויפגעשטאַנען פאַרטאָג און געגאַנגען זוכן אַרבעט אַלס בוכהאַלטער, און ווען דאָס איז אים נישט געלונגען, איז ער געוואָרן אַ וועכטער אין אַ גרויסער לעדער־פאַבריק.

ער איז געווען צופרידן פון דער אַרבעט. בייטאָג פלעגט ער רוען און ביינאַכט דאָרטן אין מאַגאַזין לערנען. עס האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז מיר זענען שוין אַרויף אויף דעם ריכטיקן וועג. אַבראַשאַ איז געוואָרן באַרעדעוודיק און ווען ער פלעגט מיר ברענגען זיין געהאַלט, האָט ער, אויף זיין אופן, געשמייכלט שעמעוודיק און געזאָגט:

— איצט, דינאַ, בין איך געוואָרן אַן אמתער מענטש; איצט עסן מיר דאָס ברויט, וואָס איך, דיין מאַן, האָב פאַרדינט, און נישט פון דעם פּאַפּאַ־שאַס האָרעוואַניע... אַך, ווי געשמאַק עס איז אַזאַ ברויט... ווי גוט!...

איך בין געוואָרן רויקער, כאָטש אין מיר איז די שטילקייט געווען אַ טויטלעכע, ממש אַנצוטאַפּן זי מיט דער האַנט, אָט ווי איך וואָלט פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ מצבה. אָבער קיין ברויט אין שטוב האָט מער נישט געפעלט. און דאָס איז געווען אַ גרויסע אורזאַך נישט צו זיין אומגליק־לעך, איך האָב עס דאַן נישט געוווּסט...

**
*

איינמאָל קומט מיין אַבראַשאַ אַהיים אַזאַ באַטריבטער און אַ שוויינג־דיקער. איך זיץ ביים פענצטער און שטריק אַ סוועטער פאַר זיינעטוועגן.

— וואָס איז געשען, אַבראַשאַ ?— פרעג איך אים.

ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און אויף זיין אופן אַ פאַרשעמטער געענטפערט:

— דינאַ, איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן נאַראָד. דער כאָזיאַין האָט מיר שוין אייניקע מאָל געזאָגט, אַז עס פעלט אים סחורה פון מאַגאַזין...

— און וואָס האָסטו אים געענטפערט, אַבראַשענקאַ? — האָב איך אַ דערשראָקענע איבערגעפרעגט.

— גאָרנישט. וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן!? ער איז אַ מערזאַוויעץ. ער מוז וויסן, מיט וועמען ער האָט צו טון, דער כאָזיאַין!...

איך האָב מער נישט גערעדט. איך האָב געזען, אַז זיין נשמה האָט זיך געשפּאָלטן אין שטיקער און גייט אָפּ אין בלוט...

האָט ער פאַרלאָזט דעם פּאָסטן און זיך אָפּגעזוכט אַ צווייטן. ער איז געוואָרן אַ שמאַטע־קלייבער, אַמאָל אַפילו איבערגעלאָדנט פרוכט אויף די מערק און איז אַפילו געווען אַ שיק־יינגל אין אַ יאַטקע. אָבער דאָס לערנען האָט ער נישט אויפגעגעבן.

פּאַמעלעכקע איז ער געוואָרן שטיל, גאָר שטיל, און אַ ביסעלע געבויגן. ווען ער פלעגט אַהיימקומען פון דער אַרבעט פלעגט ער מיר תמיד ברענגען אַ פּעקעלע מיט פּרוכטן, פליישׁ און פּעטשעניע. און אַזאַ שעמעוודיקער אויף זיין אופן פלעגט ער מיר זאָגן:

— דינאָטשקאַ, מאַך אַ גלעזעלע טשאַי. ס'איז מיר טרוקן אויפן האַרצן פון רעדן אַזוי פיל מיטן נאַראַד...

און ער האָט אויסגעטאָן דעם אַלטן פאַרפלעקטן אָנצוג מיט דער רו־באַשקאַ, זיך אויסגעבאָדן און אָנגעטאָן זיין גימנאַזיע־בלוזע מיט ווייסע הויזן או זיך באַגאָסן מיט טייערע דוכי. וואָס מיר האָבן געבראַכט פון פראַנק־רייך, און דאַן אַ לויטערער — ווי אַן אויסגעלייזטער פון זיינע ליידן — זיך אַוועקגעזעצט הינטערן שפּאַנישן ווענטל ביי דעם טישל מיט זיינע ביכער און ווידער שעהן און שעהן, אָפּטמאָל ביז אין די שפּעטע פאַרטאָגן, גע־לערנט, אַ סך מאָל פאַרגעסנדיק אַפילו אויסצוטרינקען די גלאָז טיי וואָס איך האָב אים דערלאַנגט.

די נאַכט האָט אַריינגעקוקט דורך די פענצטער און מיך נישט געלאָזט רוען.

— אַבראַשענקאַ! — פלעג איך רופן פון בעט אַרויס, — גיי אָפּרוען, באַדאַרפסט דאָך באַלד ווידער גיין אַרבעטן. — און ער האָט נישט געענט־פערט. בלויז זיין מורמלען און טויזנט מאָל איבערחזרן יעדעס וואָרט פון די ביכער האָט אָפּגעשלאָגן אין דער בלייכקייט פון די ווענט און ווי אַ געבעט צו גאָט אַרויסגעפלויגן פון זאַל און זיך געהוידעט און געוויגט צווישן די צווייגן פון צעבליטן בוים־געפלעכט הינטער די אָפענע פענצטער. זיין געברום האָט זיך ווי אַ גרויער פויגל געוויגט אַהין און צוריק און גע־וועקט אין מיר אַ געוואַלדיקן פּחד...

איך האָב געפילט, אַז פון זיין איבערגעבראָכענער נשמה האָבן זיך אַרויסגעריסן טענות צו דער וועלט, צו די מענטשן וועלכע האָבן גע־בראַכט אויף אונדז אַזוי פיל אומגליקן... און אפשר אויך טענות צו זיך אַליין, אָבער דאַן איז שוין געווען שפּעט, צו שפּעט!... — האָט זי מיט באַדויערן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — צו שפּעט!...

— איך האָב נישט באַנומען דעם סעריאָז פון אונדזער לאַגע. און ווען די נויטבאַדערפטיקע ווערן ברוגז מיט זייער דאָליע איז עס אַן אומגליק. די דאָליע נעמט פון דיר נקמה, און דיין נאַיִווער שטאָלץ קאָסט דיר טייער, צו טייער...

**
*

איך בין ווידער געוואָרן שוואַנגער, און אַז דעם וויסן פֿון מיין אַבראַ־שאַן, בין איך אַוועק צו מיין דאָקטער און געבעטן ער זאָל מיר מאַכן אַן אַבאָרט. ער האָט אַפּירגעקוקט פֿון אונטער זיין ברייטן שטערן מיט די טונ־קעלע רינגען אַרום די טיף־געשניטענע אויגן־לעכער און צו מיר געזאָגט:

— דינאַ, דו מוזט האָבן אַ קינד, און דאַן וועסטו ווערן געזונט פיזיש און אויך מאָראַליש...

— וואָס מיינט איר מיט דעם צו זאָגן? — האָב איך געפרעגט אַן אויפגערעגטע פֿון שרעק און ער האָט מיר געענטפערט:

— דו מוזט אומבאַדינגט האָבן אין ווערמען צו פלאַנצן דיין ליבע! אַ קינד וועט דיך ראַטעווען!... — האָט ער מיך היימיש אַנגענומען ביי די אַקסלען און מיך אַרויסגעפירט פֿון זיין קאַבינעט.

די שוואַנגערשאַפט איז געווען אַ שווערע. איך האָב געמוזט ליגן צו־בעט. עס האָט אויסגעפעלט דער גראַשן. האָב איך געבעטן שכנים, זיי זאָלן מיר נאַרייען אויסצוהעפטן בלומען און בוקוועס. פלעג איך אַזוי, אַן אָנ־געשפּאַרטע אין די קישנס, זיצן אין בעט און אַרבעטן אָן אַ ציל, אָן אַ סדר און אָן ווילן צום לעבן.

בלייך און שוואַך בין איך געווען ווי נאָך אַ געפערלעכער קרענק. עס האָט אויסגעזען, אַז די שוואַנגערשאַפט וועט געדויערן צען אייביקייטן, און ערשט דאַן וועל איך געבוירן אַ קריפּל, אַ נפש וואָס קומט אויף דער וועלט אָן דער צושטימונג, אָן דער באַגייסטערונג פֿון די טאַטע־מאַמע, קומט כדי אָפּצוקומען פאַר עמיצנס זינד.

אַבראַשענקא האָט געביטן און געביטן די פּאָסטנס. ער איז תמיד גע־ווען צעשראָקן און געפאַלן ביי זיך ווי אַ מויער אָן אַ פונדאַמענט.

איך האָב ענדלעך געבוירן אַ מיידעלע, אַ קינד ווי אַ קיקלאָטשקע, — האָט זי אויפגעהויבן צו מיר אַ בליק פֿון נצחון. — אָבער אַ ווינעקע איז עס געווען און אַ נאַשערן, קיין בייז אויג... ס'האָט געזויגן אין געזויגן, זיך איינגעגעסן ווי אַ פּיאַווקע אין די וואָרצלען פו מיינע אויסגעליידיקטע ברוסטן. אין שטוב איז תמיד געווען אַן אומאָרדענונג, און סיי איך און סיי אַבראַשאַ פלעגן שעהן־לאַנג זיך אָפּגעבן מיט דער קליינער. און ווען זי האָט זיך ענדלעך געזעטיקט פלעגט זי אויפמאַכן אירע גרויסע בלויע אויגן און דאָס ראָזעווע פנימל מיט די פאַרנאַשטע סענסועלע ליפּן האָבן גע־שמייכלט.

— דינאַ, דינאָטשקאַ! — פלעגט זיך אַבראַשאַ איינקוקן אין איר און

זיך פרייען. — וועסט זען אין קינדס מזל וועל איך באַקומען דעם דיפּלאָם. איך בין איצט אַזוי רויק, אַזוי זיכער, אַז דו קענסט זיך קוים פאָרשטעלן...

ער איז דאָס צווייטע מאָל אויך דורכגעפאַלן... ביז היינט פאַרשטיי איך עס נישט... — האָט זי אַ געבראָכענע געזיפצט, ווי זי וואָלט אָט ערשט ווידער געשטאַנען פאַר יענע ביטערע דערפאַרונגען.

איך האָב נישט באַנומען, אַז עס זענען פאַראַן גורלות, צו להכעיס־ניקעס, און מען מוז זיין שטאַרק קעגן זיי... אַבראַשאַ איז געוואָרן שטום און האָט אויפגעהערט לערנען. אין שטוב איז אומגעלאָפן די עלנט און איך האָב ניט געוווסט ווי אַזוי צו העלפן מיין מאַן, ווי אַזוי אים זאַסטאַוויען לער־נען, אָנהייבן פונדאָסניי, אָנהייבן נאָך אַמאָל און ווידעראַמאָל, ביז מיר וועלן בייקומען די צעווילדעוועטע דאָליע אונדזערע.

ווען עס האָט זיך אויסגעליידיקט די טאָרבע פון ברויט און עס זענען ליידיק געוואָרן די פודלעך פון פעטשעניע און פון צוקער מיט זשערבע, האָב איך קוים מיט מי אויפגעהויבן פון פאָדלאָגע דעם שוואַרצן קאַוויאָר אין פערסישן סטיל, אים צונויפגעדרייט, צונויפגעבונדן און אַריינגעטראָגן צו מיינע באַלעבאַטים. האָבן זיי זיך איבערגעקוקט ערנסטע און עפּעס ווי צעשראָקענע.

האָב איך דעם קאַוויאָר אַוועקגעלייגט אויף אַ שטול אין די אַלטע האָט אים פונווייטנס מיט אירע בליקן באַטאַפּט און געשאַצט זיין ווערט. די גרויסע בלומען און בלעטער אויף דער שוואַרצקייט פון קאָוויאָר, אַ גע־וועבטן פון טייערסטן וואָל מיט זייד דורכגעשלאָגן, האָבן באמת אויפ־געריסן די אויגן.

דער מאַן איז געשטאַנען פונווייטנס און אַן אָנגעשטרענגטער ווי פאַר אַ גרויס געשעעניש געקוקט פון דער גרויסער ליולקע, געטראַכט געטראַכט און נישט אויפגעהויבן צו מיר זיין בליק. מיט די פינגער האָט ער דורכגעקעמט זיינע ברייטע ווייסע שפּיצן וואָנצעס.

מאַרישאַ האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— גיי, סטאַש, צו מאַניקן אונדזער רייכן קרוב און פרעג אים, צי איז ער וויליק אויסצובאָרגן נאָך אייניקע פּעזעס פאַר דער פאַנא...

מיר איז דאַן גאָרנישט אָנגעגאַנגען. איך האָב שוין נעהאַט געביטן מיין מיינונג וועגן זיי, ווייל די צייט פון מיין שוואַנגערן און איבערהויפּט, זינט זיי האָבן דערשנאַפּט, אַז אונדזער געלט־רעזערוו האָט זיך געקאָנ־טשעט, האָבן זיי אונדז כמעט אויסגעמיטן.

סטאַש האָט אָנגערוקט דאָס קיילעכיקע היטעלע אויף זיין ווייסן קאָפּ.

און ווען ער איז זייטיק מיך פאַרבייגעגאַנגען האָט ער ווי צו זיך אַליין גערעדט:

— וואָס ווינציקער די פּאַנא וועט פאַרלאַנגען איצט, אַלץ לייכטער וועט עס איר שפּעטער זיין אויסצולייזן...

**

ביסלעכווייז איז מיר במאס געוואָרן אַזאַ לעבן. עס האָט זיך מיר אָנ־געהויבן צו דאַכטן, אַז די וועלט און דער באַראָד זענען וואַניאַמשע... און עס לוינט זיך גאָר נישט צו ווערן דערנידעריקט און צו שלעפּן און שלעפּן אויף זיך די שווערע לאַסט פון אַ געמוטשעט לעבן.

אַבראַשענקאַ האָט מיר אַמאָל געזאָגט:

— דינאַ, מיר שטייען איצט ווי אויף צעוויגטע כוואַליעס אינמיטן ים. די וואַסערן וואַרפן אונדז און טראָגן פאָרויס, פאָרויס, און אַז מיר וועלן קוקן נאָר אויף צוריק זענען מיר פאַרלאָרן...

— און ער איז געווען גערעכט, — האָט אַ דינע בלייכקייט אויפגעצי־טערט אַרום אירע האַלב־געשלאָסענע אויגן־דעקלעך, אַרום די אָנגערוקטע קנייטשלעך און פעלבעלעך אויף די שלייפן, פעלבעלעך ביז העט אַראָפּ אונטער די קינבאַקן.

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און גערעדט ווי צו זיך אַליין:

און עס איז נישט קיין ווונדער דאָס נישט קענען זיך צופּאַסן צו דער ברוטאַלער זייט פון טעגלעכן לעבן. מיר זענען דאָך געווען ווי אָפּגעריסענע צווייגן פון אַן אַלטן געזונטן בוים. פון קינדהייט אָן צוגעוווינטע צום ראָש־קאָשנעם לעבן און צו אַ געפיל פון אַ רייכער צוקונפט. אַבראַשאַס פּאַפּאַשאַ איז געווען מיין מאַמאַשעס ברודער. ער האָט געהאַט גרויסע פאַבריקן פון שיך, פון קליידער און פון מענער־קאָסטיומען. אַ פאַרנומענער מענטש גע־ווען, דער דיאַדיושקאַ, אָבער תמיד אַ פריילעכער, אַ געזונטער און פול מיט פּלענער. ער האָט ליב געהאַט צו בויען און סטראָיען. געלט האָט ביי אים נישט געשפּילט קיין ראָליע. ער האָט געשאַפן שולן פאַר די קינדער פון זיינע הונדערטער אַרבעטער און וווינונגען אַרום די פאַבריקן, געשאַפן אַ שפּיטאָל און אַ שפּאָר־קאַסע פאַר זייערטוועגן.

דעם דיאַדיושקאַס נאָמען האָט געהאַט אַ שם איבער אַלע שטעטלעך פון גרויס ראַסיי. ייִדן און קריסטן פלעגן קומען צו אים בעטן הילף און

בעטן עצות, ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון זייער שווערער דאָליע, און ער האָט זיי געהאָלפן.

די טיאָטיאַ, אַבראַשענקאָס מאַמאַשאַ, איז געווען ווייט פון צו זיין אַ מבין אויף אים. אַליין אַ שוואַכינקע, אַ בלייכע און תמיד אַ באַזאָרגטע וועגן איר געזונט־צושטאַנד, האָט זי נישט געקענט ליידן דעם דיאַדיושקאָס פרייד און זיין אונטערנעמונגס־גייסט. אירע גרויסע מילך־ווייסע אויגן און דאָס ווייסע איידעלע פנים מיטן געשניצטן מויל זענען געווען ווי אַ שטיק כמאַרע. אַבראַשאַ איז געווען ווי אַ קאָפּיע פון זיין מאַמאַשאַן.

ווען זיי פלעגן אין צייט פון קאַניקולן קומען צו אונדז אין בעסאַראַבישן דאָרף פלעגט דער דיאַדיושקאַ אויפלעבן. ער פלעגט ליב האָבן דעם וואַלד און דעם טייך. ער פלעגט מיך מיטנעמען אויף יעדן אויספלוג און אויף יאַגד אין די אַרומיקע וועלדער.

אַבראַשענקא מיט דער טיאָטיאַ פלעגן פאַרברענגען אין לייענען ביכער, קוקן אויף די שטערן און באַוווּנדערן די טיפקייט פון דאָרפישן הימל און די געזונטקייט פון די דאָרפישע יידישע זין און טעכטער.

און סע איז געווען וואָס צו באַוווּנדערן! — האָט זי אומעטיק געשמייכלט. — איך בין געווען דעם דיאַדיושקאָס ליבלינג. ער פלעגט מיך נעמען צו זיך אַהיים אין דער ווייטער גובערניע, איך בין געווען גליקלעך. פאַרשטייט זיך ,אַז ער פלעגט מיך תמיד האַלטן לעבן זיך און מיר פאַרשאַפן, ווי מען זאָגט, דאָס טעלערל פון הימל.

אַבראַשענקא איז געווען עלטער פון מיר מיט צוועלף יאָר. פלעגט ער מיך אַרומטראָגן אויף די פּלייצעס און מיך אָפּהיטן ווי דעם טייערסטן אוצר. ער פלעגט מיר דערציילן סטיכן און פאַרלייענען פּעסניעטשקעס, און אין די פאַרנאַכטן פלעגט אונדז איוואַן, דעם דיאַדיושקאָס קוטשער, אומפירן שפּאַצירן אין דער קאַרעטע, אַ פאַיעטאָן מיט רויטן סאַמעט אויסגעבעט.

אַבראַשענקאַ פלעגט האַלטן מיינע הענטלעך אין זיינע און אַזוי אין אַ ווינקל פון דער קאַרעטע, אַן אָפּגערוקטער פון מיר קוקן און קוקן אין מיינע אויגן און שמייכלען. דער וואַלד האָט זיך געבאָדן אין שטילע געזאַנגען און רויטלעכע פאַרבן פון אַ זון, וואָס האָט זיך געוויגט אויף די קרוינען פון די ביימער.

אַבראַשאַ האָט מיר אויסגעלערנט שווימען און שפּילן גיטאַרע. איך האָב ליב געהאַט די טיפקייט פון די וואַסערן און ליב געהאַט דעם גרינעם וואַלד און דעם וואַזדוך פון די וויינשל־ביימער.

אַזוי ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָב איך מיך צוגעבונדן צום דיאַ־

דיושקאַ און האָב מיך צוגעזעגנט צו דעם ראַסקאָש, צום לוקסוס און צו זיינע צערטלעכקייטן, און מער פון אַלץ צו זיין ברייטהאַרציקייט, וואָס איז אויך געווען מיינע אַ געבוירענע אייגנשאַפט, און ער האָט זי געליבט, יענע אייגנשאַפט און אין מינוטן פון פרייד ווען מיר פלעגן פאָרן שפּאַצירן אין קאַרעטע האָט ער מיר נישט איינמאָל געזאָגט:

— דינאַ, דינאָטשקאַ! איך וואָלט ווערלן לעבן טויזנט יאָר, נאָר כדי צו לערנען דעם נאַראָד ליב צו האָבן דאָס לעבן און צו זיין ברייט ווי די וועלט.

און זיין גרויס פּנים מיט דעם שוואַרצן בערדל ווי אַ קיילעכיק קרענצל פון זייד און זיינע טיפע ברוינע אויגן האָבן געשמייכלט און מיך אָפּגעגאָסן מיט ימים ליבשאַפט און טרייהייט.

— ווען דער נאַראָד, דינאַ, וועט ביי דיר צורויבן דאָס געלט זאָלסטו נישט וויינען, זאָלסט אָבער זיין פאַרזיכטיק מיט דעם גלויבן אין אים... עס וועט זיין אַן אומגליק ווען זיי וועלן פאַרשווערכן דעם גלויבן. געדענק עס גוט.

און ער האָט געהאַט רעכט, — האָט זי אַ וואָרן־געטון מיט אַ פינגער און פאַרלעגן געשמייכלט.

***

איין מאָל האָט דער דיאַדיושקאַ מיך אַריינגערופן אין זיין קאַבינעט. טונקל איז דאָרט געווען און וואַרעם. די צוויי ברייטע דיוואַנעס און די שטולן ביים שרייב־טיש זענען געווען באַצויגן מיט טייערן רויטן סאַמעט. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ גרויס באַרעמט פאַמיליען־בילד און אַן אַלטע זילבערנע אַכטעריקע מנורה.

דער דיאַדיושקאַ האָט אויפגעמאַכט אַ פאָרטקע אין גרויסן פענצטער און האָט אַראָפּגעלאָזט דעם שווערן פאַרהאַנג פון רויטן פּליוש. דאַן האָט ער פאַרויכערט אַ ציגאַר, געמישט די בלעטער פון אַן אַלטן ספר, גע־שמייכלט און געברומט אַ חסידישן ניגון.

דער ווינט און די זאַווערוכע הינטערן פענצטער האָבן געקלאַפּט, גע־קלאַפּט און געריסן די לאַדנס און פון ערגעץ ווייט האָבן זיך דערטראָגן וויינענדיקע קלאַנגען פון אַ פידל. איך בין געווען רויק און גליקלעך. קיין זאַך האָט מיך נישט געקענט מאַכן סמוטנע.

דער דיאַדיושקאַ האָט אָנגענומען איינעם פון מיינע לאָקן און אים

געהאַלטן אויף זיין דלאָניע, אים באַקוקט און געקוואָלן, געקוואָלן און דאַן האָט ער צו מיר אַ זאָג־געטון:

— דינאַ, דינאָטשקאַ, דו ביסט שוין אַ באַרישניאַ פון זעכצן יאָר. איך ליב דיך נישט ווינציקער ווי מיין אייגענעם זון און אפשר נאָך מער! — איז די פּאַרטיפּטקייט פון זיין בליק אַריינגעפאַלן אין מיינע אויגן, — ווייל דו ביסט ווי אַ שטיק פון מיין לעבן, פון מיין נשמה... אַבראַשענקאַ איז געראָטן אין זיין מאַמאַשאַ... ער איז אַ פילבאַר יינגל, אָבער אַ שע־מעוודיקער, און ער האָט ליב דעם שטודיום, און דו — דאָס לעבן... נאָך וואָס דאַרפסטו ווערן אַ זובנאַי ווראַטש? נאָך וואָס דאַרפסטו זאָרגן פאַר דיין צוקונפט?... איך האָב דיך שוין פאַרזאָרגט, דינאָטשקאַ!... — האָט ער צוגעטראָגן מיין לאָק צו זיין נאָז און אים אַרומגעשמעקט, זיך געקוויקט ווי מיט דעם בעסטן פּאַרפום.

— ווער נישט רויט, דינאַ!... אַבראַשענקאַ ליבט דיך אָן אַ גרענעץ, צוליב דיר קען ער נישט לערנען, און ער שעמט זיך צו זאָגן דיר וועגן זיינע געפילן...

איך בין געבליבן ווי צעמישט און נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. דאַן האָט מיך דער דיאַדיושקאַ אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול אַנטקעגן זיך, אַריינגענומען מיינע הענט אין זיינע, און האָט גערעדט צו מיר מיט אַ טיף קול און מיט זיין גאַנצער נשמה:

— דו ביסט נאַיוו און פאַרליבט אין לעבן, און דער ערשטער בעס־טער שאַרלאַטאַן וועט דיך, דינאָטשקאַ, באַצויבערן און ער וועט דיין ראָ־מאַנטיש האַרץ אָנצינדן און פאַרברענען, און דו וועסט שפּעטער בלייבן ווי אַן אויסגעברענטער דאָרן... ווייל דיין נשמה איז קלאָר ווי אַ שטיק איידעלער זייד, און דער מינדסטער פלעק אויף איר וועט זיך אָנזען און וועט אַרויסקוקן דורך דיינע וווּנדערלעכע אויגן און דו וועסט זיין אומגליק־לעך, דינאָטשקאַ...

און ער האָט מיט אַ טיכעלע אָפּגעווישט די טרערן, וואָס האָבן פּלוצים אַ פלייץ־געטון פון מיינע אויגן. ער האָט ווידער גערעדט און מיר געגעבן צו פאַרשטיין:

— דו מיט אַבראַשענקאַן זענען אַ וווּנדערלעכע פּאָר! דיין פרייד, דיין ברייטקייט וועלן אים מיטרייסן. זיין רויִקייט און זיין צוטרוי צו דיר, זיין איידעלע נאַטור און זיין ריינקייט, אָט אָ די וווּנדערלעכע אייגנשאַפטן אָן וועלכע דו וועסט נישט קאָנען לעבן, — וועלן דיך איינוויקלען אין פליגל פון קדושה, און איך מיט דער טיאָטיאַן וועלן אייך באַהענגען מיט רייכ־

קייט און גליק. איר וועט אונדז געבן אַ סך אייניקלעך, און ווען אַבראַ־שענקא וועט באַקומען זיין דאָקטער־דיפּלאָם וועלן מיר אַלע אינאײנעם פאָרן קיין ציריך און מיר וועלן זיך דאָרטן איינאָרדענען... אַבראַשאַ איז געבוירן נאָר צום לערנען, נאָר פאַר דער וויסנשאַפט, און אַז מיר וועלן אים נישט פאַרלאָזן וועט ער ווערן אַ גרויסער מאַן. ער מוז האָבן אונדזער וואַכזאַמקייט... — האָט ער אָפּגעקלאַפּט אין אַשבעכער דאָס אַש פון זיין פּאַפּיראָס און האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום גרויסן פאַמיליען־בילד.

— דו פאַרשטייסט, דינאָטשקאַ, — האָט ער אַרויסגענומען פון שופ־לאָד פון זיין שרייבטיש אַ לאַנגע שנור טייערע פּערל און האָט זי אייניקע מאָל אַרומגעוויקלט אַרום מיין האַלדז. — דו ביסט געבוירן, מיין קינד, אין אַ גליקלעכער שעה. און אַז דו וועסט פאַרשטיין אָפּצושאַצן און אויס־צונוצן דיין גליק וועסטו לעבן ווי אין אַן ערדישן גן־עדן...

ער האָט אויסגעדרייט מיין פּנים צום גרויסן געשליפענעם וואַנט־שפּיגל איבער דעם שרייבטיש. — די פּערל פּאַסן דיר... זיי זענען ביי אונדז אַ ירושה־קרוין, די פּערל. מיין עלטער־באָבע, דינעלע די צדיקת, האָט זיי געקראָגן אַ כלה־מתנה פון איר שווער, אַ רייכן וואַלד־סוחר... און איצט זענען די פּערל דיינע! און דו זאָלסט ווערט זיין זיי צו באַזיצן...

נאָך דעם האָט ער אַרויסגענומען פון שופלאָד אַ גרויסן אַלבום מיט פאַמיליען־בילדער און האָט מיר געוויזן אַ בילד פון זיין זיידע־באָבע. אויך זי איז געווען אַ קליינינקע מיט אַ הויכן פאַרוק אויף איר קליין קעפּל און מיט אַ שוואַרצן פלעק ביים רעכטן שליף, און די דאָזיקע פּערל, וואָס האָבן איצט באַצירט מיין האַלדז האָבן אין עטלעכע בייטשן שווער אַראָפּגעהאַנ־גען אויף איר שמאָלער ברוסט.

דער דיאַדיושקאַ האָט נישט געקענט אָפּרייסן זיין בליק פון דעם דאָזיקן בילד און ער האָט גערעדט אין טאָן פון הייליקייט און דערביי בעגלעט מיינע לאָקן:

— די באַבושקאַ דינאַ האָט געלאָזט אַ צוואה, אַז די פּערל וועלן גע־הערן צו אַן אייניקל און צו אַן אור־אייניקל, וואָס וועט טראָגן איר נאָמען און וועט זיין אַזוי ברייטהאַרציק און אַזוי ריין ווי זי איז געווען. די באַ־בושקאַ האָט געהאַט אַ שם סיי מיט איר חכמה און סיי מיט איר טיילן צדקה; געדענק עס גוט,מיין קינד!...

— און איך בין עס דען, דיאַדיושקאַ? — האָב איך געפרעגט אַ גע־רירטע, און ער האָט מיר געענטפערט. — ווען דו זאָלסט עס נישט זיין, דאַן וואָלט דיך אַבראַשענקא נישט געליבט, און איך מיט דער טיאָטיאַ

וואָלטן דיך נישט אויסדערוויילט צו בלייבן אויף אייביק אין דער פאַ־מיליע... און צו ברענגען אַ נייעם דור און א נייע קרוין אויף אונדזערע קעפּ...

— און עס איז געווען אַזוי פּשוט און איינפאַך!... — האָט זי איבער־געטראָגן אַן אומעטיקן בליק צו די ראָזע און געלע שטרייפן זון, וועלכע האָבן זיך ווי אַ זיידענער פאָרהאַנג געלייגט הינטער דעם אָפענעם פענצ־טערל און דאָס נעדעלע צווישן אירע פינגער האָט דערביי אונטערגע־ציטערט.

**

— איך האָב גאָרנישט באַנומען דעם סעריאָז פון ווערן געהייראַט — האָט זי ביטער געזיפצט. מיין מאַמע איז געווען גליקלעך און איך — אויך. דער דיאַדיושקאַ איז געווען אַזאַ גוטער, אַזאַ ברייטהאַרציקער ווי קיין שום אַנדער מענטש וואָס איך האָב אין מיין לעבן באַגעגנט. ער האָט געשטאַמט פון וואַלד־סוחרים, און איך האָב געהערט אין מיין שטוב דערציילן, אַז ער איז נישט גליקלעך מיט דער טיאָטיאַ. זי איז געווען עלטער פון אים און שטאַרק פאַרשידן אין כאַראַקטער. זי איז אייניקע מאָל געקומען צום זיידן אין וואַלד, און איז דאָרט פאַרבליבן טעג און וואָכן. דער דיאַדיושקאַ פלעגט זי באַגלייטן אויף יאַגד און כאַפּן פיש.

ער האָט געשפּילט פידל און האַרמאָשקע און זי פלעגט ליגן אויף אַ וואָגן פרישן היי און לייענען, און פון וויטנס אים באַוווּנדערן. יאָ, זי איז געווען אַ שוואַך אומעטיק מיידל אָבער אַ צאַרטע, אַ נאַכגיביקע און אַ ליבלעכע, אַזאַ ווי מיין אַבראַשענקאַ איז געווען. נו, האָט מען חתונה גע־האַט, אָפּגעלעבט צוזאַמען פינף־און־צוואַנציק יאָר. קיינער פון זיי האָט זיך חלילה נישט באַקלאָגט אויף אומצופרידנקייט, נאָר משפּחה־מיטגלידער האָבן זיך געשושקעט און געטריבן רכילות, אַז דער דיאַדיושקאַ גיט איר אָפּ טשעסט אָבער נישט קיין ליובאָוו...

ווען איך בין געוואָרן אַבראַשאַס פרוי האָט אַ גרויסע פרייד אויפגע־שפּילט אין דיאַדיושקאַס נשמה און איך בין געווען גליקלעך. אַבראַשאַ האָט פאָרגעזעצט דעם שטודיום, ער איז תמיד געווען פאַרטון אין ביכער, און איך מיט דעם דיאַדיושקאַ און מיט דער טיאָטיאַ פלעגן אַרומפאָרן שפּאַצירן ביים שוואַרצן ים און אין די קרימער וועלדער. דאָרט האָב איך

געלעבט פריי און זאָרגלאָז ווי אַ פויגל. עס איז געווען ווי אַ ווונדערלעכער חלום...

***

עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה. מיין פּאַפּאַשאַ איז געפאלן אין דער ערשטער שלאַכט און די מאַמאַשאַ מיטביידע קליינע ברידערלעך זענען געקומען צו מיר. דאַן איז געקומען דער בירגער־קריג. פּעטליוראַס מער־דער האָבן אויסגעראָטן מיינע און אַבראַשאַס פאַמיליע. איר ווילט. וויסן ווי אַזוי מיר האָבן זיך דאַן געראַטעוועט? — איך אַליין ווייס עס נישט, — האָט זי אַ מאַך־געטון מיט אַ הענטל. — אָבער אַז מיין נשמה האָט סטראַ־דאַיעט האָט איר עס געזען, דאָרט, אין אייער שטעטל...

מיר האָבן אַפילו באַוויזן אַרויסצוראַטעווען אַ שטיק פון אונדזער פאַר־מעגן; מיר האָבן נאָך געדענקט פאָרן צוריק אין ראָסיי, און דערפאַר האָבן מיר זיך אָפּגעהאַלטן אַזוי פיל צייט אין די קליינע שטעטלעך פון בעסאַ־ראַביע. אָבער מיך האָט עס געטריבן אין דער וועלט אַריין, און אַבראַ־שענקא איז דאָך געווען אַזאַ גוטינקער, אַזאַ נאָכגיביקער. און דאָס האָט נישט געטויגט, איר מעגט עס וויסן...

יאָ, מיין אַבראַשענקאַ איז געבליבן אַ גלייביק יינגל!... ווען מאַרישאַ מיט סטאַשעקן האָבן אונדז גענצלעך אויסגעמיטן, האָט ער געפונען אַ זכות, ער האָט נישט איין מאָל געזאָגט צו מיר: זאָל עס דיר נישט זיין טשודנע, דינאָטשקאַ. אונדזער טעכטערל איז אַ ווייַנערקע און צוליב איר קענען די אַלטע לייט נישט שלאָפן אין די נעכט — רוען זיי בייטאָג, ווען די קליינע שלאָפט...

***

אַזוי איז אַוועק אַ חודש און נאָך אַ חודש, און עס איז געוואָרן אָסיען. די טעג זענען געווען גרויע, סמוטנע און עס האָט גערעגנט. די ווענט, די בעסיעדקא און די גאַנצע שטוב זענען געווען איינגעדעקט מיט אַ טרערן־מאַנטל... און אונטערן מאַנטל האָט אַלץ געוויינט און זיך געשטיקט אין ענדלאָזער איינזאַמקייט.

און איין מאָל אין אַזאַ טאָג איז צוגעפאָרן צו דער שטוב אַ שיינע בריטשקע, און עס איז אויסגעשטיגן אַ מאַן מיט ווייסע באַקנבערד, און נאָך אים אַ לאַנגער טונקעלער פאַרשוין מיט בלויע ברילן אויף דער פליי־שיקער נאָז. האָט זיך צעקלונגען די טיר־קנאָפּקע, געקלונגען איין מאָל,

נאָך אַמאָל, און ווען מאַרישאַ מיט סטאַשן זענען נישט אַרויסגעגאַנגען, האָט אַבראַשאַ עס געטון...

עס האָט געדויערט אייניקע מינוטן און ער איז געקומען צוריק אַ בלייכער און עפּעס ווי איינגעשרומפּן ווי ער וואָלט זיך געוואָלט באַהאַלטן אין זיין אייגענעם לייב, פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט מיט שרעק און מיט ענדלאָזן אומגלויבן.

די צוויי מענער זענען אַריין אין זאַל און נאָך זיי צוויי פּאָליציי־לייט. זיי האָבן צעפּראַלט די פענצטער פון זאַל און גיך און שווייגנדיק אָנגע־הויבן אַרויסצוואַרפן די שטולן און אַנדערע שטוב־וויעשטשעס, וועלכע האָבן נישט געהערט צו די באַלעבאַטים.

איך האָב פון גאָרנישט געטראַכט און נישט געוווּסט וואָס איך האָב צו טון. אינסטינקטיוו האָב איך אַרויפגעוואָרפן אויף אַבראַשאַס אַקסלען זיין ווינטערדיקן מאַנטל, האָב געמאַכט צוויי פּעק פון זיינע ביכער און זיי אים דערלאַנגט. דאַן האָב איך צוגעדעקט מיין קינד און האָב זי אַ שלאָפנדיקע אַרויסגעפירט מיטן וועגעלע אויף פיר רעדער.

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט און געיעכצט מיט קולות פון אַ נישט־דער־שאָכטענער, און ווייל זי איז תמיד געווען הונגעריק האָב איך זי אַרויס־גענומען פון בעטל, מיך אַוועקגעזעצט אויף דער הויכער שוועל און איר געגעבן די ברוסט.

מענטשן זענען פאַרבייגעגאַנגען, צוגעוואָרפן אַ בליק און אַריינציִענדיק די נאַסע קעפּ אין די אויפגעשטעלטע קעלנער פון די רעקלעך זענען זיי געגאַנגען ווייטער. אַנדערע האָבן געקוקט מיט אומעטיקע אויגן און גע־זיפצט. קליינע קינדער פון דער געגנט האָבן אונדז אַרומגערינגלט און מיט שרעק אין די אייגעלעך זיך געשושקעט צווישן זיך, געזוכט צו לייזן די שווערע לאַגע אונדזערע.

שכנישע פענצטער פון אויבערשטע שטאָקן האָבן זיך צעפּראַלט, און פרויען מיט קינדער מיט צעקרימטע רחמנותדיקע פּנימער האָבן אַראָפּגע־קוקט אויף מיר און אויף מיין מאַן און קינד. איך האָב געפילט זייער מיט־לייד, עס איז מיר געוואָרן שווערער צו ליידן. יענע רגעס פון אומגליק בין איך געוואָרן גלייכגילטיק צום לעבן און דאָס איז געווען מיין רעטונג.

איך האָב אַ קוק־געטון צו מיין אַבראַשענקאַן און מיין האַרץ האָט זיך געשפּאָלט פון מיטלייד צו אים. ער איז געשטאַנען מיט די פּעק ביכער אין די הענט, דער קאָלנער פון העמד צעשפּיליעט, דער ווינט און דער

רעגן האָבן געוואַשן און געשויבערט זיינע גרויע האָר, און פון זיינע דער־שראָקענע אויגן האָט עס געטריפט און געגאָסן מיט טרערן.

די קליינע האָט זיך געבונטעוועט קעגן די געשוואָלענע וואָרצלען פון מיינע ליידיקע ברוסטן. זי האָט אויסגעשפּיגן איינעם און מיט אַ ברענענ־דיק און זשעדנע מויל אַריינגעכאַפּט דעם אַנדערן, געגעבן אַ צי און נאָך אַ צי און זי צוריק אַרויסגעשפּיגן, און זי האָט זיך צעוויינט און צעיעכצט אויף אַ קול.

די מענטשן, וועלכע האָבן אַרויסגעוואָרפן אונדזער ביסל וויעשטשעס פון זאַל, זענען צוריק אַרויסגעקומען און פאַרשלאָסן די דרויסנדיקע טיר. דאַן זענען זיי איינגעשטיגן אין דער ברישטקע און מיט אַ געקלימפּער פון קרענצל גלעקלעך אויף דעם האַלדז פון עלעגאַנטן רויטן פערד זענען זיי אַוועקגעפאָרן. די פּאָליציאַנטן זענען געשטאַנען צווישן נאָראַד און אומע־טיק געשמייכלט, פילנדיק זיך מיטשולדיק אין אונדזער איינזאַמקייט, אין אונדזער פאַרשעמונג.

מיר איז מער קיין זאַך נישט אָנגעגאַנגען. אין יענע מינוטן פון עלנט, פון אַנטוישונג, בין איך נישט געווען פעיִק צו טראַכטן און ליידן. מיין האַרץ איז געוואָרן ווי פאַרשטיינערט. מיר האָט זיך נאָר געדאַכט, אַז די ערד וועט זיך אויפשפּאַלטן, וועט מיך פאַרשלינגען אינאיינעם מיט אַבראַ־שאַן און מיטן קינד.

**
*

גראָד אין יענע מינוטן איז אָנגעקומען אַלסיראַ, מיין געוועזענע סלוי־זשאַנקאַ. אירע הייסע אויגן ווי געזשאַרעטע ניס זענען ווי העלישע פייערן צוגעפאַלן צו דער פאַרמאַכטער טיר פון קאָרידאָר. זי האָט אָנגעהויבן שיטן מיט קללות און זידלווערטער, און ווען זי איז געוואָרן מיד פון רופן מיינע באַלעבאַטים האָט זי אָנגעהויבן קלאַפּן מיט די פויסטן אין דער טיר. גע־קלאַפּט מיט איין פוס און באַלד מיט דעם צווייטן, און געשריִען:

— איר, וויסע טייוואָלים, האָט באַטראָגן די דאָזיקע איידעלע לייט. איר האָט אויסבאַהאַלטן די מעלדונג פון ריכטער... איר, איר!...

קליינוואַרג איז געוואָרן עקזאַלטירט פון איר קוראַזש, פון איר מאָנען גערעכטיקייט, האָבן זיי אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער און אויסגעהאַקט די שויבן פון די זאַל־פענצטער.

די פּאָליציי־לייט איז אָנגעקומען שווער צו באַרויִקן אַלסיראַס און די

קינדערס אויפגעשטורעמטע געמיטער. צום סוף האָבן זיי צעטריבן דאָס צעיושעטע קליינוואַרג.

דאַן האָט אַלסיראַ צונויפגענומען דאָס ביסל געשיר מיט דעם ביסל וועש און אַדיאַזשאַ, געמאַכט אייניקע בינטלעך, צוגערופן אַ טערק מיט אַ שטופּ־וועגעלע און, אָן צו פרעגן ביי אונדז אַן עצה אָדער מאָנען אַ צו־שטימונג, האָט זי די בינטלעך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם וועגעלע. זי האָט דאָס קינד אַרויסגענומען פון מיינע הענט, עס אַריינגעלייגט אין וועגעלע און צוגעדעקט, אַראָפּגענומען פון זיך איר אַלטע פאַטשאַ, זי אַרויפגע־וואָרפן אויף מיינע פּלייצעס, מיך אויפגעהויבן, מיט איין האַנט אַרומגע־נומען מיין טאַליע און מיט דער צווייטער — געפירט דאָס וועגעלע.

מיר זענען אַוועק פאָרויס און דער טערק מיט זיין שטופּ־וועגעלע הינטער אונדז און קליינוואַרג, ווי אַ מחנה אומעטיקע טייבעלעך, איז אונדז נאָכגעגאַנגען ווי נאָך אַ לוויה.

איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געזוכט אַבראַשענקאָן. האָב איך אים קוים דערקענט... ווי אַן אויסגעהוילטער פון יעדן טראָפּן בלוט און פון לעבן, האָט ער זיך פונווייטנס געשלעפּט נאָך אונדז. די שווערע פּעק ביכער האָבן אים אַראָפּגעצויגן צו דער ערד. דער קאָפּ — אַראָפּגעזונקען, און פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט און געשלאָגן מיט פּחד, מיט אומווילן...

דער נאַראָד האָט אונדז נאָכגעקוקט, און דער רעגן, דער ווינט האָבן געריסן די דעקע פון קינד און געשויבערט און געוואַשן אַבראַשענקאָס גרויע האָר מיט זיין איידל רחמנותדיק פּנים...

**
*

— ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען די טויטע ווייסן און פילן, אַז מיר האָבן זיי נישט פאַרגעסן און נאָכדעם, וואָס מיר האָבן זיי ביים לעבן פאַר־שאַפט אַזוי פיל אומגליק, רעדן מיר וועגן זיי און זיי פאַרנעמען דעם שענסטן אָרט אין אונדזערע נשמות, — האָט דינעלע נאָך אַ לענגערן שווייגן אויסגערופן מיט אַ שוואַכקייט אין קול און געווישט דעם שווייס וואָס האָט אַרויסגעשלאָגן אויף איר אויסגעמאַטערט פּנימל.

און אָנגעהויבן האָט זיך עס, אייגנטלעך, דאָרטן צווישן יענעם נאַראָד... עס איז געווען פּשוט און איינפאַך, ווי עמיצער וואָלט שוין פון פריִער גע־האַט צוגעגרייט פאַר אונדזערטוועגן אַזאַ אומגליבלעכן אויסגאַנג, און ווי מיר וואָלטן מער קיין ווילן נישט געהאַט אַרויסצורייסן זיך פון אים.

זי האָט ווידער אויסגעטרונקען אַ ביסל משקה. צווישן די פאַלבן אונטער די באַקן האָבן זיך באַוויזן רויטע פלעקן און די אויגן האָבן באַ־קומען אַ פייכטן גלאַנץ. — איר טרינקט גאָרנישט, מאַדאַם? — האָט זי אַריינגעגאָסן אין זיך נאָך אַ גלעזל. — און איך האָב עס ליב, אָבער נישט אָפט... עס מאַכט פאַרגעסן!... איז וועגן וואָס האָבן מיר גערעדט? — האָט זי אָנגעהויבן פירן מיטן פינגער איבערן שטערן. — יאָ, וועגן יענעם נאָ־ראָד און וועגן יענעם הויף, וווהין אַלסיראָ האָט אונדז געפירט.

עס האָט אַלץ געדעגנט און געדעגנט, אַזוי ווי די נשמה פון דער וועלט וואָלט זיך איבערגעבראָכן און אַרויסגעפּלייצט פון זיך די אָנגע־זאַמלטע טרערן פון די דורותדיקע מענטשלעכע ווייטיקן... די קאָמנאַטקע, וועלכע מיר האָבן באַקומען, איז געווען קליין, פּירעקיק מיט אָפּגעשיילטע ווענט, ווי אַן אמתער מיסטקאַסטן. צווישן דער נידעריקער סטעליע פון רויט־געפאַרבטע זעק און צווישן דעם דעכל פון געזשאַווערטע בלעכן זענען אומגעלאָפן מייז און קעץ. זיי האָבן געפירט אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. די סטעליע האָט זיך געוויגט, געבלאָזן און דורך די שפּאַלטן האָבן זיך אַראָפּגעשאָטן אומריינקייט און שטיקער פאַרטריקנטע שקוראַס פון צע־פרעסענע מייז. דער ווינט און דער רעגן האָבן געקלאַפּט איבערן דעכל, געפּויקט ווי מיט שפּיציקע פינגער פון אַ טייוול, וואָס שטייט הינטער דיר און ער לאַכט און ער שטופּט זיינע נעגל אין דיינע געהירן, און ער זאָגט:

— אָט דאָס איז געבליבן פון דיין אַמאָליקן פּראַכט און גלאַנץ... אָט־אָ דאָ וועסטו מוזן פגרן און צעדריבלט ווערן ווי אַ מויז...

אַבראַשענקאָ איז געזעסן אין אַ ווינקל אויף אַ שטרויענעם בענקעלע, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף זיינע הענט און זיך געהוידעט און געהוידעט ווי אַ גרויער טוך אונטער דעם קאַלטן ווינט. און איך האָב געגעבן בלו־מעטשקען די ברוסט און אַן אויסגעהוילטע פון יעדן זין, פון יעדן געפיל פון לייד און פרייד, האָב איך געקוקט אויף מיין אומבאַהאָלפענעם מאַן.

אַלסיראָ איז אַריינגעקומען מיט אַ טעלער געזשאַרעטע פּיראָגן. אירע אויגן האָבן געשיינט מיט גוטסקייט און פרייד. זי האָט דעם טעלער אַוועק־געשטעלט אויף אַ בענקל, אַרויסגענומען דאָס קינד פון מיינע הענט און זיך אַוועקגעזעצט מיט איר אויף דער איינציקער אויסלייג־בעט מיטן שטרוי־זאַק. דאַן האָט זי זיך אָנגערופן:

— די באַלעבאַטימלעך האָבן גליק... איר זענט דאָ געקומען צווישן פּשוטע אָרנטלעכע מענטשן, און מיר וועלן טיילן מיט אייך דעם ביסן ברויט און די ביטערע מאַטע. דאָ, אין דעם צימער האָבן אַמאָל געוווינט אַכט

פּערזאָן... מיר וועלן אײך צוביסלעך אײנשאַפן דאָס באַלעבאַטישקײט. די הויפּטזאַך איז אַ דאַך איבערן קאָפּ, און אַלדאָס איבעריקע וועט שפּעטער אַלײן קומען. און יענע װײסע טײוואָלים — האָט זי אַ ברען געטון מיט די אויגן אין דער װײטקײט — אײערע פּריערדיקע באַלעבאַטים, װעלן אויס־קרענקען און באַצאָלן סײ פאַר אײער צער און סײ פאַר אײער באַליידיקונג... עס איז נאָך פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט און ער דריקט אונדז, אָבער דערשטיקט נישט...

זי האָט אויסגעטון מײן קינד און עס אײנגעדעקט אין װעגעלע. די קלײנע איז געװען מיד און דורכגענומען פון קעלט. אַלסיראַ האָט פאַר־צויגן דעם „פאָרהאַנג", אַזאַ רויטע שטיק זאַק איבער דעם אײנציקן שמאָלן אויסשניט אין װענטל, װאָס האָט מן־הסתם געמוזט דינען אַלס אַ פענצ־טער, און האָט אַרײנגערעדט אין קינדס געשלאָסענע אײגעלעך: „שלאָף, מײן קינד, שלאָף, און זאָלן װײסע מלאכימלעך שװעבן איבער דיר און דיך באַשיצן פון דער מענטשלעכער רשעות"...

זי האָט זיך אויסגעגלײכט און אַ װײלע געקוקט אויף מיר מיט אַ בליק פון רחמנות און חכמה. אַ שװײגנדיקע איז זי צוריק אַרויסגעגאַנגען.

מיט אַמאָל האָט אַ ליכטיקײט דורכגעשניטן די גרויקײט פון דער כאַטקע, און אַ דונער האָט זיך צעקוילערט און געבראָכן אין שטיקער, און געפאַלן ערגעץ גאָר נאָענט.

אַבראַשענקאַ האָט זיך נישט גערירט, מיט קײן אבר נישט באַװעגט. זײן פּנים איז געװען בלױ און אויסגעלאָשן. די קנײטשן אויף זײן הויכן שטערן — טיפע װי דורכגעקאַרבטע מיט גראָבע דראָטן, און פון זײנע ברײט־צעעפנטע אויגן האָט עס געטריפט מיט שרעק און פאַרלוירנקײט...

אַזאַ צעבראָכענעם האָב איך אים צום ערשטן מאָל געזען נאָך דעם פאָגראָם, װען מיר האָבן פאַרלוירן אונדזערע טײערסטע, און אַזאַ איז ער פאַרבליבן ביז הײנט אין מײן נשמה...

**
*

יענע נאַכט איז געװען אַ שװערע און אַ ביטערע און געדויערט האָט זי אַן אײביקײט. איך האָב נישט געהאַט קײן װערטער אים צו טרײסטן. מיר איז דאַן געװען אַלץ אײנס... איך האָב געבעטן אויף זיך דעם טויט... און דאָס האָט נישט געטויגט, — איר מעגט עס װיסן!...

פאַרטאָג האָט אויפגעהערט צו רעגענען. מילדע שטיקער זון זענען אַריינגעפאַלן דורך די ברייטע שפּאַרעס פון די הילצערנע ווענטלעך.

עס האָט געקרייט אַ האָן, און עמיצער אין הויף האָט געשאָלטן זיין מיידל. די שטים פון שעלטער איז געווען אַ יונגע און אַ ווולגאַרע; זי איז מיר געווען דערווידער און פרעמד.

אַלסיראַ האָט אויפגעהויבן דעם פאַרהאַנג, אַריינגעשטעלט דאָס פּנים אין כאַטקע און גערופן, געוועקט: „באַלעבאַטימלעך, באַלעבאַטימלעך!״.

ווען מיר האָבן נישט געענטפערט, איז זי אַריינגעגאַנגען צו אונדז. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ הייסע מאַטע און אין דער אַנדערער — אַ שטרויען קיישעלע מיט סוכאַרקעס. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר און אויף כּוח מיך געצוווּנגען צו טרינקען מאַטע. ווען זי האָט דערזען די נעכטיקע פּיראָגן נישט קיין אָנגערירטע, זענען אירע אויגן געוואָרן גרעסער און פול מיט צער און מיט פאָרוווּרף האָט זי אַריינגערעדט אין דער טונקל־קייט:

— ס'איז אַ זינד צו שלעפּן אויף זיך די ליידן! וואָס אייגנטלעך האָט דען פּאַסירט? — גאַרנישט! איר האָט געוווינט ביי די ווייסע טייוואָלים און זיי האָבן אייך באַנומען און אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס... איצט געפינט איר זיך צווישן לייטישע מענטשן, און נאָר דאָס צימער איז אַ ביסל קלענער...

דאָן האָט זי מיך אָנגענומען ביי אַ האַנט און ווי אַ קליין קינד צוגעפירט צו דער עפענונג אין וואַנט. ווען זי האָט פאַרצויגן דעם פאַרהאַנג האָט אויף מיר אַ שלאָג־געטון מיט אַ סאָלידער ליכטיקייט. דער הימל האָט גערוט אין זיין בלויען דעקטוך און האָט געשמייכלט מיט חשיבות ווי אַ טראָגעדיקע רביצן... רויטע און געלע זיידענע טיכער, הימליש־שיין, האָבן זיך ווי העמדער פון ספר־תורות געוויקלט און געקאָרבט איינס אין אַנדערן, און זיי האָבן אַראָפּגעשאָטן איבערן הויף די איידלקייט פון פאַרגעבונג און גענאָד. אין די עפענונגען פון די אַלטע ציגלנע ווענט האָבן זיך אַרויסגעשפּאַרט יונגע געל־באַקעפלטע רייזעלעך און גרינע שוואָמען. די ערד איז געווען צוגעדעקט מיט אַ גרינעם מאָך ווי עס וואָלט געווען פרילינג און נישט די ערשטע טעג פון אַ שווערן אָסיען.

וואַרעמע ווינטלעך האָבן געוואַשן די ערשט־געבוירענע גראָזן, און די בלעטער פון אַלטן קרומען פייגנבוים לעבן מיין כאַטקעלע זענען געווען אָנגעטאָן אין טראַפּנס וואַסער, ווי דימענטן, און זיי האָבן זיך געשפּיגלט אַנטקעגן אַ יונגער אויפגייענדיקער זון.

איך בין געוואָרן באַצויבערט פון יענץ בילד. עס האָט מיך אויף אַ רגע אַוועקגעפירט צוריק צו די גרינע פעלדער פון מיין אַלטער היים, ווו איך בין געוואַקסן פריי און בין געווען ווי אַ שטיק פון יענער נאַטור.

אַלסיראַ האָט אַרויפגעלייגט אירע געטרייע הענט אויף מיינע אַקסלען און מיך אומגעדרייט מיט דעם פּנים צו זיך. אירע אויגן האָבן געשיינט פון באַגייסטערונג. זי האָט מיר געזאָגט:

— ווען גאָט וועט אָפּווענדן פון דיר זיין אויג — דאַן זאָלסטו אים זוכן... ווייל ער האָט פיינט, ווען מיר ווילן זיין קליגער פון אים... און דאָרט צווישן די וואָלקנס, צווישן די הימלען איז תמיד ליכטיק און עס איז כדאי צו זוכן גאָטס ווערק... ווען מיר איז אַמאָל געווען שלעכט, האָב איך געפונען אַ טרייסט אינעם באַוווּנדערן דאָס געטלעכע ווערק און אויך דו וועסט אין דעם געטרייסט ווערן... און דו האָסט אַ קינד, אַ ווייסן מלאך... איז פאַר־וואָס צעטרעטסטו דיין גליק, אַ?...

איך מוז צוגעבן, אַז אירע ווערטער האָבן געווירקט צום גוטן. ווען זי איז אַוועק האָב איך דערלאַנגט אַבראַשענקאַן אַ מאַטע. האָט ער זי אויס־געטרונקען און צוגעביסן אַ סוכאַרקע.

***

דעם רעשט פון האַלבן טאָג האָבן מיר כמעט נישט גערעדט צווישן זיך. איך האָב אָנגעהויבן פּאַמעלעך צו מאַכן אָרדענונג. אויפגעהאַנגען אויף די טשוועקעס די אָדיאַזשאַ, און אַבראַשענקאָ האָט צונויפגעלייגט זיינע בי־כער מיט די העפטן און האָט זיך צוגעגרייט אַ ווינקעלע ווו צו קענען זיצן און לערנען.

בייטאָג האָט זיך אַריינגעשטעלט צו אונדז אַלסיראַס זון, אַ בחורל פון אַ יאָר זעכצן, אַ הויכער און אַ גלייכער ווי אַ ווירע. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן זענען געווען פול מיט אומרו, מיט חוצפּה, מיט מאַגנעטישן כוח, מיט באַפעל און מיט קינדישער נאַכגיביקייט, מיט עפּעס אָן אַ שיעור אויסדרוקן ווי ער וואָלט זיך געהילט אין טויזנט נשמות... זיינע ליפּן זענען געווען רויטע און פיין־געשניצטע, און אַרום די באַקן און אַרום דעם סענסועלן מויל האָבן געשפּראָצט ווילדע שוואַרצע הערעלעך ווי די ערשטע גראָזן אויף אַ וואַלדיק פאַרלאָזטער ערד...

איך בין גראָד געזעסן אין אַ ווינקל און האָב געגעבן בלומעטשקען די ברוסט. האָט ער אַריינגעשטאָכן אין מיר זיינע זשעדנע בליקן און זיינע

ביינערדיקע באַקנביינער האָבן זיך צונויפגעקראַמפּט ווי די שטשאָקעס פון אַ יונגן אָגער, ווען ער דערפילט דעם ריח פון אַ שקאָפּע...

מיר איז געוואָרן ענג אין האַלדז. איך האָב גיך אַרויסגעצויגן דעם וואָרצל פון קינדס מויל און צוגעשפּיליעט די קאָפּטע. די קליינע האָט גע־שריִען. זי איז געווען הונגעריק.

ער האָט זי אַרויסגענומען פון מיינע הענט, צוגעדריקט זי צו זיך און מיט אַ קינדישן שמייכל און מיט אַנטציקונג אויסגערופן: „ווי שיין די קלייניקע איז! איך האָב נאָך אַזאַ קינד נישט געזען. זי איז אינגאַנצן ווי די מאַמע!"... — האָבן זיינע בליקן אַ ברי־געטון מיין לייב. ער האָט צו מיר אויסגעשטרעקט אַ שמאָלע לאַנגע האַנט, מיט לאַנגע פינגער, וואָס האָבן געציטערט:

—איך בין טיסעראָ. די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט אַריינצוגיין און פרעגן, אין וואָס איר נייטיקט זיך. די מאַמע איז היינט אַ גאַנצן טאָג פאַר־נומען. אין זי שבתים אַרבעט זי אַ סך...

איך האָב טיסעראָן שוין געהאַט געקענט פון אַלסיראַס שטענדיקן רעדן וועגן אים. אין אירע אויגן איז ער געווען ווי אַ גאָט, און איך האָב, מער מיט די חושים ווי מיט דער חכמה און מענטשן־קענטעניש, אַרויסגעפילט אַז ער איז אַ פריצייטיק רייף־געוואָרענער יונג, אַ פאַרליבטער אין זיין שיינקייט, און אַז די חוצפה אין אים קען שטייגן ביז איבער אַלע מענטש־לעכע גרענעצן. איך האָב דערפאַר זיין אָנבאָט נישט אָנגענומען. אָבער ער האָט נישט געפאָלגט, און איז אַזוי מיטן קינד אויף די הענט אַרויסגעלאָפן און באַלד צוריק געקומען מיט אַ פולן קויש פּראָוויאַנט: פלייש און וויין, ברויט, פּרוכט און גרינצייג, פון אַלעם גוטן.

אָן צו בעטן ביי אונדז אַ דערלויבעניש האָט ער די קליינע אַריינ־געלייגט אין וועגעלע און איר געגעבן אין די הענטלעך צוויי שפּילעכלעך וואָס ער האָט געקויפט, אַ געשניצטן רויטן פערד און אַ קלעפּערל. די קליינע האָט געקוקט אויף אים מיט אַ פרעמדן בליק, ווי זי וואָלט פאַרויס־געפילט, אַז זיין פריינטשאַפט וועט איר קאָסטן צו טייער...

***

ביים טיש, ביים געשמאַקן מיטיק וואָס ער אַליין האָט געשיקט צוגע־גרייט, האָט ער זיך געהאַלטן היימיש, צעשניטן אויף קליינע שטיקלעך

דאָס פּעטע געבראָטנס, אָנגעגאָסן ווײַן אין די גלעזער און געטרונקען צו אונדז לחיים.

אַבראַשענקאָ האָט זיך צוגעהערט צו זײַן פּלאַפּלען און האָט כמעט נישט פאַרזוכט דאָס עסן. ער איז געווען צעשראָקן און באַזאָרגט. טיסעראָ האָט צו אים געזאָגט:

— די מאַמע אַלסיראַ האָט מיר דערציילט אַ סך שיינע זאַכן וועגן הער פּראָפעסאָר. די מאַמע האָט גרויס דרך־ארץ פאַר געלערנטע מענטשן. זי וויל איך זאָל ווערן אַ בריוועטרעגער... איך זאָל האָבן אַ רעגירונגס־שטעלע — האָט ער גערעדט צווישן איין ביסן און דעם צווייטן. — אָבער איך האָב פּיינט צו זײַן אַ פאַרדונגענער. איך האָב ליב די פרייהייט! און דאָ דאַרף מען וויסן ווי אַזוי צו לעבן... מען דאַרף נאָר נישט זײַן קיין יאָלד...

ער איז דערבײַ געווען ערנסט, גאָרנישט ווי לויט זײַן אויסזען, און לויט זײַן ווולגאַרער שטימע, וועלכע איך האָב אינדערפרי געהערט הינטער מײַן שטיבל.

— פאַרוואָס עסט איר נישט? — האָט ער מיט אַ בעטנדיק קול צור־געוקט צו אונדז די פולע טעלער. — נישטאָ צוליב וואָס צו זײַן טרויעריק. דאָ אין הויף ווינען פּראָסטע לײַדאַקעס און זיי וויסן ווי אַזוי צו לעבן! און אייפערזיכטיק זענען זיי און נישט־פאַרגינעריש. אָבער זיי קענען אָפּ־שאַצן די עכטקייט פון אַ פּערזאָן. פאַר מײַנעטוועגן וועלן זיי לויפן אין פײַער אַרײַן... — האָבן זיך צעשײַנט שדים־בליצן אין זײַנע אויגן, און ער האָט זשעדנע געשלונגען דעם ווײַן. — אַז איך וועל זײַן אייער פרײַנט, וועלן אַלע זײַן מיט מיר...

מיר איז געווען ליב צו הערן, פּשוט ווײַל איך האָב געזען אין אים, אַז ער איז נישט קיין דורכשניטלעכע נשמה, ער האָט געוועקט אין מיר נײַגיר... און איך האָב דאָך תמיד פּיינט געהאַט די דורכשניטלעכקייט... דערצו איז ער דאָך געווען פאַר מיר גאָר אַ נײַער טיפּ...

טיסעראָ וואָלט מן־הסתם אָפּגעזעסן בײַ אונדז וועד ווייסט וויפל צײַט, ווען עמיצער פון הויף רופט אים נישט אַרויס. ער איז אויפגעשפּרונגען. זײַן געלאָקטער שוואַרצער קאָפּ האָט זיך געשטרעקט אויף אַרויף און האָט כמעט אונטערגעהויבן די סטעליע, וואָס איז אין איין זײַט געווען אונטער־געשפּאַרט מיט אַ דעמבענעם דראָנג. טיסעראָ האָט זיך גענייגט און מיט דעם צעפליקטן אַרבל פון זײַן העמד געווישט און געווישט די פעטקייט פון זײַן מאָרדע און אַרײַנגערעדט אין מײַנע אויגן:

— דאָס רופן מיך די ייִנגלעך אײַנצולערנען אַ נײַע מעלאָדיע פון

אַ טאַנגאָ. היינט איז שבת, וועלן מיר האָבן אַ טאַנץ. איך וואָלט וועלן, אַז איר, סעניאָראַ, און דער הער פּראָפעסאָר זאָלן בייזיין...

מענערישע פּאַריסנקייט איז געווען אין זיין שטים, קינדערשער געבעט און עפּעס ווי האַרצרייסנדיקס. ווען ער איז אַרויס האָט זיך אַבראַשאַ אָנגערופן:

— דינאַ, דער פּראָסטער נאַראָד האָט נישט קיין מיטלוועג און דאָס איז נישט גוט... טיסעראָ איז אַ פּריצייטיק רייף־געוואָרן און שלעכט־דער־צויגן יינגל. ווען אונדזער לאַגע ענדערט זיך צום בעסערן, וואָלטן מיר אים געקענט איבערדערציִען! מען דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי צו געווינען זיין צוטרוי. ער איז פון גאָרקיס טיפּן... אָבער, אַ מער גליקלעכער... אַ פאַרליבטער און זיך...

דאַן האָט זיך אַבראַשענקאַ אויפגעהויבן, אַ לענגערע צייט אַרומגעשפּאַנט אַהין און צוריק, די סטעליע האָט געדריקט איבער זיין קאָפּ און דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין ווינקעלע און ווידער זיך גענומען צום לערנען.

שפּעטער איז אַלסיראַ אַריינגעקומען און איר פּנים האָט געשיינט פון פרייד. זי האָט שוין געוווּסט פון טיסעראָס באַזוך און וועגן די גוטע זאַכן וואָס ער האָט געבראַכט פאַר אונדז. האָט זי מיר געדאַנקט און אָפנהאַרציק אויסגעזאָגט:

— איר האָט גרויס גליק, וואָס איר זענט אים געפעלן. ער איז אַ קאַפּריזנער און פירט־אויס ביי מיר אַלץ וואָס זיין האַרץ גלוסט; איין גאָט ווייסט, וואָס עס וואָלט מיר אויסגעקומען צו טון, ווען ער וויל אייך נישט האָבן דאָ... איך בין געווען אומרויִק...

זי איז איילנדיק אַוועק צוריק צו דער אַרבעט.

**
*

אויפדערנאַכט איז אין הויף געווען ליכטיק. עס איז געווען אַ באַל. די טירלעך פון די נידעריקע אין דער ערד־געזונקענע כאַטקעס זענען געווען צעפּראַלט און מיידלעך אין ביליקע קליידלעך פון בונטע קאָלירן האָבן זיך געדרייט אַריין און אַרויס. אַנדערע האָבן זיך געטוליעט צו יונגעלייט, זיך געוויגט מיט זיי צום טאַקט פון דער מוזיק. לעמפּלעך אין רויטע לאַמטערנעס פון געקאַרבטן פּאַפּיר האָבן זיך געוויגט אויף לאַנגע דראָטן איבער די טאַנצנדיקע פּאָרלעך און אַ צעפּראַלטער בלויער הימל, ווי אַ חופּה פון

טייערסטן סאַמעט אַן אויסגעשטיקטע מיט גאָלד און ברילִיאַנטן, האָט געררט איבער יענעם הויף, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער צעפּאָרענער מיסטקאַסטן...

טיסעראָ איז געשטאַנען אינמיטן צווישן די טענצער און געשפּילט אויף אַ גיטאַרע. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייס העמדל פון ביליקן דינעם זייד, האָט מען געזען ווי זיינע שמאָלע ריפּן האָבן זיך באַוועגט אין אומרו און זיינע פינגער זענען אומגעשפּרונגען איבער די סטרונעס און זיין בלוט און דאָס גאַנצע לייב־און־לעבן האָבן מיטגעשפּילט, מיטגעזונגען און מיטגעטאַנצט.

און פּלוצים זענען זיינע אויגן ווי אָנגעצונדענע שוואַרצע פלאַמען אַריינגעפאַלן אין פענצטערל פון מיין כאַטקע און מיך געצויגן און צע־מישט... בין איך צוגעלאָפן צו אַבראַשאַן און האָב אים געזאָגט:

— איך האָב מורא פאַר דעם יונג. מיר מוזן זוכן אַרבעט, אַבראַשענקאַ, און וואָס גיכער אַוועק פון דעם דאָזיקן זומפּ...

— שרעק דיך נישט, דינעלע, דאָ מוזן זיין יִדישע שכנים... דער הויף איז גרויס, מיר מוזן האָבן אַ קאַפּיטשקע געדולד...

**
*

יענע נאַכט האָט געדויערט אַן אייביקייט. גאַנץ פרי, ווען דער נאַראַד פון הינטערהויף איז נאָך געשלאָפן, מיד פון טאַנצן און זינגען ביז דעם ווייסן פאַרטאָג, איז צוגעקומען צום פענצטערל דער איינציקער יִדישער שכן, מענדל דער שניידער מיט זיין ווייב רבקהלע. ער האָט געפּאַטשט מיט די הענט און געררופן אין יִדיש: — עפנט, האָט נישט קיין מורא.

איך האָב אויפגעהויבן דאָס שטיק זאַק און פאַר מיינע אויגן איז גע־שטאַנען אַ יִיד פון מיטעלן וווקס מיט אַ טונקל ביינערדיק פּנים און מיט גרויסע שוואַרצע אויגן פולע מיט אומרו און ערנסט. זיין ווייבל, אַ קליינינקע, אַ זשוואַווע, מיט אַ פלינקן בליק און מיט חן־גריבלעך אין די פולע ראָזע בעקלעך, האָט געשמייכלט און מיך אָנגעקוקט מיט אומצוטרוי... פון זיי זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז אין פאַדערשטן הויף זענען פאַראַן צוויי גרויסע צימערן. אין איינעם וווינט דער שניידער מיט זיין ווייב און צוויי קינדער, און אין אַנדערן האָט פריִער געוווינט דער באַלעבאָס פון הויף, אַבדאַלאַ דער טערק, מיט זיין ווייב און פערצן קינדער. איצט איז אין יענעם צימער אַ דעפּאָזיט פון שמאַטעס. און ווען אַבדאַלאַ וועט קומען איינמאָנען

דירה־געלט, וועט ער, דער שניידער, זען אויסצודינגען דאָס צימערל פאַר אונדזערטוועגן.

מיר זענען אויך געוואָר געוואָרן, אַז דער הינטערהויף איז ווי אַ וועלט פאַר זיך. דאָרט זענען פאַראַן אַכטביידלעך, און אין יעדן ביידל וווינען פאַמיליעס מיט צו זעקס און אַכט קינדער. דער שניידער מיט זיין פאַמיליע זענען געווען גרינע, פוילישע אימיגראַנטן. זיי האָבן פון אַלטער דערפאַרונג געוווּסט, ווי אַזוי זיך אָפּצוזונדערן פון יענעם נאַראָד און נישט אויפצוועקן אין זיי דעם הונט... ווייל אַ ביסל הינטישקייט איז דאָך פאַראַן אין יעדן פון אונדז, נישט אמת? — האָט זי פאַרלוירן געשמייכלט און וויטער דער־ציילט.

דער שניידער האָט געשמייכלט, גערעדט מיט די הענט, מיט די אויגן, אונדז געגעבן צו פאַרשטיין: — די דאָזיקע פּראָסטאַקעס קענען זיין גרוי־זאַם, געדענקט עס גוט!... היטן דאַרף מען זיך פאַר זייער ליבע און פאַר זייער האַס. דער פּראָסטאַק וויל תמיד מען זאָל זיך צופּאַסן צו אים, און ווען איינער קען עס נישט, — נוקמט מען זיך אָפּ... דעריבער זענען מיר נעכטן נישט אַריינגעקומען צו אייך, ווייל דער קליינער גוי איז אַ ממזר בן־הנידהניק און איך וויל אים גאָרנישט קענען...

— און איר דאַרפט נישט זיין אַזוי דערדריקט! — האָט ער צעפּירט זיינע קליינע אויסגעהאָרעוועטע הענט, דורכגעפּעדימטע מיט בלויע אָדערן. — דער אייבערשטער וועט זיך מרחם זיין. איר זענט נישט די איינציקע אויף דער וועלט. מיר זענען ייִדן, און קיינער וויל אונדז נישט פאַרשטיין און קיינער וויל נישט ליידן, וואָס מיר לעבן אויף דער וועלט, און דעריבער מוזן מיר זיין צווישן זיך טאַקע ווי לייבלעכע ברידער. מיר צווישן זיך ווועלן שוין אויסקומען, אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף, אַבי צווישן אייגענע...

פון אים האָט געשלאָגן מיט ערלעכקייט און פריינטשאַפט. זיין ווייבל האָט אין דער צייט פון זיין רעדן, דורכגעקוקט אַלע ווינקעלעך פון ביידל; זי האָט ענדלעך אים איבערגעשלאָגן די רייד:

— פאַרוואָס, מענדלשי, בעטסטו נישט אַריין די נייע שכנים צום פרישטיק? נישקשה, מען וועט, מיטן אייבערשטנס הילף, פון קיין הונגער נישט ליידן... מיר וועלן נישט פאַרשעמט ווערן...

זי איז אַריינגעגאַנגען אין כאַטקע, האָט אַרויסגענומען בלומעטשקעך פון וועגעלע און זי איינגעוויקלט אין אַ פאַלע פון איר גראָבן כאַלאַט. די קליינע האָט געשמייכלט. דאַכט זיך, דער ערשטער ליכטיקער שמייכל אויף

איר גאָלדן פּנימל. מיר זענען געגאַנגען מיט זיי. אין אַ ווינקל אין גרויסן צימער זענען ביי אַ ריין־געדעקטן טיש געזעסן די קינדער און געוואַרט.

דער שניידער האָט געריבן אַ האַנט אָן אַ האַנט און געזאָגט צו אונדז:

— בונימל איז מיין עלטסטער זון. אין גיכן ווערט ער דרייצן יאָר און מרימל ווערט עלף. אַז זיי וועלן זיין גוטע קינדער, וועלן מיר זיי צופירן צו אַ ברעג... — האָט ער אַ קוועטש־געטון מיט אַ צודעק פון אויג...

די קינדער, פריש־געבאָרענע, פאַרקעמטע און אָנגעטאָנענע אין ווייסע כאַלאַטלעך האָבן געמאַכט אויף מיר אַ גוטן איינדרוק. עפּעס פון דערוואַק־סענע מענטשן איז געווען אין דער טיפקייט פון זייערע אויגן און פאַרערונג צום טאַטע־מאַמע.

די שניידערן האָט דערלאַנגט שיסעלעך מיט קעז און סמעטענע און פרישע בולקעס מיט רויטע רעטעכלעך, ברויט מיט פּוטער און טעפּלעך מיט קאַווע מיט מילך און בלומיטשקע האָט געשטרעקט די הענטלעך צום שיסעלע לעבן מיר און געיעכצט.

— אַ נאַשערקע, קיין בייז אויג!... — האָט אַ ליכטיקער שמייכל אויפ־געציטערט אַרום דער שניידערקעס געשנירעוועט מיילעכל. — איר דאַרפט גאָר נישט קאַרגן... דאָ איז נישט דאָס אָרעמע פּוילן, ווי איז מיר נעבעך!...

בשעת די שניידערקע האָט אַ פריילעכע אָנגעקאָרמעט מיין קינד, האָב איך מיך דערוויל צוגעקוקט צו זייער וווינונג, און עס איז געווען אינטע־רעסאַנט! אין איין ווינקל זענען געשטאַנען פיר מאַשינען, צוויי אַלטע און צוויי נייע, און אין אַנדערן — אַ גרויסער פּרעס־טיש מיט צוויי גרויסע אייזנס. אין דריטן ווינקל, — אַ גרויס אייזערן בעט, אַ באַלייגטס מיט קישנס און קישעלעך. אין פערטן ווינקל — שוין הינטער די טירן — איז געלעגן אַ באַרג מיט אַרבעט צום אויפנייען. אין די טיפע פּאָליצעס אויף די ווענט — פּעק מיט קישנס, קאָלדרעס, איבערבעטן און דעקן מיט ליילעכער און טישטוכער און סערוועטן פון פּליוש, און גרויסע אייזערנע טעפּ און קעס־לען, צוויי מעשענע סאַמאָוואַרן, מעשענע שטויסלען, בעקנס און צוהונעס מיט טעצלעך און לאָקשן־און האַקברעטלעך און קיכגעשיר און אַ באַרג מיט שטובזאַכן, באַלעבאַטישקייט געבראַכטע פון דער היים און פּעק מיט פּאַרטיקע אויסגעפּרעסטע רעקלעך און מענער־מאַנטלען, קעסטלעך פּאָדים און קרייד און שערן מיט שערלעך און אַלערליי שרויפן צו מאַשינען.

דער שניידער האָט, ווייזט אויס, באַמערקט מיין פאַרוווּנדערונג, האָט ער זיך אָנגערופן, פירנדיק דערביי מיט די הענט:

— דאָס אַלץ, וואָס איר זעט דאָ, איז פאַרבונדן מיט אַלטן פאַמיליען־

יחוס... פאַרבונדן מיט דעם ליכטיקן אָנדענק פון זיידעס און באָבעס, אַז די מערדערישע פּאַליאַקן האָבן אונדז געצוווּנגען צו פאַרלאָזן אונדזער היים, האָבן מיר דעם דאָזיקן אוצר אויך מיטגענומען...

— און יידן טאָרן זיך נישט פאַרלאָזן אויף קיין ניסים, — האָט ער צו־געגעבן פאַרביטערט. — ווען מיר אַליין וועלן זיך נישט העלפן איז דאָך נישט שייך צו פאַרלאַנגען פון עמיצן עפּעס... מיר וועלן זיך, מיט דעם אייבערשטנס הילף, איבערמאָרדעווען און קומען צו אַ תכלית... אונדזערע קינדער מוזן לערנען, זיי האָבן קיין בייז אויג, אָפענע קעפּלעך, און דאָ איז עס נישט ווי צווישן די מערדערישע פּאַליאַקן! מען דאַרף נאָר וויסן ווי אָנצוהאַלטן די אייגענע ליניע... נישט אַזוי, רבקהלע? — האָט ער אַ קוועטש־געטון מיט אַן אויג־ווינקל.

— הלוואי וואָלטן מיר געקענט ברענגען אַהער אַפילו די טויטע פון די קברים... — האָט זי געענטפערט. — טריף איז דער פּאַליאַק, און ער איז נישט ווערט צו האָבן אין זיין לאַנד קיינעם פון אונדז, אַפילו נישט די טויטע... דאָס נייע לאַנד איז מיר ליב און איך וועל צופאַלן צו דער ערד און איך וועל זי קושן ווי מען קושט אַ לייבלעכע מאַמע...

— אָבער נישט איבערכאַפּן די מאָס מיט אַרויסווייזן צופיל ליבשאַפט, סיי ווי וועט אונדז קיינער נישט גלייבן... איבערהויפּט דאַרף מען זיין גע־וואָרנט מיט די גוים פון הינטערהויף, — האָבן אירע פרומע אויגן אויס־געדריקט וואָרענונג. — בעסער איז פריער נישט אַריינצוקריכן. סע איז שווער אַריינצוקוקן אין דער טיפקייט פון יענעמס געדאַנק... נעמט עס גוט אַריין אין זינען!...

**
*

— נו, אַזוי ווי מיט יעדער נייער זאַך! — האָט דינעלע געהויבן די אַקסלען. — די ערשטע עטלעכע טעג איז דער שניידער מיט זיין פאַמיליע געווען פאַרטון אין זאָרגן פאַר אונדזערטוועגן. מיר זענען דאָך געווען נאַקעט און באָרוועס. קיין מעבל האָבן מיר נישט געהאַט, ווייל דעם זאַל האָבן מיר געהאַט געדונגען אַ מעבלירטן. האָבן זיי אונדז געבראַכט אַן אַלט בעט, אַן אייזערנס, אַ טישל מיט צוויי שטרויענע שטולן און אַ ביסל געשיר. אַבראַשענקא האָט צוגעגרייט צו עקזאַמענס דעם שניידערס קינדער. זיי זע־נען געווען שוואַך אין מאַטעמאַטיק, און איך האָב אָנגעהויבן נייען שניי־דעריי און פאַרדינט אַ פּעזע מיט אַ האַלבער אַ טאָג.

אַבראַשענקא האָט פאַרגעזעצט לערנען. מיר האָבן נישט געהונגערט, אָבער געווען ווי אויף אַ פרעמדער ווילט. חוץ דעם האָב איך פּלוצים אָנגע־הויבן ליידן אויף די לונגען, און דאָס איז געווען אַ קלאָפּ נישט אויסצו־האַלטן...

האָט מיר אַמאָל דער שניידער געגעבן צו פאַרשטיין: — דינעשי, איר גיט מיר נישט אַרויס די צאָל אַרבעט... איר מוזט אָפּרוען, איר זענט חרוב...

אַבראַשענקאַ איז געוואָרן שווייגנדיקער און געבויגענער. איך האָב צו ביסלעך געאַרבעט און צו ביסלעך געקרענקט, געהוסט, ווייל איך האָב נישט געקענט פאַרליידן דעם שווערן וואָזדוך אין יענעם הויז. ווען דער נאַראָד לאָדט אויס פון זיך דאָס ביסל רחמנות, וואָס איז נאָך געבליבן ער־גען אין זייערע הערצער — דאַן וואַרפט עס אַראָפּ פון זיך די פרעמדע זאָרגן און אַ געפיל פון פאַראַכטונג, פון כעס ווערט אין זיי געבוירן, אויס מורא צו ווערן פאַרפליכטעט צו דינען דעם אומבאַהאָלפענעם... און אפשר זענען זיי געווען גערעכט, אַ, מאַדאַם?

**
*

— אַלסיראַ, מיין געוועזענע סלוזשאַנקע, איז געווען די איינציקע, וואָס האָט מיך נישט פאַרלאָזט. איין מאָל, ווען איך בין ווידער אַוועקגע־פאַלן און געבליבן אַליין מיט מיין אומעט, איז אַלסירא אַריינגעקומען, האָט מיר געמאַכט אַ מאַטע, געגעבן בלימעלען אַ הייס פלעשל מילך און ווי תמיד זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר. אין כאַטקע איז געווען קאַלט, די נאַס־קייט האָט זיך געגאָסן פון די צעשפּאַרטע ווענטלעך, דער ווינט האָט גע־ריסן דאָס דעכל, די סטעליע האָט זיך געוויגט און געקנייטשט און צווישן די שפּאַרעס, האָט זיך פּאַמעלעך געשאָטן אַ נאַסער שטויב, איינינעם מיט פּיצעלעך ערשט־געבוירענע מייזעלעך, גלאַטינקע, ווייכינקע, אָן אַ ביסעלע האָר.

האָט עס מיך דאַן אַ ריס־געטון פון אָרט. איך האָב געוואָלט לויפן אין דער וועלט אַריין, לויפן, לויפן ביז די כוחות וועלן מיר אויסגיין, און איך וועל שוין מער גאָרנישט דאַרפן און מער נישט צוזען דאָס דאָזיקע מיאוסקייט און מיין אַבראַשענקאָס געפאַלנקייט. עס מוז אַוודאי זיין שרעקלעך, ווען אַ לייטישער מוזשטשין קען נישט צוטיילן קיין פרייד זיין פרוי און קינדער... אַבראַשענקא האָט עס שטאַרק געדאַרפט פילן, און ווען איך בין איינגעפאַלן איז ער אומגעלאָפן זוכן אַרבעט און ווי זיין שטייגער

איז געווען, אָפּגעאַרבעט אַ וואָך, צוויי און געקומען אַהיים אַן אויסגעלאָ־שענער, אַ פאַרלוירענער, אָן ווילן צו רעדן, צו לעבן. נאָר ער האָט גע־שמייכלט און זיך געזוכט צו פאַרענטפערן:

— דינא, דינאָטשקאָ! איך הייב גאָרנישט אָן צו פאַרשטיין דעם דאָ־זיקן נאַראָד!... וואָס ווילן זיי פון מיר?!...

— וואָס איז שוין ווידער, אַבראַשענקא?

— איך ווייס אַליין נישט, דינאָטשקאָ!... מיר וועלן זיך צומוטשען נאָך אַ ביסל. דער קאָפּ מיינער איז מיר פאַרטון אין לערנען, — האָט זיך זיין פּנים געקרימט און די נשמה האָט געוויייטיקט, און איך האָב מיטגעוויייטיקט און מיטגעליטן...

ער איז אַוועק איינקויפן און אַלסיראָ האָט זיך דאַן געווענדט צו מיר:

— דו ביסט אומעטיק, באַלעבאָסטעלע, און דו פילסט זיך געקרענקט, ווייל דיינע נאָענטע האָבן דיך באַטראָגן... אָבער דו ביסט נאַריש און באַ־גייסט אַ זינד קעגן דעם געטלעכן ווערק, ווייל ווען מען איז פויל צו שלעפּן דעם פּאַק, וואָס דער הימלישער פאָטער האָט אַרויפגעלייגט אויף דעם שטערבלעכנס פּלייצעס, איז עס אַן אומזין צו פאַרלאַנגען, אַז עמיצער אַנ־דערש זאָל עס פאַר אים טון... און ווייל דו פאַרשווערכסט די פרייד און די שיינקייט, וואָס גאָט האָט דיר צוגעטיילט, וועט די פרייד פון דיר אַנטרינען און דיין שיינקייט וועט דיר קיין נוצן נישט ברענגען... זי וועט דיך נאָר פאַרשעמען...

— די פרייד איז קאַפּריזנע, נישט ווינציקער ווי עס זענען די שטערבלעכע. זי קומט נישט צום געבראָכענעם ווען ער נייטיקט זיך אין איר. פאַראַכטעט ווערן די עלנטע און מען טאָר נישט, באַלעבאָסטעלע, וואַרטן, אַז אונדז זאָל עמיצער פירן ביי דער האַנט... ניין, מען טאָר נישט...

— דו ביסט יונג און רייצנד!... — האָבן אירע אויגן ווי געזשאַרעטע ניס אַרומגענומען מיין גוף און אים באַוווּנדערט. — דו ביסט „אַ זי״ ווי גאָט האָט געבאָטן, איז עס נאָך ווינציק גליק?... זעסטו דען נישט די גלוס־טונג צו דיר אין די אויגן פון די זכרים?... דו האָסט אַ דעכעלע איבערן קאָפּ, און דו האָסט אַ געלערנטן מאַן מיט אַ גאָלדן קינדעלע. איז עס נאָך ווינציק גליק?...

— און זאָגן וועל איך דיר, באַלעבאָסטעלע, אַז דער הימלישער האָט פיינט, ווען מיר מאַכן אים פאַר אונדזער בעל־חוב... ער איז געראָטן אין די שטערבלעכע... ער וועט קיינעם נישט געבן מער וויפל ער אַליין האָט באַשטימט צו געבן... אומזיסט זענען צו אים די טענות און אומזיסט איז

דאָס שלאָגן מיטן קאָפּ אין דער וואַנט... קיינער פון אונדז, באַלעבאָסטעלע, וועט נישט ענדערן דעם אויסזען פון דעם געטלעכן ווערק...

— און צי איז דען דער הימלישער נישט אומעכטיק קעגן זיין אייגע־נעם באַשאַף? און ווען דער שטערבלעכער דערקענט דעם אַלמעכטיקנס שוואַכקייט, דאַן מאָנט ער ווינציקער און איז ווי אַ ווערעמל, וואָס דויבעט און קריכט אונטער די ערד־שיכטן און זוכט זיך אַליין זיין שפּייז און די לעבנסזאַפטן, וואָס זאָל אים אויפהאַלטן...

— ווען איך בין געווען יונג, אין דיינע יאָרן, ביז איך געווען אַ „זי" ווי גאָט האָט געבאָטן, איך האָב גענאָסן פון לעבן, ווי ביי לייטן פירט זיך. ווי אַ ווערימל האָב איך געזוכט מיין שפּייז, און ווען מיר איז געווען שווער, האָב איך נישט געהאַט קיין טענות צום אַלמעכטיקן...

— איך האָב אויסגעטראָגן און אַנטבונדן פון מיין מוטער־טראַכט צוועלף נפשהלעך, צען זכרים און צוויי נקבות. איך האָב זיי גענערט, איך בין געווען ווי אַ קעניגן פון אַ קליינער מלוכה.

— איך בין אויסגעוואַקסן צווישן די וועלדער פון טשאַקאָ, געוואַקסן פריי ווי די ווילדע פייגל און גליקלעך. אין צייט פון שניט, ווען די ווייס־סינקע קעפּלעך פון וואָל האָבן ווי טויבן געפלאַטערט אַנטקעגן דעם לויטערן הימל, אַרויפגעקוקט צום אַלמעכטיקן און אים געדאַנקט פאַר זיין גענאָד, וואָס ער האָט נישט געשיקט קיין שטורעם, וואָס האָט זיי געקענט אַרויס־רייסן פון לעבן,אַרויסרייסן איניינעם מיט דער ערד, — דאַן פלעגן מיר משפּחותווייז אַרויספאָרן פאַרדינען אַ סענט, אָנגעהאָנגען די זעק אַרום דעם גאַרטל, געקליבן און געפליקט די ווייסינקע קעפּלעך און אָנגעשטאָפּט די זעק. אַזוי פלעגן מיר אַרומגיין איבער די פעלדער, די זון האָט אונדז גע־וואַרעמט און אויפן האַרצן איז אויך געווען אַזוי וואַרעם און אַזוי גוט, ווייל עס איז געווען די שפּייז וואָס מיר אַליין פאַרדינען זיך.

— און אַז אַ זכר איז געזעטיקט מיט ברויט און פעטע פליישן, איז ער באַזויפּט און דאַרשטיק נאָך ליבע. דאַן ווערט ער ווי אַ לונאַטיקער. אַ גע־פירטער פון זיינע ברענענדיקע בלוטן טאַנצט דער זכר און כישופט אויס איבעם שפּילן אויף אַ גיטאַרע דעם טיפסטן רייץ צו דער „זי". און ווער קען עס דאַן ביישטיין די ברענענדיקע אויגן פון אַזאַ זכר? און איז דען נישט אַ זינד אָפּצוזאָגן זיך פון אַ ביסל גליק?... ווערט מען ביידע פאַרצוקט פון תאווה... און וואָס קען אַן אָרעמע שטערבלעכע טון קעגן גאָטס ווילדן באַשאַף?... די זכרים זענען אָפטמאָל ענלעך צו די ווילדע קאַראַנטשאָס אין די טיפענישן פון די וואַלד־קוסטעס אין טשאַקאָ. ער זינגט צו דיר און

רופט, צינדט דיין פאַנטאַזיע און דיין בלוט, און דו ווערסט געפירט פון דיין אינסטינקט און ווערסט — ווי אַ מילדע שאָף — אונטערטעניק צו אים און ער פאַרזיסט דיין לעבן, און נאָכדעם בלייבסטו ווידער אַליין מיט די זוימען פון גאָטס באַשאַף אונטער דיין האַרץ...

— פון קיין טאָטן אַ פאַרזאָרגער האָבן די ווערימלעך מיינע נישט געוווּסט, און ער האָט זיי נישט אויסגעפעלט, — האָט אַלסיראַ שטאָלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און אירע אויגן ווי געזעשאַרעטע ניס האָבן געפלאַמט מיט אַ מאָדנעם אינערלעכן פייער. — אומענדלעך ברייט און צוציִענדיק זענען די וועלדער פון טשאַקאָ פול מיט ווילדע קאַקטוס־פּלאַנצן, מאַראַנצןביימער מיט וועווערקעס און ווילדע קאַטשקעס, גענדז און חזירימלעך. די קינדערלעך האָבן זיך געהאָדעוועט אַליין ווי די ווערימלעך, וועלכע דרינגען אַריין אונטער די זאַפטיקע ערדשיכטן און געפינען דאָרט נאַרונג, וואָס דער הימלישער פאָטער האָט צוגעגרייט פאַר זייערטוועגן.

— געלעבט האָב איך מיר פריי און זאָרגלאָז! ווייל גאָרנישט, באַלעבאָסטעלע, האָט דער שטערבלעכער, וועלכער איז פאַרקנעכטעט צו עמיצן, דו הערסט?... און קומען וועט אַ טאָג, ווען דער הימלישער וועט זיך מרחם זיין און וועט אויפבינדן די אויגן פון זיינע קינדער, די פאַרבלאָנדזשעטע שאָף, און וועט זיי אַרויספירן צו די פּלאַנטאַציע־פעלדער און די סודותפולע וועלדער, און דאַן וועלן די מענטשן ווערן פריי פון זייער קנעכטשאַפט. זיי וועלן זיך מער נישט שרעקן פאַר דער נאַטור און נישט פאַר די ווילדע חיות, אונדזערע בעסטע פריינט... ווייל די חיה וויל נישט באַהערשן אונדזער לעבן און ברעכן אונדזער ווילן... אָבער די שטערבלעכע זוכן יאָ צו פאַרקנעכטן איינער דעם אַנדערן, און דערפאַר זענען זיי שלעכט און פאַרדאָרבן...

— עס האָט אַמאָל געטראָפן אַ נס, און ביים זוים פון וואַלד איז געפאַלן אַ יונג קאַלב, האָבן מיר געפּראַוועט אַ סעודה און גענאָסן פון לעבן ווי גאָט האָט געבאָטן. דאָס פעטס איז גערונען איבער דעם ברענענדיקן שייטער און מיינע ווערימלעך האָבן געשניטן שטיקער פונעם געבראָטנס און אַ פרייד איז געווען אין זייערע הערצער, און נאָכן מאָלצייט האָט מען געטאַנצט אַ „קועקאַ“ און געשפּילט גיטאַרע.

— נאָר איין מאָל האָבן מיר זיך צופיל פאַסמאַקעוועט מיט אַ ווילדן חזיר, וועלכער איז צעזעצט געוואָרן פון איבערגעפרעסנקייט. אַ געשמאַקן מאָלצייט האָבן מיר דאַן געהאַט, ממש נישט צום פאַרגעסן. אָבער מיינע ווערימלעך זענען מיר אַוועקגעפאַלן און האָבן זיך געקאָרטשעט אין יסורים.

איך האָב זיי געגעבן אַלערליי וואַסערן פון געווירצן, צוגעלייגט גרויסע וואַלד־בלעטער צו זייערע בייכלעך, — אָבער גאָרנישט האָט געהאָלפן!... זיי זענען ביי מיר איינציקוויז אויסגעגאַנגען ווי די ליכט, און קיינער, באַ־לעבאָסטעלע, האָט מיך נישט געטרייסט. איך בין געבליבן אַליין ווי אַן אויסגעהוילטער בוים, אָן זאַפט, אָן בלעטער און אָן פּירות...

— איך האָב דאַן פאַרלוירן די לוסט צו אַ זכר... און דערפילט האָב איך די שטראָף, וואָס דער הימלישער האָט אויף מיר געשיקט. האָב איך עס אוודאי אָנגענומען פאַר ליב. אָבער איך בין געגאַנגען צו די אַלטע אינדיאַנערנס און געבעטן ביי זיי אַן עצה. האָבן זיי מיר געגעבן צו טרינקען ביטערע וואַסערן פון וואַלד־געווירצן און איך בין געהאָלפן געוואָרן. עס איז ווידער געשען... אָבער שוין אָן דעם ברען פון דער יוגנט... עס האָט אויסגעזען, אַז די ווערימלעך מיינע האָבן מיטגענומען אין זייער אייביקן וועג אַריין אַ שטיק פון מיין לעבן, פון מיין ווייבערישן גליק...

— און אפשר האָט מיך דער הימלישער באַשטראָפט פאַר דעם נישט וויסן וואָס צו טון מיט זיין גרויסן גענאָד, מיט דער פּרוכטבאַרקייט וואָס ער האָט מיר געשענקט. די היינטיקע זיעלעך פון מיין אָפּשטאַם, זיי פאַרשטייען שוין ווי איינצוואָרדענען פאַר זיך אַ בעסער און לייכטער לעבן. אַמאָל מיט אַזוינע צוואַנציק יאָר צוריק האָט מען געקענט אָפּגעבן אַן ערשט־געבוירן קינד אין די הענט פון אַ בכבודיקער משפחה און באַקומען אַ הונדערטער און אַמאָל נאָך עפּעס מער... און איך האָב די ווערימלעך מיינע געלאָזט זיך דערנערן אויף זייער אייגענעם שטייגער. דערפאַר האָט זיי, ווייזט אויס, דער הימלישער צוגענומען צו זיך...

— אָבער דו ביסט יונג, און היינטיקע צייטן זענען נישט ווי די אַמאָ־ליקע. איצט האָט אַן ערשט־געבוירנס גאָר אַ געהויבענעם מקח. אַ חוץ דעם קענסטו עס גאָר אַריינגעבן אין גאָטס הויז צו דערצויגן ווערן אַלס ערלעכע קריסטן, און דאָס איז דאָך גאָר אַ גרויסע מצווה! — האָט זי אַרויסגערופן מיט עקסטאַז. — דיין מיידעלע איז ביי דיר אַ געראָטנס, און זי וועט מיט גאָטס הילף נושא חן זיין... איי, מיין האַרינטע, דו פילסט זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען? דיין פּנים איז געל געוואָרן און דיינע אויגן דריקן אויס שרעק!...

— אָט זעסטו שוין, אַז דו פאַרשטייסט נישט דיין אייגענעם ווערט. דערפאַר ביסטו אַזוי טרויעריק. צוליב וואָס האָט אונדז דער הימלישער גע־שאָנקען אַזוי פיל חן? דו ווייסט, דו ציטערסט? קיינער פון אונדז וועט

נישט מאַכן שענער דעם הימלישנס ווערק און נישט אויסווייגען ביי אים דאָס, וואָס ער האָט נישט אָנגעצייכנט פאַר אונדזערטוועגן...

— עס איז דער לייכטסטער און ערלעכסטער אופן צו פאַרדינען אַ פּעזע. — האָבן אירע אויגן אויסגעדריקט ענדלאָזע פרייד און אומשולד — צי האָבן מיר דען נישט קיין רעכט צו טון מיט אונדזער אייגן בלוט און פלייש דאָס, וואָס מיר ווילן? צי טוען מיר דען שלעכטס עמיצן? ווען איך וואָלט געוועז אָפּגעגעבן דעם איינציקן זון מיינעם אין לייטישע הענט, וואָלט איך שוין היינט געוועז אַ האַרנטע!... ער וואָלט שוין געווען אַ מאַנספאַר־שוין מיט אַ נאָמען. דאָס חיות גייט מיר אויס, ער זאָל האָבן אַ בכבודיקע פּרנסה, אַן אינטעליגענטע. צי איז דען ווינציק, ווען ער באַקומט אַ פּלאַץ אַלס בריוטרעגער? — האָבן אירע אויגן אויפגעשיינט מיט בטחון און מיט באַדויערן אויף אירע פריערדיקע טעותן... — איצט איז ער ביי מיר אַ פריצייטיקער זכר, און די ווייבער פירן אים איבער...

— ווונדערסט זיך, באַלעבאָסטעלע, אויף מיין עצה אָפּצוגעבן אין לייטישע הענט דיין גערעטן ווערימל אין דער צייט, וואָס איך אַליין האָב אויפגעהויבן פון מיסט אַן ערשט־געבוירנס און האָב עס דערצויגן? וועל איך עס דיר געבן צו פאַרשטיין: ווען עמיצער איז געבראָכן און ער גיט אַ נדר, און דער הימלישער פאָטער האָט דעם נדר אָנגענומען, — מוז מען אַלץ אויספילן ביזן סוף.... און איצט זיי מיר געזונט און האָב גוטע חלומות. שפּעטער וועל איך קומען און מיר וועלן שמועסן און מיטן אייבערשטנס הילף קומען צו אַ טאָלק...

ווען אַבראַשענקא איז געקומען צוריק, האָב איך אים איבערגעגעבן וואָרט ביי וואָרט וועגן אַלץ וואָס אַלסיראַ האָט מיך געלערנט צו טון מיטן קינד. האָט ער געשמייכלט און אויף זיין שטייגער אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט:

— פּוסטיאַקי!... אַלסיראַ האָט מסתמא געשפּאַסט, און דו, דינאָטשקאַ, נעמסט אַלץ אויף אַזוי ערנסט!...

ער האָט מיר צוגעגרייט מילך מיט האָניק און איז אַוועק געבן אַ לעקציע דעם שניידערס קינדער.

***

דעם אַנדערן זונטיק איז אַלסיראַס „טאָכטער" אַלט געוואָרן פערצן יאָר. איך האָב שוין פון פריִער געוווּסט וועגן דער „טאָכטער". אָבער ווען איך האָב זי צום ערשטן מאָל דערזען בין איך געוואָרן איבעראַשט. עפּעס

אויסטערלישעס איז געווען אין איר סודותפולן שווייגן, אין איר אומצוטרוי צו די מענטשן.

אַלסיראַ האָט געמאַכט אַ בכבודיקן יום־טוב, און דער נאַראָד פון הויף, און איבערהויפּט טיסעראַ, האָבן אויף אַ פייערלעכן אופן, דורך געזאַנג און טענץ, באַגריסט די אימעניניצע. טיסעראַ איז געשטאַנען לעבן ווענטל פון מיין כאַטקע און געשפּילט אויף זיין אַלטער גיטאַרע. זיינע שמאָלע ליפּן האָבן זיך באַוועגט אונטער דעם דינעם ווייסן העמד מיט דעם שוואַרצן שניפּס און הויכן דאַרן קאָלנער, און זיינע אויגן האָבן געברענט מיט חוצפה און מיט איינפאַל. דער נאַראָד, מוזשטשינעס און זשענשטשינעס, אונדזערע שכנים, האָבן זיך געדרייט אין אַ טאַנגאָ, צוגעטוליעטע איינס צום אַנדערן און מיט זייערע פאַרשמאַכטע פּנימער און פאַרנעפּלטע בליקן האָבן זיי אויסגעזען ווי לונאַטיקער.

סאַנמאַרטינאַ, די אימעניניצע, אַן אויסגעפּוצטע אין אַ געל געבלימט קליידל, מיט אַ רויטער סטענגע אַרום קאָפּ און מיט אַ סך בייטשלעך קרעלן אַרום האַלדז, קרעלן פון אַלערליי קאָלירן, איז געשטאַנען לעבן טיסעראָן און עפּעס אַזוי פּאַטאַינע און פאַרביסן געקוקט מיט אירע שמאָלע שוואַרצע מאַנדל־אויגן. דאָס שמאָל גרין פּנימל איז געווען ווי פאַרשטיינערט, און אירע לאַנגע שמאָלע הענטלעך האָבן זיך אַלע מאָל אַ הייב־געטון צו טיסע־ראָן, און ווען ער איז געבליבן מיטגעריסן פון זיין אייגענער פרייד און פון שפּילן — פון די קלאַנגען, וועלכע זענען, ווי רויטע און ווייסע פייגל, גע־פלויגן פון אונטער זיינע פינגער, האָט זיך איר פּנימל איבערגעצויגן מיט אַ האַרטער מינע, מיט אַזאַ פאַרביסנקייט וואָס האָט מיך געשראָקן. דאַן האָט זי אַריינגעשטאָכן אין מיר אַ שפּיציקן בליק, אַ בליק פון וואָרענונג...

טיסעראַ האָט זיך אומגעדרייט מיט דעם פּנים צו מיר, און אַ ווייכע שיין האָט זיך געבראָכן אַרום זיינע סענסועלע ליפּן, אַ געבעט, אַנטקעגן וועלכן איך בין נישט געווען בכוח זיך קעגנצושטעלן.

עפּעס אין מיר האָט זיך ווי איינגעבראָכן, און איך בין געבליבן זיצן אויף דעם בענקעלע אין אָפענעם טירל פון מיין כאַטקע און געטוליעט צו מיר מיין בלומעטשקען.

דאַן איז צוגעקומען אַלסיראַ, אַן אויסגעפּוצטע אין אַ שוואַרץ ברייט געקליבן מלבוש פון ביליקסטן שטאָף. אירע שמאָלע שוואַרצע צעפּלעך אויסגעלייגט אַרום קאָפּ. זי האָט זיך אַריינגעשטעלט צווישן סאַנמאַרטינאַ און איר זון און צו מיר האָט זי געזאָגט מיט אַ שיכורלעכן טאָן:

— די קליינע איז ביי מיר אַ פריצייטיקע. זי איז באַשאָנקען מיט

גאָטס ברכה, אָבער זי וועט זיך פאַרזינדיקן פאַר דעם הימלישן, ווייל זי פאַדערט צופיל... איז עס דען געהערט געוואָרן, אַז אַ זכר זאָל זיך אינגאַנצן איבערגעבן צו איין אָרעם באַשעפעניש, אַז?... זאָג עס מיר דו, באַלעבאָס־טעלע, דו ביסט אַ מענטש מיט וועלט־קענטעניש, לערן איר אויס צו זיין אַ ביסל קליגער, אויב זי וויל, אַז מיין זון זאָל זי נישט פאַרלאָזן...

איך האָב מיך אויפגעהויבן מיט אַ שווער געפיל און, אַ באַהערשטע פון פחד אַריינגעצויגן צו ווערן אינעם פּלאָנטער צווישן אַלסיראַן מיט אירע קינדער, בין איך אַריין אין מיין כאַטקע. איך האָב דאָס קינד אַריינגעלייגט אין בעטל און עס אָנגעהויבן צו פאַרוויגן. ווען די קליינע האָט אָנגעהויבן צו דרימלען און איך האָב מיך אויסגעגלייכט און אויפגעהויבן די אויגן צום אָפענעם פענצטערל, זענען טיסעראַס ברענענדיקע בליקן, פולע מיט האַרצרייסנדיקן געבעט, געפאַלן אויף מיר. ער האָט געמורמלט זיס און קינדיש און זיין פּנים איז געווען אײדל און טרויעריק:

— קומט אַרויס צוריק, שיינע ווייסע האַרנטע... דאָס שפּיל איך איצט פאַר אייערטוועגן... מיין נשמה איז געוואָרן אַ רויטער בלומען־קראַנץ, און איך וועל מיט די בלומען באַצירן אייער שיינעם קאָפּ,אייערע הענט, אייער געטאָקטן האַלדז...

און סאַנמאַרטינאַס אויגן, ווי צוויי פּיאַווקעס, האָבן זיך איינגעבויערט אין מיין האַרץ, און פאַמעלעכקע, פאַמעלעכקע געזויגן מיין בלוט...

דער נאַראַד האָט געטאַנצט און געהפּעט און אַזוי כיטרע זייטיק גע־קוקט אויף אונדז און צווײדייטיק געשמייכלט און געחוזקט. די שוואַכע אָסיען־זון האָט זיך געבראָכן איבער זיי און, דאַכט זיך, מיטגעשמייכלט... און עפּעס ווי באַדויערט און געציטערט פון שרעק...

***

מיין אַבראַשענקאַ איז אָנגעקומען פון גאַס און ווי תמיד האָט ער, אויף זיין שטייגער, העפלעך מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, געגריסט דעם נאַראַד און מיט אַ זייטיקן וועג אַוועק פאָרויס, צו אונדזער כאַטקע.

מיך האָט עס אַרויסגעטראָגן. איך האָב אים גענומען אונטער דער האַנט, און האָב מיך געשעמט אויפצוהייבן צו אים מיין פּנים, מיינע אויגן, אויס מורא, אַז טיסעראַס ווערטער וועלן פון זיי אַרויסקוקן און באַליידיקן מיין מאַן.

טיסעראָ איז אונדז אַנטקעגנגעגאַנגען, אַ געשטרעקטער מיט דעם שמאָלן געטאָקטן פיגורל האָט ער זיך לאָמאיעט, געהנדלט און די שרייענ־

דיקע חוצפה מיטן זשאר פון זײַנע אויגן האָבן זיך געריסן אין דער וועלט אַרײַן. ער האָט אונטערגעשטעלט אַבראַשענקאָן אַ פוס, און אַבראַשענקא איז אומגעפאַלן און מיך אויך מיטגעשלעפּט. דער נאַראַד האָט געקייכט פון געלעכטער, און טיסעראַ, אַן אויפגעשטראַלטער האָט זיך העפלעך גענייגט און געזאָגט מיט אַ טאָן פון כלומרשטן באַדויערן:

— אַנטשולדיקט מיר, הער פּראָפעסאָר!... אַנטשולדיקט, עס איז געווען אומגערן!...

מיך האָבן זײַנע ווערטער געשמיסן, מײַן נשמה האָט געסטראַדאַיעט... עפּעס אין מיר האָט זיך צעבונטעוועט און מיך געשטעלט אויף די פיס. איך האָב אָנגעהויבן פּאַטשן אין טיסעראַס באַקן, פּאַטשן הילכיק און שטאַרק...

איך האָב נישט געזען, ווען און ווי אַזוי אַבראַשענקא האָט זיך אויפגעהויבן און מיך געפּרוווט אָוועקרײַסן פון יונג. דער נאַראַד האָט זיך צוזאַמענגעשלאָגן אַרום אונדז און מיט האַרטקייט אויף די פּנימער, מיט אומגעדולד אין די בליקן, געוואַרט אויף טיסעראַס אַ באַפעל, גרייטע מיך מיט מײַן אַבראַשענקאָן צו צערײַסן ווי מען צערײַסט אַ הערינג...

סאַנמאַרטינא איז צוגעפאַלן צו מיר און אַרײַנגעשטאָכן די נעגל אין מײַן האַלדז. ערשט דאַן האָט זיך אַלסיראַ, ווי אַ שוואַרצע מאַסע, אַרויסגערוקט פון צווישן נאַראַד און האָט קוים אָוועקגעריסן פון מיר די צעווילדעוועטע מויד, מיך אָוועקגערוקט אַן אַ זײַט, אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף דעם זונס אַקסלען און גערעדט צו אים מיט אַ מילדן טאָן:

— זון מײַנער, אוצר פון מײַן האַרצן! עס איז אַ זינד צו באַליידיקן אַן עלנטן... דערצו נאָך אין דער אָנוועזנהייט פון זײַן ווײַב... אַלץ וועט אַ לײַטישע „זי" דולדן און פאַרגעבן דעם זכר — האָט זי אַ דונער געטון ווי פון אַ פאַס אַרויס — נאָר נישט זײַן שוואַכקייט... זײַן אומפעיִקייט צו פאַרטיידיקן, צו באַשיצן זײַן כבוד און דעם כבוד פון זײַן לעבנס־באַגלייטערן...

מיר זענען אַרײַן אין כאַטקע. אַבראַשענקא האָט מיך געשטראָפט, און אויף זײַן שטייגער, געשמייכלט און אויסגעמיטן מײַן בליק:

— האָסט נישט באַדאַרפט, דינאַ, מאַכן קיין סקאַנדאַל... דער יונג האָט עס געמאַכט אומגערן... ער איז פאַרליבט אין זיך, און דער נאַראַד קוועלט פון זײַנע אײַנפאַלן... אַלסיראַ איז אַ וווּנדערלעכע פרוי! צוליב איר וועלן מיר דאָ מוזן פאַרשווײַגן אַ סך, אַ סך נאַרישקייטן...

זײַן מילדקייט האָט מיך געערגערט ביז גאָר. דאַן האָב איך אים איבערגעגעבן וואָרט אין וואָרט, וואָס אַזױנס טיסעראַ האָט מיר פריִער גע־

זאָגט... האָט ער מיך שווייגנדיק אָנגעקוקט און פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט מיט אומעטיקער אומפאַרשטענדלעכקייט...

— דו ווייסט דאָך, דינאַ! — האָט ער נאָך אַ לענגערן טראַכטן אַ זאָג־געטון. — דער פּראָסטער נאַראָד פאַרטראָגט נישט קיין אַנדערשקייט פון זיינע מיטמענטשן... זיי פאַרלאַנגען אַבסאָלוטע גלייכהייט סיי אין אַרט דענ־קען און סיי אין אַרט לעבן... און ווען מען קומט זיי נישט אַנטקעגן ווערן זיי ווילד און גרויזאַם... זייער גוטסקייט, פּונקט ווי זייער בייזקייט, איז אָפטמאָל געפערלעך... דערפאַר, דינאַ, איז גלייכער, ווי איך האָב דיר שוין פיל מאָל געזאָגט, זיך איינגאַנצן אָפּצוזונדערן פון זיי, אויסמיידן, אויפהייבן זיך העכער, דאַן וועט די נשמה אויפהערן סטראַדאַיען... דער יונג וועט מיך ווערן צו קריכן אַהער... ער איז צעבאַלעוועט און דאָס איז אַלץ... פון בישטיקייטן לוינט עס נישט צו מאַכן קיין וועזן. געדענק עס, דינאָטשקאַ!...

— אַוודאי איז אַבראַשענקאַ געווען גערעכט און אויסגעהאַלטן! — האָט זי אַריינגעזיפצט אין זיך, און האָט ווידער מיט אַ צאַפּל אין האַרצן פאַרגעזעצט צו דערציילן. — פון יענעם טאָג אָן האָט ער אויף אַלע אופנים אויסגעמיטן די מינדסטע באַרירונג, סיי מיט דעם יונג און סיי מיט דעם נאַראָד פון הינטערהויף. ער האָט מער קיינעם נישט געגריסט און זיך גע־מאַכט נישט־וויסנדיק, ווען זיי פלעגן אים פאַרפאַלגן מיט חוזק־בליקן און שטעכווערטלעך. אַ סך מאָל פלעגט ער אַוועק אינדערפרי געבן לעקציעס; און ווען ער איז אין די פאַרנאַכטן געקומען אַהיים האָט ער אויף גיך געכאַפּט אַ קיי און זיך ווידער מיט דער גאַנצער נשמה אַריינגעטון אין לערנען און זיך גרייטן צו די עקזאַמענס. מיר האָבן געהאָפט, אַז הײַנט־מאָרגן וועלן מיר פּטור ווערן פון יענעם הויף.

דער יונג האָט נישט אויפגעהערט מיט זיינע שפּיצלעך און איינפאַלן, און מיין געמיט איז תמיד געווען אָנגעשפּיצט און וואַכזאַם. אָבער איינמאָל האָט זיך דעם יונגס אָן איינפאַל געענדיקט מיט דעם גרעסטן דערפאָלג פאַר אַבראַשענקאַן, און ערשט דאַן האָט עס נישט געטויגט...

**
*

עס איז געוואָרן ווינטער, עס האָט אַלץ גערעגנט און גערעגנט. דער הימל איז געהאָנגען נידעריק איבער די כאַטקעס, געהאנגען ווי אַ גראָבער טרערנזאַק און געטריפט מיט דינע, לאַנגזאַמע וואַסער־נאָדלען און מיט אַ טויטלעכן אומעט. די ווענט פון די כאַטקעס זענען געוואָרן צעדריבלט און

באַדעקט מיט אַ שיכט גרינעם און רויטלעכן שימל. דער קאַלטער ווינט האָט געריסן די בלעכענע דעכלעך און האָט אונטערגעהויבן די שאלן און די זעק איבער די שמאָלע אָפענע טירלעך מיט די פענצטערלעך פון די כאַטקעס, ווי געזונקענע קברים. די אויסגעקרימטע צווייגן פון דעם איינ־ציקן אַלטן פייגנבוים לעבן מיין כאַטקע זענען געווען נאַקעט, און דורכ־געווייקט פון רעגן. גאַנצע קופּעס נאַסע, געלע בלעטער האָבן זיך געוואַל־גערט אַרום בוים, און עס האָט אויסגעזען, אַז דער ווינטער וועט דויערן אַן אייביקייט, און דער נאַראַד אין יענעם הויף וועט בלייבן אַ נאַקעטער, אַן אָפּגעריסענער, ווי עס איז געבליבן דער בוים...

זיי, די שכנים, האָט מען נישט געזען! פאַרשטעקטע אין די כאַטקעס אַרום אייוועלעך מיט פייער האָט מען געזשאַרעט פּיראָגן, געטרונקען מאַטע, געבראָטן פעטע פליישן, זיך געפּאַרט אָדער זיך געשלאָגן, געשאָלטן און געווען אויפגערייצט ווי הונגעריקע בינען. די ווייבער פלעגן זיך אַרויס־כאַפּן אין גאַס פאַר־דינען אַ פּעזע, ווער ביים וואַשן וועש, שייערן דילן, און ווער — ביים פאַרקויפן דאָס אייגענע לייב...

און טיסעראָ? ער האָט נישט געאַרבעט. ער איז, ווי אַ געפּענטעטער פויגל, אומגעלאָפן פון איין כאַטקע אין דער אַנדערער, געשפּילט אויף זיין גיטאַרע, געזונגען און געטאַנצט, געדויכערט און געטרונקען, גענאָסן פון די מאָגערע אָביעדן, וועלכע שכנים האָבן אים מיט ליבשאַפט אונטערגע־טראָגן... אָבער די מערסטע שעהן פון טאָג איז ער געלעגן צווישן די שמאַטע־קנוידערן אויף זיין קאַטרע, און דורך אַ ברייטער שפּאַרע אינעם הילצערנעם ווענטל געקוקט און געצילעוועט מיט זיינע אַנגעצונדענע אויגן אין פענצטערל פון מיין כאַטקע... געצילעוועט פּאַטאַינע און עקשנותדיק ווי אַ יעגער אויף זיין אומבאַהאָלפענעם קרבן...

און מענדל שניידערס מאַשינען האָבן זיך געדרייט און געדרייט, אַזוי ווי צום טאַקט פון דעם רעגן מיטן ווינט, וואָס האָבן געקלאַפּט און געשלאָגן מיין געמיט און מיין האָפענונג אויף אַ מענטשלעך לעבן, און ווען איך האָב שוין געמיינט, אַז עס וועט אייביק זיין ווינטער און מיר וועלן שוין דאָ פאַרפוילט ווערן ווי די מייז אין די נאָרעס, און די זון וועט שוין קיינמאָל מער נישט שיינען — האָט זי זיך אין איינעם אַ פרימאָרגן פּלוצים באַוויזן...

זי האָט זיך געשפּאַרט און געגאָסן פון די בלויע גאָלדיקע הימל־ברעגעס און האָט אַנגעטאָן דעם בוים אין אַ רויט־גאָלדיק זונען־קלייד און באַגאָסן מיט שנירלעך שיין ווי זילבער און דימענטן ווי מיט רויטע בורשטי־נען, יעדן ווינקל פון הויף און פון די צעפּראַלטע כאַטקעס.

דער הימל איז געווען אַזוי איידל און דורכזיכטיק־בלוי ווי אַ באַציר־טער און אַ באַקליידטער אין בלויע גאָלד־געשטיקטע העמדלעך פון ספר־תורות און מיט ווייס־בערדיקע צדיקים אין ווייסע קיטלען מיט טליתים צעפלאָכטן, צעשנירעוועט, און פולע מיט געגאָד און מיט ליבשאַפט אין זייערע גרויסע פרומע אויגן, און מיט פרייד און פאַרגעבונג האָבן זיי זיך אין מחנות אַראָפּגעלאָזט צום נאַראָד כדי אים צו טרייסטן און אויפהייבן פון געפאַלנקייט.

עס איז געוואָרן אַ באַוועגונג, אַ טומל, מען האָט אַרויסגעטראָגן פון די כאַטקעס נאַסע מאַטראַצן, בינטן מיט שמאַטעס, דעקעס מיט קאָלדרעס, זיי געטריקנט אונטער דער שײַנענדיקער זון. מען האָט איינע די אַנדערע אוגאָשטשייעט מיט מאַטע און אַלסירא האָט אינמיטן הויף געמאַכט אַ גרויסן פייער און געזשאַרעט פּיראָגן, זיי געטיילט די שכנים.

ווייבלעך, מיידלעך, אויסגעבלייכטע, געלע און מידע, האָבן געטאַנצט אַרום פייער, געפּאַטשט מיט די הענט און געזונגען.

טיסערא האָט פאַרקעמט זיינע שוואַרצע לאָקן און טאַנצנדיק גע־שפּילט, געזונגען און זיך געפרייט מיטן לעבן, געפלאַטערט אַרום די ווייבער און זיי געדרייצט און געכישופט. שפּעטער איז אַ האַלבע קאַלב געהאנגען איבערן פייער און דער נאַראָד האָט געגעסן און געטרינקען וויין.

דער טאָג איז באמת געווען אַ ווונדערלעכער. אַ טאָג פון תחית המתים! פאַרנאַכט איז דער הימל געוואָרן נאָך מער רויִק, און אַ גאָל־דענע זון האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ בלייכער כמאַרע און אַראָפּ־געקוקט צו אונדז עפּעס ווי געטרייסט און זיך אָפּגעזעגנט צווישן די צווייגן פון בוים און ווי זיידענע שנירן געוויקלט אַרום די נאַסע ווענט.

דער נאַראָד פון הינטערהויף האָט ווידער געטאַנצט. אויסגעמאַ־טערטע פון אַ לאַנגן אומעט און פון ליגן אויף די נאַקעטע קאַטרעס אין די נאַסע כאַטקעס זענען זיי געווען בלייך און מאָגער ווי די שאָטנס. האָבן זיי זיך איינגעגראַבן איינס אינעם אַנדערן און זיך געשיפּט צום טאַקט פון די מוזיק־קלאַנגען. טיסערא איז געשטאַנען אינמיטן, זיך אַלעמאָל געטון אַ בייג דאָ אַהין און דאָ אַהער, שפּילנדיק געמאַכט פאַרשיידענע פיגורלעך, און זיינע פינגער האָבן געציטערט איבער די סטרונעס און ווי דאַרשטיקע פּיאַוו־קעס אַרויסגעצויגן פון זיי טענער, וואָס האָבן פאַרשיכורט...

אַבראַשעניקאַ איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט ער, לויט זיין שטיי־גער, אויסגעמיטן דעם טאַנצנדיקן נאַראָד. אָבער טיסערא האָט זיך אים

געשטעלט אין וועג און ווידער אונטערגעשטעלט אַ פוס. אַבראַשענקאַ האָט זיך אַ וואַקל־געטון, אָבער, גאָט צו דאַנקען ,נישט אומגעפאַלן... ער איז באַר געוואָרן בלייך, און אַ דיניקער שמייכל האָט אויפגעציטערט אַרום זיין מויל. פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט מיט ביטול און וואָרענונג...

דער נאַראַד איז געבליבן שטיין, און איך בין צוגעלאָפן צו אַבראַשאַן, אים געגומען אונטערן אָרעם און מיר האָבן זיך ביידע געלאָזט צו אונדזער באַטקע. עס האָט אויסגעבראָכן אַ געלעכטער און טיסעראַ איז אונדז פאַר־לאָפן דעם וועג. דאַן האָט אַלסיראַ אים אָפּגעשטעלט. פון אירע גרויסע אויגן, ווי געזשאַרעטע ניס, האָט עס געטריפט מיט גוטסקייט און געבעט. זי האָט אַרויפגערעדט צו אים:

— טאַטעלע, אוצר פון מיין האַרצן!... בעט פאַרגעבונג ביים הער פּראָ־פעסאָר. עס איז אַ זינד צו פאַרשוועכן מיט בייזקייט דעם טאָג פון גענאַד, וואָס דער הימלישער האָט אונדז היינט צוגעשיקט... לאָמיר אים אָפּצאָלן מיט לויב און מיט פרייד!... לאָמיר זיין צו אים גנעדיק!...

טיסעראַס פּנים איז געוואָרן אויסגעצויגן ווי אַ שוואַרצע מאַסקע. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט, ווי עס האָט אויסגעזען, געזוכט דעם איינ־דרוק פון פאַרשטומטן אָבער אָנגעצויגענעם נאַראַד אַרום אים. זייערע בליקן האָבן אים אַפּלאָדירט... איז ער געוואָרן נאָך מער גדלותדיק. די חוצפּה האָט זיך געריסן פון אים. ער האָט אונטערגעטראָגן אַבראַשאַן די גיטאַרע און מיט אַן אומשולדיקער מינע אַ זאָג־געטון:

— זאָל דער פּראָפעסאָר עפּעס שפּילן...

— שפּילן, שפּילן! — האָט דער נאַראַד בייז געברומט. — זאָל לעבן טיסעראַ!... זאָל דער אויסלענדער, דער גרויסהאַלטער, ווייזן זיין קונסט, אַז נישט וועלן מיר אים צעשפּאַלטן אויף צווייען... דעם גרויסהאַלטער! עס שטייט אים נישט אָן צו גריסן זיינע שכנים, די אמתע אַרגענטינער...

אַבראַשענקאַ איז געווען רויק. אַן אומשולדיק שמייכל האָט אַראָפּ־געקוקט פון זיין פּנים, און פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט מיט רחמנות און גלייכגילט... איך האָב אַרויסגעכאַפּט די גיטאַרע ביי טיסעראַן, זי דער־לאַנגט אַבראַשאַן און האָב אים געבעטן, אוזשאַסנאַ געבעטן:

— שפּיל! שפּיל!...

אַבראַשאַ איז געוואָרן ערנסט ווי דאַן ,ווען ער פלעגט זיך נעמען צו אַ וויכטיקער אַרבעט. ער האָט פּאַמעלעך אָנגעצויגן די נאָכגעלאָזטע סטרו־נעס פון דער גיטאַרע בעת טיסעראַס חוזקדיקע בליקן האָבן אַמוזירט דעם

אומגעדולדיקן נאַראַד און זיי צוגעזאָגט אַ נייעם סורפּריז פון זיין זייט... אַבראַשענקאַ האָט אַ פּאַך־געטון מיט די פינגער איבער די סטרונעס, און אַ בינטל קלאַנגען, ווי וויכע און וואָגיקע שטיקער זייד, האָבן זיך צעשאָטן אַרום און אַרום.

דער נאַראַד האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם איין מאָל און נאָך אַמאָל. איינער האָט צעפּלאָכטן דעם קנופּ פון דער שוואַרצער פּאַטשיילע אַרום האַלדז, אַ צווייטער האָט געהויבן די ברייטע אַקסלען און אַרויסגעלאָזט אַ לאַנגען סווישטש...

דער רינג אַרום מיר מיט אַבראַשאַן איז געוואָרן ענגער און אומרוי־קער. אַבראַשאַ האָט אָבער, ווייזט אויס, מער גאָרנישט געזען, פון קיינעם נישט געטראַכט. מיט געשלאָסענע אויגן האָט ער געשפּילט און געשפּילט. די קלאַנגען האָבן זיך געביטן. אָט זענען זיי געווען לויטער און מילד, און אָט פול מיט שטורעם, מיט בייזקייט און ווי מיט אַ ווידערקול פון מענטשן, וואָס רופן פון ווייט, ווייט. איך האָב געפילט ווי זיין נשמה סטראַדאַיעט...

באַלד האָבן זיך די קלאַנגען צעקוליעט, אויפגעהויבן העכער און העכער, זיך געוויגט איבער אונדז און געשיינט ווי עס שיינען בלויע און גאָל־דענע שמעטערלינגען אינעם וואָזדוך פון אַ טונקעלער פרילינג־נאַכט.

אויך אַבראַשענקאַ איז געוואָרן העכער, ער האָט זיך ווי אַרויסגעהויבן פון צווישן דערשטוינטן נאַראַד, און פון זיינע געשלאָסענע אויגן האָט עס געטריפט און געריזלט מיט פּאַסיקלעך טרערן אָן אַ צאָל.

טיסעראָס נאָזדרעס זענען געוואָרן צעפּאָכעט ווי ביי אַ פערד, וואָס שווימט ביז איבערן האַלדז אין קאַלטן, צעשטורעמטן טייך. פון אים האָט עס געשלאָגן מיט געהאַמעוועטן געשריי פון באַוווּנדערונג. זיינע צעפּלאַמטע אויגן זענען אומגעשווומען איבער דעם עקזאַלטירטן נאַראַד, אַזוי שוויי־גנדיק, האָט ער זיי מיט זיין הערשערישן בליק, קוים איינגעהאַלטן אויס־צושרייען זייער אַנטציקונג, באַוווּנדערונג און חרטה פון חוזקן איבער אַבראַשענקאַן...

איך געדענק נישט גענוי, וויפל צערפּולע מעלאָדיעס אַבראַשענקאַ האָט דאַן אויסגעשפּילט. איך אַליין האָב אים ביז דאַן קיין מאָל נישט גע־הערט שפּילן אַזוי נשמהדיק, אויסצוויבערן אַזוי פיל פייער און טרויער ער האָט קיין איין מעלאָדיע נישט געקענט אויסשפּילן ביז צום סוף. זיינע פינגער זענען אומגעלאָפן איבער די סטרונעס, געשפּרונגען ווי קאַפּריזנע

צעזונגענע קאַנאַריקעס און געוואָרפן מיט קלאַנגען, מיט טויזנטער קאָלירן און פאַרבן...

פּלוצים האָט עס אַ שלאָג־געטון מיט אַ נאָגנדיקן ניגון, און איך האָב, אַ מיטגעריסענע קעגן מיין ווילן, אָנגעהויבן צו זינגען לערמאָנטאָווס „ווי־כאָזשו אָדין יא נא דאָראָגו״. איך ווייס נישט און געדענק נישט געוויי, וויפל עס האָט דאַן געדויערט דאָס אויסשפּילן די מעלאָדיע.

טיסעראָס אַ געשריי פון באַגייסטערונג האָט מיך אויפגעוועקט ווי פון אַ מאָדנעם חלום. ער האָט אַ כאַפּ־געטון אַבראַשענקאָן, אים אַרויפגעזעצט צו זיך אויף אַן אַקסל און אומגעלאָפן מיט אים אַהין און צוריק איבערן הויף, און דער אויפגעשטורעמטער נאַראָד איז מיט טרערן אין די אויגן אים נאָכגעלאָפן און נאָכגעשריִען:

— פּראָפעסאָר! פּראָפעסאָר! גריבינקער! גריבינקער!...

דאַן האָט דער נאַראָד אויפגעהויבן טיסעראָן אינאיינעם מיט אַבראַ־שאַן, זיי אַרויפגעזעצט צו זיך אויף די אַקסלען, אַקסלען ווי אַ דאַך פון ציגל, און זיי אומגעטראָגן ווי מען טראָגט אַ לעבעדיקן מאָנומענט, און בשעת טיסעראָ האָט זיך געריסן דעם האַלדז און געשריגן „הוראַ״ איניי־נעם מיט דעם נאַראָד, איז אַבראַשאַ נאָך אַלץ געווען אונטער דעם איינדרוק פון זיין אייגענער דערוואַכונג. עס האָט אויסגעזען ווי זיין האַרץ וואָלט געציטערט צווישן די טענער. ער האָט געשפּילט און געשפּילט און פון זיינע געשלאָסענע אויגן האָט עס געריזלט און געטריפט מיט קוועלעכלעך טרערן, טרערן אָן אַ סוף...

— וואָס איז דען פאַראַן צו דערציילן? — האָט זי אַ מידע געווישט די טראָפּנס שווייס פון איר דורכלויכטיק בלייך פּנים. — דאָס וווּנדער־לעכסטע איז נישט דויערהאַפט. — האָט זי אַן אויסגעשעפּטע אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין פאָרענטשע פון דיוואַן, געשמייכלט אַ פאַרלאָרענע און פאַ־וואָלינקע געצירעוועט און אַריינגערעדט אינעם נעדעלע, וואָס האָט אונ־טערגעציטערט צווישן אירע פינגער. — אומגליקלעך, אָפּגענאַרט איז אַ פּרוי, וועלכע מוז פון עמיצן באַוווּנדערט און געליבט ווערן לויט איר באַ־גער... ווען די מוזשטשינעס פילן עס, דאַן איז זי אַ פאַרלוירענע, איר מעגט עס וויסן...

***

דער נאַראָד פון הינטערהויף האָט אָנערקענט מיין אַבראַשענקאָן אַלס אַ וואַזשנעם מענטשן. טיסעראָ איז געוואָרן אונדזער פריינד, גלייך ווי עס

וואָלט קיין מאָל גאָרנישט געשען. ער איז געוואָרן אונטערטעניק צו אונ־דזערע באַפעלן און צוגעבונדן ווי אַ געטרייער הונט. זיינע שוואַרצע גרויסע אויגן האָבן אַרויסגעשיינט פון די טיפע אויסשניטן, געלויכטן ווי שוואַרצע דימענטן און געכישופט מיט זייער קינדישן געבעט און באַהאַלטענער מע־בערישקייט.

ער האָט אויפגעהערט צו שפּילן אַ „וואַזשנע ראָל" צווישן די ווייבער און מיידן פון דעם הינטערהויף, אויפגעהערט צו וואַרפן מיט וווּלגאַרע וויצן און גלייכווערטלעך, וועלכע האָבן אַרויסגעבראַכט פון די כלים יענעם נאַ־ראַד, און זייערע געלעכטערס, זייער אַפּלאָדירן פלעגן מיך מיט אַבראַ־שענקאָן שרעקן און עקלען...

אַבראַשאַ האָט אים אָנגעהויבן לערנען לייענען און שרייבן און שפּילן אויף נאָטן. טיסעראָ איז געווען אַ וווּנדערבאַרער שילער. די רוסישע מוזיק האָט אים פאַרכאַפּט ביז וואַנזין. ער האָט געשפּילט בייטאָג און ביינאַכט. ער איז געווען אַריינגעטון אין אַ נייער אומבאַקאַנטער וועלט.

זיין פּלוצימדיקע ענדערונג און רירנדיקע נאָכגיביקייט האָט מיך באַ־גייסטערט און דורכגענומען מיט אַ געפיל פון אָפּפערווילקייט און פון פרייד.

— אָט אַזוי, ווי דאָרטן ביי אייך אין שטעטל צווישן יענעם קליינוואַרג — האָט זי מיר צוגעוואָרפן אַ ווייכן בליק. — איך האָב דאָך שטענדיק גע־מוזט לעבן פאַר עמיצנס וועגן... און עס איז געווען טשודנאָ! דעם יונגס פעיִקייטן, זיין אויפהייבן זיך איבער יענעם נאַראָד האָט מיך מיט מיין אַב־ראַשאַן אַנטציקט. ער איז געוואָרן אונדזער טאָג־טעגלעכע טעמע, און פאַ־מעלעכקע, פאַמעלעכקע האָבן מיר עפּעס ווי פאַרגעסן אין אונדזערע איי־גענע דאגות. זיין צוקונפט האָט אונדז ווי אַרויפגעפירט אויף אַ גלייכן וועג...

מיין אַבראַשאַ האָט אים אויך אויסגעלערנט טאַנצן אַ קאָזאַטשאָק און דער יונג איז געוואָרן ווי אַ געפלעכט פון עלעקטרישע דראָטן. זיינע נערוון, זיין בלוט האָבן געטאַנצט און זיך געריסן אין דער וועלט אַריין. אַבראַשענקאָ האָט אויך נישט גערוט ביז ער האָט געקראָגן פאַר אים אַ פּלאַץ אין אַן אָרקעסטער. איך האָב אַרויסגענומען פון דעם היימישן יאשטשיק אַבראַשעס אַ ווייסע רובאַשקע מיט ברייטע אויסגענייטע אַרבל און ברייטע הויזן פון טייערסטן ווייסן זייד מיט רויטע פּאַסן, — דעם קאָסטיום האָט אים דער דיאַדיושקאַ געקויפט צו זיין זעכצנטן געבורטסטאָג. דער דיאַדיושקאַ האָט דאַן איינגעאָרדנט אַ וואַזשנעם באַל פאַר אַלע זיינע אַרבעטער מיט זייערע פאַמיליעס, און אַבראַשאַ האָט דאַן געשפּילט און געטאַנצט.

אויך די שטיוועלעך פון טייערן שאַוראָ האָבן מיר טיסעראָן אַוועק־

געגעבן, און ער האָט געשיינט. אַזוי, אין אַבראַשאַס אויסשטאַט איז ער גע־גאַנגען צו דער אַרבעט.

ער האָט גיך אויסגענומען ביי די באַרישניעס און דאַמעטשקעס, זיי, וועלכע פלעגן ברענגען מתנות: פלעשער פון טייערסטן פּערפום, רויטע זיידענע האַלדזשאַרפן און אויסגענייטע נאָזטיכלעך.

**
*

מיר האָבן שוין דאַן געהאַט פאַרנומען דעם זאַל אין ערשטן הויף. האָבן מיר געקויפט אויף אויסצאָלן אַ ביסל מעבל, געקויפט אַ בילד און אַן אַלטן טעפּיך. האָט עס אויסגעזען בכבודיק און אנגענעם.

מיין קינד איז דערווייל אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, און אַזוי ווי קיין עסן האָט איר שוין נישט געפעלט, האָט זי אויסגעזען ווי אַ בלאָנד בלוי־אויגיק מלאכל מיט רויטע צעשמייכלטע ליפּעלעך.

אומגערן האָבן מיר זיך אַ ביסל דערווייטערט פון מענדל דעם שניי־דער מיט זיין משפּחה, ווייל מיר זענען געווען צופיל באַשעפטיקט מיטן יונג. אַבראַשאַ האָט אויך געלערנט פּלייסיק און עס האָט אויסגעזען, אַז צו־ביסלעך וועלן מיר ווי עס איז דערפילן דעם באָדן אונטער די פיס און אויפהערן צו טראַכטן וועגן דער אַלטער היים און זי באַוויינען און באַ־קלאָגן...

איינמאָל אין אַן אויפדערנאַכט זענען מיר געווען ביי מענדל דעם שניידער. בונימל האָט זיך געשפּילט מיט מיין קינד און מרימל האָט פון אַ זייטיק ווינקל געקוקט אויף מיר ווי זי וואָלט אויף עפּעס געוואַרט, עפּעס געמאָנט... איר בליק איז געווען אַ פולער און אַ צייטיקער. איך האָב זי צוגערופן און גענומען אויף די הענט:

— מרימל, ביסט ברוגז מיט מיר?...

און עס איז געווען טשודנע. די קליינע האָט זיך צעוויינט...

מענדל דער שניידער האָט אָנגעהויבן צו שמייכלען, און צווישן איין שטעפּ און דעם צווייטן האָט ער, אויפהייבנדיק צו מיר דעם קאָפּ, אַ זאָג־געטון מיט מאָנונג:

— מיר מאָרדעווען זיך בכדי צו עפּעס צוצוקומען. האָבן מיר, אַ שיינעם דאַנק דעם אויבערשטן, געקויפט אַ לייטיש שטיק פּלאַץ, און מיר וועלן זיך אויפבויען אַן אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ, און עס וועט זיין נאָך אַ סאַלע מיט צוויי פענצטער צו דער גאַס... אייער אַבראַשאַ וועט קענען

געבן לעקציעס, און עס וועט אייך קלעקן צום לעבן און ער וועט ווייטער לערנען, און, מיט דעם אייבערשטנס הילף, וועט ער ווערן אַ דאָקטער... און ער וועט אויסנעמען און וועט אונדז פאַרשאַפן אַ סך נחת און אַ סך כבוד...

— צוליב דעם האָט מרימל מורא פאַר מיר?...

— נישט פאַר אייך, דינעשי קרוין!... נאָר פאַר דעם גוי!... ער האָט זי שוין אייניקע מאָל אַוועקגעיאָגט פון אייער שטוב... מיין קינד האָט אייך ליב, שטאַרק ליב, דינעשי...

איך האָב עפּעס נישט באַנומען. די שניידערקע איז געוואָרן אומרויִק. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם פאַרהאַנג איבער דער טיר און ווידער אָנגע־הויבן פרעסן די נעט פון אַ פּאָר פאַרטיקע הויזן. צווישן איין פּרעס און דעם אַנדערן האָט זי אויפגעהויבן צו מיר אירע גרויסע אויגן, פולע מיט באַליידיקונג און מיט וואָרענונג, און האָט געזאָגט גאַנץ שטיל, ווי זי וואָלט מורא געהאַט פאַר עמיצן:

— מיין האַרץ, דינעשי, איז באַטריבט צוליב אייער ווערן פּאַני־בראַט מיט דעם גוי... איך גלייב נישט אין זיין גרויסקייט און נישט אין זיין גוטער כוונה. דער יונג איז אַ פּוסטע כלי, און איר זענט נעבעך, אָרנטלעכע מענטשן, און איר זענט פאַרבלענדט... אייער אַבראַשאַ איז, קיין בייז אויג, אַ געלערנ־טער, אָן איידעלער מאַנספאַרשוין, און איר טאָרט אים נישט לאָזן אוועק־לייגן זיין קאָפּ מיט זיין האַרץ פאַר יענעמס וועגן... עס טויג נישט, דינעשי!..

— אָבער, אַז מיר וועלן אים איצט אָפּלאָזן אויף הפקר, וועט ער פאַר־לוירן גיין... — האָב איך זיי געגעבן צו פאַרשטיין. און מיין אַבראַשאַ האָט צוגעגעבן:

— איך ווייס, דער יונג איז נישט דערצויגן און איז נישט געוואַקסן אין גייסט פון פּוריטאַנער ווי איך מיט מיין דינעלען, און דערפאַר איז נאָך מער אינטערעסאַנט און וויכטיק נישט צו לאָזן פאַרלוירן־גיין דאָס גוטע, דאָס גרויסע אין אים... אַז מיר וועלן מיט דער צייט פאַרלאָזן די וווינונג, וועט ער גיין מיט אונדז...

— ניין, ניין, טוט עס נישט! — האָט דער שניידער אַריינגעשריִען אין די ציין פון דער מאַשין, און דאָס שטיק אַרבעט האָט געציטערט איביינעם מיט זיינע פינגער. — אין דעם יונג ליגט אַ פינצטערער כוח, אַ דיבוק, ווי איך בין אַ ייִד!... ער וועט אייך אַריינוואַרפן אין גרוב פריִער, ווי איר וועט אים ארויפהייבן צו זיך. און ווען איר וועט זיך אָפּגעבן אַ קלאָרן חשבון — וועט עס שוין זיין צו־שפּעט, דינעשי־האַרץ!...

אַבראַשאַ האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד מיט אַ שמייכל:

— אין ראָסיי, מיין ליבער פריינד, האָבן זיך געגוג טאַלאַנטן געוואַלגערט אין די גאַסן. קאָראָלענקאָ האָט געהאָלפן גאָרקין אין זיין שווערן וועג. טשעכאָוו און אַפילו טאָלסטאָי האָבן אים אויפגענומען ווי אַן אייגענעם, און ער איז אַ דאַנק זיי געוואָרן אויס „געוועזענער” מענטש...

— אָבער דער איז נישט קיין מאַקסים גאָרקי! — האָט דער שניידער אויסגערופן מיט האַרץ. — אין יענעם האָט געזיגט דער כוח פון גוטסקייט, און אין דעם וועט זיגן די פינצטערניש... דער איז אַ ווילדגראָז מיט גאָלדענע קעפּלעך, ער בלענדט און איז סמיק...

די קליינע האָט געקוקט אויף מיר מיט אירע ריינע אויגן און עס האָט געטריפט פון זיי מיט אומעט און אומענדלעכן בענקעניש. און בונימל איז געזעסן אין אַ ווינקל און אַריינגעקוקט אין בוך, און אַלעמאָל אַ זאָג־געטון:

— מאַמעשי, זיי נישט אַזוי בייז אויף דינעשי...

יאָ, דאָס טונקעלע און אומזעבאַרע לאָקט. עס וועקט נייגער. איך האָב פון קינדווייז אָן פיינט געהאַט דאָס מיטלמעסיקע, די קליינלעכע גוטסקייט אָדער שלעכטסקייט. דערפאַר האָט זייער מיינונג וועגן טיסעראָן געוועקט אין מיר דעם נייגער, און עס איז מיר געגאַנגען אין לעבן צו דערגרונטעווען זיין נשמה און זי לייטערן... איך האָב אים נישט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון אומצוטרוי. די טעג האָבן זיך ווייטער געצויגן פריידפולע, צעזונגענע ווי עס זינגען און ריזלען די בלויע כוואַליעס אינעם ברייטן טייך און שפּיגלען זיך אין דעם גאָלדיק־צעשיינטן הימל...

נאָר איין מאָל האָט זיך עפּעס ווי באַשטעטיקט די וואָרענונג פון מיינע גוטע פריינט. עס איז געווען אין אַ ווייסן קאַלטן ווינטערדיקן טאָג. אין זאַל ביי מיר איז געווען וואַרעם פון דעם אייוועלע קוילן, וואָס האָט געזשאַרעט, און נאָך וואַרעמער פון מיין רוזיק געמיט... אַבראַשענקאַ איז געזעסן אין ווינקל, הינטער דעם שפּאַנישן ווענטל ביים קליינעם טישל מיט זיינע ביכער און ווי תמיד, ווען ער איז געווען אַריינגעטון אין לערנען, האָט ער אויפן קול איבערגעחזרט איין מאַטעריע נאָך דער אַנדערער.

טיסעראָ איז געזעסן אין אַ ווינקל אויף דער פּאָדלאָגע און זיך געשפּילט מיט מיין בלומטשען. ער האָט געפלאָכטן רויטע שלייפלעך אין אירע גאָלדענע לאָקן, און האָט זי געוויקלט אין אַ ווייס־בלויער שטיק זייד, אַ מתנה פון זיינער אַ פאַרערערן. זיינע רויטע געשניצטע ליפּן זענען געווען האַלב־אָפן ווי די ראַנדן פון צייטיק שטיק ערד, און זיין פּנים איז געווען אויפגערוימט, ווי באַהערשט פון אַן אינערלעך ליכט. איך בין געזעסן אויף אַ קליין בענקעלע און געשטריקט אַ בלומען־וועסטל פאַר זיינעט־

וועגן. אין מיר האָט געזונגען אַ טיפע אומענדלעכע פרייד, עפּעס ווי אַ וווּנדערלעכע סימפאָניע, וועלכע קיין שום זשעני האָט נאָך נישט אַרויס־געצויבערט פון זיך. די סימפאָניע האָט ערשט אָנגעהויבן צוויטן אין מיין געדעכעניש, זיך דורכשפּאַרן און דורכברעכן אַלע קעמערלעך און אַלע פאַר־באָרגענע ווינקעלעך פון מיין לעבן...

איך האָב געהאַט דעם געפיל, אַז אין אַ שיינעם טאָג וועט זיך עפּעס אין מיר צעפראַלן, צעשטורעמען און די סימפאָניע וועט אַרויספליִען, זיך צעקרישלען אין טויזנטער טויזנטער קלאַנגען און טענער און וועט פאַר־טרייבן פון די מענטשן דעם אומעט. דעם קראַנקן באַגער נאָך גרויסע רייכטימער, און דאַן וועט זיך אַראָפּלאָזן אויף זיי אַן אייביקער שלום, און עס וועט זיין, ווי ישעיהו הנביא האָט געזאָגט: דער וואָלף וועט זיך שפּילן מיט דעם שעפעלע, און פון שווערדן וועט מען מאַכן אַקעראייזנס...

און אָט אין יענע מינוטן פון גאַנצקייט איז אַריינגעקומען זיין שוועס־טערל. מיין קינד האָט זיך צעיעכצט, און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ וווּנדערלעכן חלום, אַ וויזיע וואָס איז אַוועק און האָט זיך שוין מער נישט אומגעקערט צו מיר...

סאַנמארטינאס שמאָלע אויגן און איר קליין כמורנע פּנימל מיט די שווערע אָנגעשפּיצטע ברעמען האָבן געלויערט אויף מיר מיט טויזנטער קללות, מיט פאַראַכטונג, און איידער איך האָב באַוויזן זי איינצולאַדן נעב־טער האָט זי אַרויסגענומען אַ מעסער פון אונטערן פאַרטעך און עס אויפ־געהויבן קעגן מיר.

איך האָב אַ געשריי געטון, און טיסעראַ מיט אַבראַשענקאַן זענען צו־געלאָפן צו סאַנמארטינאַן און אַרויסגעריסן פון איר דאָס מעסער. טיסעראַ האָט איר אַ פּאַטש־געטון איבערן פּנים. זי האָט זיך איינגעבויגן, אַריינ־גענומען איר קאָפּ אין די הענט און אַרויסגעלאָפן אַ וויינענדיקע.

מיר האָבן זיך אַ ווילע שווייגנדיק אָנגעקוקט. מיין קינד האָט זיך צוגעשאַרט צו מיר און געוויינט און געקלאָגט. דערווייל האָט זיך סאַנמאר־טינא ווידער באַוויזן. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, און מיט פאַר־לייגטע הענטלעך אויף איר שמאָלער איינגעפאַלענער ברוסט, קוקנדיק אויף מיר מיט אַ ווילדן בליק, געבעטן און געוויינט:

— באַלעבאָסטעלע! נעם נישט צו ביי מיר מיין איינציקן פריינד, דעם אוצר פון מיין לעבן!... באַלעבאָסטעלע! איך בין אַ יתומה, און איך וויל, אַז מיין קינד זאָל האָבן אַ טאַטן...

אַלסיראַ איז געקומען צו לויפן. זי האָט די קליינע אָנגענומען ביי די

אַקסלען און ווי אַן אַרויסגעריסן ביימעלע זי אַוועקגעפירט צו זיך. איך בין געווען געריירט ביז צו דעם גרונט פון מיין נשמה. פון אַבראַשענקאָס אויגן האָט עס געטריפט מיט שרעק און מיט רחמנות צו דער קליינער... ער האָט אויפגעהויבן טיסעראַס קאָפּ און אריינגערעדט אינעם זשאַר פון זיינע צאַרט־דיקע בליקן:

— איז עס אמת, טיסעראַ, וואָס סאַנמאַרטינאַ האָט נאַרוואַס געזאָגט?

— איך ליב זי נישט — האָט ער געהויבן מיט די אַקסלען און גע־שמייכלט.

— דו ליבסט זי יאָ! דו מוזט ליבן די מאַמען פון דיין קינד. פאַר־שטאַנען?!...

— אַ „זי", הער פּראָפעסאָר, מוז דאָך אַמאָל ווערן טראַגעדיק פון עמיצן. נישט אַזוי? און זי האָט שוין סיי ווי געוווּסט דעם טעם פון אַ זכר...

דעם יונגס גלייכגילטיקייט, זיין קאַלטער ענטפער האָט מיך מיט אַבראַשאַן איבערגעראַשט. אַבראַשאַ האָט אים אָנגעהויבן טרייסלען פאַר די אַקסלען און שרייען:

— ניין, ניין, טיסעראַ! איך וועל עס נישט דערלאָזן. איך וועל באַלד רעדן מיט דייך מאַמען, מיר וועלן דיך צווינגען צו הייראַטן סאַנמאַרטינאַן...

— גענוג, גענוג! — האָט זיך דער יונג אַרויסגעדרייט פון אַבראַשאַס הענט און אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ חוזקדיקן בליק. — איך וועל טון וואָס דער הער פּראָפעסאָר הייסט, אָבער שפּעטער. איצט מוז איך טראַכטן וועגן מיין צוקונפט.

— און דיין קינד, דיין פרוי, זענען נישט אַ טייל פון דיר און פון דיין צוקונפט? — איז אַבראַשאַ געוואָרן אויסער זיך פון באַליידיקונג. — אַז דו וועסט ווידער גיין אויף די דאָזיקע קרומע וועגן, האָסטו מער נישט וואָס צו טון אין מיין שטוב. עס איז אַ בושה, אַ געמיינקייט צו באַגיין זיך מיט אַ מיידל אַזוי לייכטזיניק...

דעם יונגס פּנים איז געוואָרן לאַנג, אויסגעצויגן און עפּעס טיוולאָ־נישעס האָט זיך געריסן פון אים. די אויגן האָבן געפינצטערט מיט אַזאַ כוח, אַנטקעגן וועלכן איך מיט אַבראַשאַן האָבן זיך דערפילט אומבאַהאָלפן. ער האָט באַמערקט אונדזער פאַרלוירנקייט, האָט ער זיך אויסגעגלייכט און מיט אַ זייטיק פרעך גענגעלע פאַרלאָזט אונדזער שטוב.

— דינאַ! — האָט אַבראַשאַ נאָך אַ לענגערן שווייגן אַ זאָג־געטון. — מענדל דער שניידער מיט זיין ווייב זענען גערעכט. דער יונג איז אַ דעגע־נעראַט... זיין פוסטריט טאָר מער ביי אונדז נישט זיין!...

אַלסיראַ איז אַריינגעקומען אַ צעשמייכלטע און אַ רויקע.

— פאַרוואָס זענען די באַלעבאַטימלעך אַזוי אויפגעבראַכט? — האָט זי געפרעגט מיט אַן אומשולדיקן טאָן. — איר טאָרט נישט איבערייסן אייער דערהויבענע אַרבעט צו העלפן מיין זון ווערן אַ גרויסער מענטש. איז עס דען נישט אַ זינד פון אַ „זי" צו ווען צובינדן צו זיך אַזאַ גרעאַטענעם זכר? די וועלט איז אָפן און פריי — האָט זי צענומען אירע שווערע אויס־געהאָרעוועטע הענט. — און ער איז ווי דער איידלסטער שפילפויגל אין די וועלדער פון טשאַקאָ, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, און קיינער האָט נישט קיין רעכט אונטערצושניידן זיינע יונגע קרעפטיקע פליגלען...

— און דאָס מיידל? — האָט אַבראַשאַ דערשטוינט געפרעגט. — זי איז דאָך אין אַנדערע אומשטענדן, ווייסט איר דערפון?...

— איז וואָס פאַראַ שלעכטס איז איר געטון געוואָרן? איז עס דען אַ קליין גליק באַפרוכפּערט צו ווערן פון אַזאַ רייצנדיקן זכר, אַ?... סאַנמאַר־טינאַ איז נישט אַליין אויף גאָטס ערד. איך בין איר אַ מאַמע. זי וועט צו דעם גאַנצן ענין גאַרנישט דערלייגן. אַן ערשט־געבוירנס האָט איצט אַ בכבודיקן מקח. זי איז נאַקעט און באָרוועס. און וואָס האָט ער ביי איר צוגענומען, ביי דער אָרעמער? ער איז ביי מיר אַ פּריצייטיקע פירה. דער הימלישער פאָטער האָט אים באַשאָנקען מיט אַ גרויסן גאָב... און אַ לייר־טישע „זי" מוז ווייסן, ווי געהעריק עס אָפּצושאַצן און נישט ווען אונטער־האַקן זיינע יונגע, שייבינקע פליגעלעך און אים האַלטן נאָר פאַר זיך...

אַבראַשאַ איז געוואָרן ווי פאַרשטיינערט, און האָט זיך צעשריען ווי אַ דורכגעשטאָכענער:

— ניין, ניין! אויב ער וועט נישט היראַטן סאַנמאַרטינאַן היינט שוין, שוין, טאָר ער מער נישט אַריינקומען אַהער! ניין!...

***

אַזוי האָט זיך צייטווייליק פאַרענדיקט די פריינטשאַפט צווישן אַלסי־ראַן און אונדז. זי מיט איר זון האָבן אויסגעמיטן אונדזער שטוב. איך מיט אַבראַשאַן האָבן אַלע טאָג גערעדט וועגן אים און קעגן אונדזער אייגענעם ווילן געוואָלט ווייסן וועגן זיינע געננג און זיינע אַרבעטן.

— דער נאַראָד האָט ליב צו נאַרן זיך אַליין, און אַ סך ווייסן נישט, אַז זיי אַליין ברענגען זיך אום! און זוכנדיק נאָר דאָס אומגעוויינלעכע, דאָס רייצנדיקע, פאַרקריכט מען אַמאָל ווייט, צו ווייט! — האָט דינאַ אומגע־

דולדיק אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט. — און קיין וועג צום פריערדיקן, צו דעם, וואָס מיר אַליין האָבן אין אונדז חרוב געמאַכט, איז מער נישטאָ! אַ צעבראָכענע כלי קען מען ווי עס איז צונויפשטשאָבען, אָבער קיין מאָל מער נישט מאַכן גאַנץ. איר מעגט עס וויסן!...

איר ווילט אַוודאי וויסן וואָס עס איז געוואָרן מיט טיסעראָס פריינט־שאַפט צו אונדז? — גאָרנישט!... עס איז אַזוי איינפאַך צו פאַרשטיין. יע־דער וועג פירט ערגעץ... און עס איז אינטערעסנאַ, איר זאָלט זיך באַקענען מיט זיין טשודנעם כאַראַקטער. איר זענט אַ פּיסאַטעלניצע, מוזן איר פאַר־שטיין אַלע וועגן און אומוועגן פון דעם אומגעווייגלעכן נאַראַד.

מיך האָט עס תמיד געלאָקט און געצויגן נאָר צו די אומגעוויינלעכע, איך האָב פיינט דאָס דורכשניטלעכע אינעם מענטשן, אַפילו דאָס גוטע, ווען עס איז מיטלמעסיק...

מיין אַבראַשענקאָ האָט אים פשוט פאַראַכטעט, און דער יונג האָט עס פאַרשטאַנען און האָט, ווי ווייט מעגלעך, אויסגעמיטן אונדזער שטוב. איך האָב מיך געפילט ווי אַן אויסגעלייזטע פון עפּעס אַ טונקעלן געפיל. האָב איך עס דערציילט אַבראַשאַן, און ער האָט מיר געענטפערט:

— דינאַ, דינאָטשקאַ! דאָס אומקלאָרע אין דעם נאַראַד איז אָנציִעב־דיק. זיי וועלן דיך פאַמעלעך אַריינדרייען אין זייער פלאָנטער, און דאָס קען זיין געפערלעך... געדענק, דינאָטשקאַ! זיי האָבן ליב צו הערשן און, אויף זייער אופן, וועלן זיי דיך ליבן און האַסן, באַשיצן און פאַראַכטן ביז אומברענגען.

איך האָב זיך עס גוט געגומען אין זינען.

איז אָבער געשען אַן אַנדער זאַך, און עס האָט זיך אַלץ געענדיקט צו טיסעראָס גליק. געענדיקט אויף אַזאַ טשודנעם אופן, פון וועלכן ער האָט מסתמא נישט געוואָגט אפילו צו טראַכטן.

אין יענע טעג איז גראָד געקומען צו מענדל דעם שניידער אַ קרוב פון אייראָפּע. אַ מאַן פון שיינעם אויסזען, האָט ער געהאַט אַ שוואַרץ־גרויען קאָפּ מיט טיפע ווינקלען און מיט טיפע מאַנדל־אויגן, פולע מיט אומעט און מיט זאָרג. ער פלעגט ביים רעדן צונויפציִען זיינע געדיכטע ברעמען, און זיינע בליקן פלעגן דיך דורכבויערן און אַראָפּנידערן ביז צום גרונט פון דיין נשמה...

ער האָט אויסגעזען ווי אַ מאַן מיט אַ פעסטן ווילן, אָבער איך האָב געזען די כאַראַקטעריסטישע פאַרלוירנקייט, וועלכע דריקט ווי אַ לאַסט אויף אַלע ערשט־געקומענע, און דאָס מאַכט זיי רירנד און רופט דיין אויפ־

מערקזאַמקייט און עס ווילט זיך זיי העלפן מיט עפּעס, כאָטש דו אַליין ביסט איינע פון זיי...

איך מיט אַבראַשאַן האָבן אויסגעפונען אין אים אַ געוואַלדיקע איידל־קייט, און מיר האָבן צוליב אים זיך ווידער דערנענטערט צו דעם שניידער, און אויף דעם אופן, ווי עס האָט זיך אַמאָל געפירט די היימישע מאַלאַ־דיאָזש, האָבן מיר פון גאַנצן האַרצן געוואָלט אַרויסהעלפן כאָטש מיט עפּעס דעם גרינעם; דער שניידער מיט זיין ווייבל זענען געווען פּאַרטון אין דער אַרבעט בייטאָג און ביינאַכט און האָבן אים נישט געקאָנט האָבן אין זינען...

מיר האָבן דעם גרינעם אָנגעבאָטן אונדזער שטוב און אונדזער פריינט־שאַפט. ער איז געוואָרן אונדזער קוואַרטיראַנט און האָט זיך אָנגעהויבן לער־נען דעם פּרעסער־פאַך. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און ער האָט זיך געבראָכן און געמוטשעט...

אַהיים פלעגט ער קומען אינגאַנצן אָן כוחות, און תמיד מיט די זעל־ביקע ווערטער:

— דינעלע, מאַכט מיר אַ גלאָז טיי, ס׳איז מיר נישט־גוט צום חלשן... דינעלע, וואָס וואָלט דאָ געוואָרן פון מיין בינטל צרות, ווען איר העלפט מיר נישט זיי טראָגן? דינע!...

— האַלט אייך לייטישער, זיידנער, — האָב איך אים געטרייסט — אויב איך מיט אַבראַשאַן זענען נישט געשטאָרבן פון צרות, בענקשאַפט און עלנט, וועט איר אוודאי נישט שטאַרבן, און וועט געוויס אַ סך גרינגער פון אונדז ליב באַקומען דעם נאַראָד און דאָס לאַנד... מיר יִדן האָבן נישט נאָך וואָס צו בענקען צוריק. ווען איר וועט דאָ אָפּזיין איניקע חדשים וועט איר זען ,אַז איך האָב רעכט...

ער האָט פּאַמעלעך אויסגעפּאַקט זיינע טשעמאָדאַנעס, אַרויסגענומען פון זיי אַ ביסל ביכער, און אין די אויפדערנאַכטן פלעגן מיר זיך סאָבי־רייען אין אַ ווינקעלע פון זאַל, אַרום אַן אייוועלע מיט גליִענדיקע קוילן און זיידנער האָט געוויזן וואָס ער קען.

ער האָט געלייענט מיצקעוויטשן, עליזאַ אָזשעשקאָ, ריימאָנטן און פּשי־בישעווסקין. זיין שטים איז געווען אַ קלאָרע און פילבאַרע, און זיינע בליקן אין דאָס איידעלע פּנים האָבן אויסגעדריקט בענקשאַפט און גוטסקייט.

מיר פלעגן אים באַוווּנדערן. און ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן זאָרגן פאַר אים נישט ווינציקער ווי פאַר מיין אַבראַשאַן. און ווי תמיד, ווען איך האָב געהאַט אויף וועמען אויסצוגיסן מיין ליבשאַפט צו מענטשן, האָט עס אין מיר אויפגעשיינט. איך האָב אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן אַבראַ־

שאָס נישט קענען צופּאַסן זיך צום לעבן און פון אַלע שאָטנדיקע זייטן וואָס האָבן מיך געקוועלט...

איך האָב שטענדיק פאַרמאָגט אַ מוטערלעך געפיל צו די וועלכע האָבן זיך געבייטיקט. מיר איז אָבער קיין מאָל נישט איינגעפאַלן, אַז מיין באַ־נעמונג וועט אויסגעטייטשט ווערן שלעכט... האָב איך דעריבער מיט ליב־שאַפט געטשיסטעט זיינע אָפּגעריבענע קאָסטיומען, געוואַשן און געפּרעסט די העמדער און אים אוכאַזשעוועט, אָפּגעהיט ווי מען היט אָפּ אַ קינד... ער איז געווען נישט קיין גאָר געזונטער, עפּעס אַזאַ מין געלבלעכקייט האָט תמיד געדרוט אַרום זיין מויל, און מיר איז דאַן גאָרנישט איינגעפאַלן. איך האָב אים געלייסטעט געזעלשאַפט און געשאָנקען מיין צוטרוי...

אַ מוזשטשין, אַפילו דער בעסטער, איז אַ טשודנע באַשעפעניש... ער איז נישט פעיִק צו זען די פרוי אַזוי ווי זי איז אין דער אמתן. מעג זי זיין די בעסטע, די אידלסטע, גייט עס אים נישט אָן —— האָט זי באַנגיק געשמייכלט, און דאָס נאָדעלע צווישן אירע פינגערלעך האָט אונטערגע־ציטערט. — אַ סך מאָל, מאַדאַם, ווערט איר פריינטשאַפט פאַרשוועכט... ער וועט אויף טויזנט וועגן און אומוועגן זוכן זי צו געווינען... און וואָס גייט אים דען אָן די ריינקייט פון אַ פרוי?... דער מאַן ווערט געפירט פון אויפגעפלאַמטן אינסטינקט און נישט פון גראָדן שכל...

— יאָ, מאַדאַם, איר זענט אַ פּיסאַטעלניצע און איר מעגט עס וויסן...

זיידנער איז געוואָרן ווי אַ שטיק פון מיר מיט אַבראַשאַן. מיר פלעגן איניינעם באַזוכן מוזייען, ביבליאָטעקן און קונסט־אויסשטעלונגען. זיידנער איז געווען אַן ענטוזיאַסט און אַ פיינשמעקער. די לעצטע יאָרן איידער ער איז געקומען קיין אַרגענטינע האָט ער פאַרבראַכט אין פּאַריז און דאָרט, ווייזט אויס, האָט ער זיך אויסגעלערנט צו זיין אַ קאַוואַליר מיט פיינע מאַנירן וועלכע האָבן מיר אימפּאָנירט. מיין אַבראַשאַ האָט דאָך תמיד גע־לערנט, געלערנט... און געווען ווי אין די הימלען און זיידנער איז געווען עלעגאַנט, העפלעך, הומאָרפול און מעלאַנכאָליש־זיס...

מיין אַבראַשענקאַ האָט זיך געגרייט צו די עקזאַמענס. ער האָט אויך צוגעקריגן נייע שילער און איז געווען פאַרטון און פאַרהאַוועט. האָט ער מיך טויזנט מאָל געבעטן, שמייכלענדיק לויט זיין שטייגער און אַנטשול־דיקנדיק זיך:

— דינאָטשקאַ, זיידנער איז עלנט. נעם דאָס קינד און גיי ווייז אים די שטאָט. זאָל ער גיך ליב קריגן זיין נייע היים, וועט ער זיך ווינציקער מאַטערן און ווינציקער טראַכטן וועגן פאָרן צוריק צו די „זיסע" פּאַליאַקן.

פלעגן מיר שעהן און שעהן אַרומגיין איבער די פּאַרקן אָדער ביים ברעג פון ים. די כוואַליעס האָבן זיך געזילבערט אַנטקעגן טיפן הימל. געראוישט און זיך געטוליעט צו די פלאַכע ברעגן. זיידנער פלעגט אָפט ווערן אומעטיק, זיין בליק האָט געגנידערט העט ווייט־ווייט און אַמאָל אויך ביז צום גרונט פון מיין נשמה... און ער איז מיר געוואָרן ליב, אָט ווי די קונדסים פון אייער שטעטל. איר געדענקט עס דאָך, נישט אַזוי, מאַדאַם?...

פון מיין זייט וואָלט אַזאַ פריינטשאַפט געקענט דויערן ביזן סוף פון מיין לעבן. אָבער אין אים האָבן געלעבט טויזנטער חלומות, און מיין אַבראַ־שענקאַ האָט עס מיר דערקלערט אַזוי: — זיידנער איז אַ מענטש אין די פערציקער, איז עס פאַרשטענדלעך זיין אומעט. עס איז נייטיק, ער זאָל וואָס שנעלער אַהערברענגען זיין פרוי מיט זיינע קינדער. ער סטראַדאַיעט צופיל, דערצו איז ער אַ פילבאַרער מענטש און אַ ביסל קרענקלעך.. ער מוזליידן אויף עפּעס...

יאָ, מיין אַבראַשענקאַ איז געווען אַ ריינער מענטש, האָט עס נישט גע־טויגט, איר מעגט עס וויסן, מאַדאַם!... אַך, ווען ער זאָל נישט געווען זיין אַזאַ ריינער!...

אָפטמאָל, אַמערסטן אין די שבתדיקע און זונטיקדיקע פאַרנאַכטן, האָט אַבראַשאַ געשפּילט פידל און זיידנער אויף אַבראַשאַס אַן אַלטער פלייט. זיינע לאַנגע איידעלע פינגער האָבן אַרויסגעכישופט צאַרטע טענער פולע מיט בענקשאַפט. איך האָב קיינמאָל נישט געלערנט די כללים פון מוזיק, אָבער איך האָב געפילט, אַז זיידנער האָט עפּעס אין זיך...

בלויז מענדל דער שניידער מיט זיין משפחה זענען געווען אונדזער אוידיטאָריע. אָבער דער נאַראָד פון הינטערהויף האָבן איבער אונדז גע־וואַכט, ווייל אַזוי האָט טיסעראַ געהייסן... זיי פלעגן זיך אויסשטעלן ביי דער טיר און פּאַטשן בראַוואָ, פּאַטשן אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן פאַרשטומט די שפּילער...

אין די וואָכעדיקע טעג האָט זיידנער פיינט געהאַט אַוועקצוגיין אַליין. ער פלעגט מיר אַ סך דערציילן וועגן יידישן לעבן און באַדויערן, פאַרוואָס יידן פון פוילן אַנטלויפן נישט; זיי גיבן אַוועק דעם גאַנצן כוח און מען בויט און מען ליידט, אָבער עס וועט קומען אַ טאָג ווען דער פאַרסמטער פּאָליאַק וועט זיך איינבייסן אין דעם יידישן גאָרגל...

ער האָט אויך געקענט שיין דערציילן וועגן עמיגראַנטן־לעבן אין פּאַ־ריז און וועגן דער שיינקייט פון די פּאַריזער פרויען און ער האָט אפילו

פאַרפאַסט אייניקע קינדער־לידלעך וועלכע האָבן מיך באַגייסטערט, כאָטש ווי איך פאַרשטיי איצט, זענען זיי געווען נישט גאָר קיין וואַזשנע.

מיך האָט ער אַנטציקט. מיין אַבראַשענקאַ איז דאָך געווען אַזוי אַנדערש. אַזאַ טשודנער, תמיד אַ נערוועזער, אַן אומזיכערער און מיט טויזנט צווייפלען אין דעם מאַרגן... און אפשר האָט ער, נעבעך, געהאַט רעכט... אפשר האָט ער פאַרויסגעפילט?... יאָ, מאַדאַם, ווען מען הערט זיך צו צום אינסטינקט וואָלט געווען גוט.. די מערהייט פון נאַראָד גייט מיט פאַרמאַכטע אויגן אויף דעם לייכטערן וועג אויס מורא פאַר אַ ביסל אָנשטרענגונג, פאַר דעם אָפּזאָגן זיך פון פּיצעלעך, פון ברעקעלעך פאַרגעניגן, וועלכע עפענען פאַר אונדז די טירן צו ימען יסורים...

און איך בין אַלט געווען סך־הכל עפּעס מער ווי צוואַנציק, אַ דערצויגענע אין ריינקייט! האָט זיך מיר אָנגעהויבן אויסדאַכטן, אַז זיידנער איז באמת אַ קינד פון אונדזער היימישער מאַלאָדיאָזש, האָב איך אים פאַרטרויט מיין אומצופרידנקייט מיט אַבראַשאַס אופן פון לערנען, פון זיין בלאָנדזשען און זיך נישט קענען צופּאַסן צו דער מענטשלעכער געזעלשאַפט... איך האָב עס נישט געטאָרט טון; זיידנער האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען...

**
*

איינמאָל, אין אַ קאַלטן פראָסטיקן טאָג, איז ער געבליבן אין שטוב. ער האָט נישט געהאַט קיין אַרבעט. אַבראַשאַ איז אַוועק געבן זיינע אוראָקן. ער איז געווען רויק און איידל, שמייכלענדיק זיך געבויגן און אַריינגערעדט אין די שפּאַרעס פון שפּאַנישן ווענטל ,הינטער וועלכן זיידנער האָט געוווינט:

— זאָלסט בלייבן אין שטוב. ווען איך וועל קומען וועלן מיר היינט לייענען גאָרקין. די פריינט אונדזערע זענען אַרבעטסלאָז, וועלן מיר זיי קאָרמענען מיט אַ ביסל גייסט. דו הערסט, זיידנער...

ער האָט מיך אַ קוש־געטון און אַוועק.

אין זאַל איז געווען שטיל. די ציכטיקייט האָט אויפגעריסן די אויגן.

איך בין געזעסן לעבן אייוועלע מיט זשאַר און געשטריקט אַ סוועטער פאַר זיידנערן. מיין נשמה איז געווען פול און זאַט. קיין זאַך האָט מיך נישט באַאומרויקט. איך בין געווען זיכער, אַז אַבראַשאַ וועט האָבן דערפאָלג ביי די עקזאַמענס און וועט עפענען אַ קאָנסולטאַריע.

בלומעטשקע איז געלעגן אין איר בעטעלע און געזויגן דעם גראָבן

פינגער פון איר רעכטן פיסל. אירע ליטקעס זענען געווען ראָזע און האַרטע. זי האָט אויסגעזען ווי אַ קײַלעכיק גוט־געקאָרמעט גענדזעלע...

די ווייזערס פון אַלטן וואַנטזייגער האָבן געשפּאַנט רויק, און די קלעפּ האָבן געווירקט צום גוטן אויף מײַן געמיט. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט דעם דיאַדיושקאָס שטיבער, אין וועלכע איך האָב קינדווייז געלעבט און גע־פילט אַן אומענדלעך גליק און רויקייט...

ווען איך האָב געענדיקט שטריקן דעם סוועטער האָב איך אים צוגע־טראָגן זיידנערן און געזאָגט:

— נעם, טו עס אָן. עס איז פאַר דײַנעטוועגן...

האָט ער זיך אויפגעזעצט אין בעטל, אַרויסגעלייגט פון די הענט דאָס בוך, וואָס ער האָט געהאַלטן אין לייענען.זײַנע שוואַרץ־גרויע האָר זענען ווי אַ סנאָפּל געווען צעוואָרפן איבער דעם שטערן און איבער די באַקן. זײַנע פאַרליבטע בליקן זענען אויגנבליקלעך אַרײַנגעפאַלן אין מײַנע, און גענידערט און געקראָכן ביז צום גרונט פון מײַן לייב־און־לעבן.

דער סוועטער איז אַרויסגעפאַלן פון מײַנע הענט, און ביזן הײַנטיקן טאָג פאַרשטיי איך נישט, ווי אַזוי עס האָט געקענט געשען...

***

— און וואָס איז דען נאָך פאַראַן צו דערציילן!? — האָט דאָס צונויפ־געצויגענע מײַלעכל אונטערגעציטערט.

איך האָב נאָכדעם אים אָנגעהויבן צו פאַראַכטן. מײַן געפיל צו אים, מײַן באַוווּנדערונג איז אויסגעלאָשן געוואָרן. איך האָב אים אויסגעמיטן, מורא געהאַט צו בלײַבן מיט אים אַליין...

מײַן שטוב איז געוואָרן פאַר מיר ווי אַ קאַלכאויוון און אַבראַשאַ ווי אַ הייליקער, וועמען איך מיט זיידנערן האָבן אַרײַנגעוואָרפן אין אַ זומפּ...

פון מײַן שולדיקייט איז פּאַמעלעך אַרויסגעוואַקסן צו אים אַ געפיל פון שעצונג, ליבשאַפט און אָפּפערוויליקייט. איך האָב מיך דערפילט קליין און נעבעכדיק, און נישט ראוי ליב צו האָבן אים...

אָ, איר זאָגט, עס איז געווען אַ מאָמענט פון פאַרגעסונג און איך בין געווען אומשולדיק? — ניין! דאָס איז נאָר אַ באַקוועמער אויסרייד. יעדער איינער פון אונדז מוז גרייטלעך אָפּקומען פאַר די זינד קעגן עמיצן. און אַבראַשענקא איז דאָך אָפּגעקומען אומזיסט. ער איז געווען דער איידלסטער, דער ליבסטער און דער ריינסטער פון אַלע מוזשטשינעס, וועלכע איך האָב

שפעטער געקענט... און געווען זענען זיי אַ סך, שוין צופיל!... — האָט זי מיך אָפּגעזיפּצט. — זיי האָבן מיך גענומען און האָבן מיך געליבט און איך בין געווען ווי אָן אַ נשמה... אָבער, די מוזשטשינעס האָבן שוין זייער קוק אויף אַזוינע זאַכן... זיי ליבן נאָר די אומבאַהאָלפענע, די וועלכע נעמט זיי נישט אין אַכט...

איך בין געווען ווי אַ טויטע נימפע, און זיי האָבן זיך אַנטציקט, און ווי פּיאַווקעס געזויגן דאָס חיות פון מיין אָפּגעשטאָרבן לעבן...

אָבער צו יענעם צושטאַנד בין איך געקומען פּאַמעלעך, ביסלעכווייז...

און איר ווילט אַוודאי וויסן וועגן מיין אַבראַשאַס איבערלעבונג, וועגן זיין קוק אויף מיר מיט זיידנערן? עס איז טשודנע צוצוזען ווי נאַריש עס איז אַן אָפּגענאַרטער מוזשטשין!... און העסלעך זענען די באַטריגער וועלכע שפּילן אַ פרומע ראָל...

— איך האָב עס נישט געקענט. ניין, ניין!... — האָט זי געוואָרנט מיטן פינגער. — איך בין געוואָרן צעטרייסלט און אומעכטיק קעגן מיין אַנגעצונדן געוויסן. די וועלט און דאָס לעבן זענען מיר געוואָרן שווער. איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט זיך. איך מיט אַבראַשאַן זענען פון קינדוויייז אָן געוווינט געווען צו טיילן זיך מיט איינדרוקן, האָט עס מיך געשטויסן, געפייניקט און געטריבן אים אויסצוזאָגן דעם אמת און פּטור ווערן פון די יסורים...

זיידנער ווידער איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ! נישט גערעדט מער וועגן ברענגען אַהער זיין ווייב און די קינדער. אין דער טיפקייט פון זיינע אויגן האָבן זיך געשפּיגלט גאווה און זיג...

ער האָט אויפגעהערט אַוועקצוגיין פון שטוב. איבערהויפּט האָט ער געהיט די פאַרנאַכטן ווען אַבראַשאַ איז געווען ביי זיינע שילער. דאַן בין איך אָבער אַוועק פון שטוב. עס האָט מיך געטריבן גאַס־איין און גאַס־אויס. אין מיר האָט עס שטיל געוויטיקט פאַרוואָס אַבראַשאַ איז ביי זיידנערן אין די אויגן אַ לעקיש, אַן אָפּגענאַרטער... און איך — אַ „באַזיגטע"... „אַ נאַכט־בלום", ווי מ'זאָגט ביי אייך אין אַרגענטינע.

אַ סך מאָל, ווען איך בין געקומען אַהיים און קוים לעבעדיק מיך אַריינגעוואָרפן אין בעט, האָט מיך אַבראַשאַ ווי גאַרנישט באַמערקט. ער האָט געשפּילט אויף זיין גיטאַרע און זיידנער האָט געזונגען. אין זאַל איז געווען ליכטיק און וואַרעם, אָבער אין מיר האָט אַלץ געפינצטערט און געוויינט. איך אַליין האָב געבענקט נאָך יענער איידעלער, גלייביקער די־בעלען, וואָס איך בין אַמאָל געווען.

איין מאָל, ווען איך בין געבליבן מיט אַבראַשאַן אַליין, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— דו ווייסט, דינאַ, זיידנער איז געוואָרן ווי אַ באַנייטער... ער אַליין האָט עס מיר געזאָגט... דו פּרייסט זיך גאָרנישט מיט זיין רויִקייט? — האָט מיך אַבראַשאַ געשטראָפט, אָבער מיך האָט זיין גוטסקייט דערנידער־ריקט און געררייצט. איך האָב אים אָנגעקוקט מיט אַ בליק פול מיט ווייטיק.

— דינאַ, דינאַטשקאַ! — האָט אַבראַשאַ אָפּגערוקט דאָס בוך אין אַ זייט און אָנגעשפּאַרט דאָס פּנים אויף זיינע הענט. — דו ביסט שוין געוואָרן אַ פאָלנע אַמעריקאַנערן. דו טראַכסט שוין גאָרנישט צו העלפן עמיצן...

— פריער דאַרף מען קענען העלפן זיך אַליין — האָט עס אין מיר געציטערט... — אַ מאַן מוז זיין אַ מבין אויף זיין ווייבס שטימונגען!... ער טאָר זי נישט לאָזן אויף הפקר!...

אַבראַשאַ האָט פאַרשעמט געשמייכלט.פון זיינע אויגן האָט עס גע־טריפט מיט באַנג און פאַרשטענדעניש:

— זיידנער איז אַ קינד פון אונדזער מאַלאַדיאַזש. ער איז פון די קליינע אויסטויגער, און ווען מיר וועלן אים לאָזן אַליין — וועט ער האָבן אַ שיין פּנים... זיידנער איז אונדזער איינציקער פריינט. קיינער, דינאַ, האָט מיך אַזוי נישט פאַרשטאַנען און געשעצט ווי ער...

עס האָט זיך אין מיר ווי צעבראָכן די צוים און עס האָבן זיך אויסגע־גאָסן אַלע דערשטיקטע ווערטער און אַלע טענות צו זיידנערן און צו מיר, צו מיין שוואַכקייט און צו מיין חרטה, וואָס מאַכט מיך פאַר אויס מענטש און אויך דער אָנגעזאַמלטער פאַרדרוס אויף אַבראַשאַס אומבאַהאָלפנקייט. איך האָב אַריינגענומען דאָס פּנים אין די הענט און ביטער געקלאָגט. ער האָט אָנגענומען מיינע אַקסלען און אויסגערופן פאַרוווּנדערט:

— דינאַ, דינאַטשקאַ! דו שפּילסט טעאַטער? אָדער דו טרייבסט שוט־קעס איבער מיר מיט זיידנערן?... דינאַ, וואָס טוט זיך מיט דיר?...

כ'האָב געפילט, אַז אַבראַשאַ וועט מיך טרייבן אין זיידנערס אָרעמס, ווייל ער גלייבט אונדז צופיל. האָב איך מיך דערשראָקן, און עס האָט פון מיר אַרויסגעוויינט:

— דו, אַבראַשענקאַ, ביסט נאָך אַלץ דער אינטעליגענט פון דער היים און דערצו אַ פּוריטאַנער. און זיידנערן קומט עס אָן גרינג דיך אָפּצונאַרן, ווייל ער האָט קיינמאָל נישט דערגרונטעוועט דיין איידלקייט... איצט הייב איך אָן צו פאַרשטיין דאָס גליק, וואָס איך האָב פאַרלוירן...איך בין נישט

מער דיין פריַערדיקע דינעלע און בין ניט ווערט דיין ליבשאַפט, דיין שעצונג...

— איך וויל נישט דו זאָלסט מיר פאַרגעבן, ווייל איך וועל נישט קע־נען אויסהאַלטן דיין מחילה און דיין קרבן... און וואָס מער איך וועל דיר וועלן אָפּצאָלן פאַר דיין ליבשאַפט, אַלץ מער וועל איך ליידן און וועל פילן, אַז דיין מינדסט נעגעלע איז קליגער פון מיר און איידעלער... דו טאָרסט אויך נישט מאָנען ביי מיר דעם קרבן פון אויפנעמען דיין מחילה... עס וועט זיין אַ לעבן פון באַהאַלטענער שאַנדע. מיר וועלן עס נישט קענען אויס־האַלטן... איז בעסער וואָס פריַער צו מאַכן אַ סוף...

ער איז געוואָרן בלייך. באַלד אָבער האָט ער זיך אַ ריס־געטון פון אָרט, אָנגעכאַפּט מיינע הענט און מיך געטרייסלט אַהין און צוריק, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט אויפוועקן פון אַ פינצטערן חלום. פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט מיט שרעק, געוואַלד און אומגלויבן.

— דינאַ, דינאָטשקאָ! —האָט עס פון אים אַרויסגעציטערט— פּייניק מיך נישט! וואָס טוט זיך היינט מיט דיר? ווילסט אויספּרוּוון מיינע געפילן, אָדער דו האָסט היץ, ביסט קראַנק? — האָט ער צוגעלייגט זיינע ציטער־דיקע ליפּן צו מיין שטערן...

זיין איידלקייט האָט מיך צעקרישלט אויף שטויב, מיך געטריבן אין דער וועלט אַריין, מיך דערוויטערט אויף טויזנטער מיילן. האָב איך אים אָפּגעשטויסן און אַריינגעשריַען אין זיין דורכלויכטיק פּנים:

— דו נאַר, דו אידיאָט! איך מיט זיידנערן האָבן דיך באַטראָגן, און דו האָסט עס נישט געפילט, נישט פאַרשטאַנען... ער וויל דיך מאַכן פאַר אַ פּאַנטאָפל־מאַן, כדי צו קענען מיך האַלטן אין זיינע הענט, און דו ווילסט אונדז צוהעלפן...

— דו זעסט נישט, אַז איך קום אום און אַז איך האָס אייך ביידן, איך פאַרשעלט דעם טאָג דעם וויסטן, וואָס איך האָב אייך ביידן דערקענט...

— שווייג, דינאַ, שווייג!... — האָט ער גיך פאַרהאַקט די טיר און אַראָפּגעלאָזט די פאָרהאַנגען איבער די פענצטער.

אַרויסכאַפּנדיק פון בעטל אונדזער וויינענדיק טעכטערל, האָט ער מיט איר אויף די הענט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר און מיטן פינגער מיך געוואָרנט און אַלץ אין אים האָט געשווידערט און געליטן.

— זאָלסט עס נישט איבערחזרן, דינאַ!... נישט טראַכטן וועגן דעם, ווייל דו לייגסט... ווילסט מיך פאַרלאָזן איבער דער נויט, ווייל דיר איז שלעכט, ווייל דו ביסט מיד פון אַזאַ אָרעם לעבן. איך ווייס עס, איך פאַר־

שטיי... נישט דו ביסט דער מענטש פון באַטרוג, ניין, דינאַ, איך שווער עס דיר צו... ניין, ניין! רעד מער נישט קיין וואָרט!...

די קליינע האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן און מיט אַלע כוחות זיך געריסן צו מיר, און אַבראַשאַ, אינגאַנצן דורכגענומען מיט יסורים, האָט זי אַריינגעלייגט אין בעטעלע און זי געפּרוווט איינשטילן. איך בין אַרויס פון שטוב. איך בין געלאָפן אָן אַ ציל, אָן אַ קאַניעץ — האָט זי זיך אָבלדיק געהוידעט אַהין און צוריק— און ווען די פיס האָבן מיך שוין מער נישט געקענט טראָגן, בין איך אַוועקגעפאַלן ביים ראַנד פון אַ פּאַרק.

עס איז געווען טונקל. דער הימל ווי איינגעטונקט אין בלויען טינט און באַזעצט מיט טיפע שטערן ווי סמוטנע אויגן. די ביימער פון פּאַרק, נאַקעטע און טרוקענע. הויפנס געלע בלעטער האָבן זיך געוואַלגערט אַרום די ליידיקע לאַנגע בענק.

דער פּראַסטיקער ווינט האָט זיי געוואַשן און געשויבערט, און איך האָב געפילט אַרום און אין מיר דעם העסלעכן מתים־ריח.

ביי דער זייט איז געווען צעבראָכן דאָס אייזערנע דעקל פון אַ קאַנאַלער און עס האָט מיך אָנגעהויבן ציען אַהין און לאָקן מיט אַ געוואַלדיקן צוזאָג... איך בין געווען באַגאָסן מיט אַ קאַלטן שוויס און אויסגעמאַטערט ווי נאָך אַ לאַנגן תענית. איך האָב געוואָלט שלאָפן, איינגעוועבט ווערן אין אַ ליכטיקער רויִקייט נאָך וועלכער איך האָב געלעכצט.

האָב איך מיך פּאַמעלעך אָנגעהויבן צורוקן אַהין און אַריינגעקוקט אינעווייניק. עס איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ זומפּיקער קאַלטער ריח און אַן ענדלאָזע גרויקייט. אין מיר האָט אַ שלאָג־געטון מיט אַן אומפאַרשטענדלעכן כוח, מיט אַ ווילן צו לעבן און אַ מורא פאַרן טויט... דעם דיאַדיושקאָס רייד, וואָס ער האָט מיר אַ סך מאָל געזאָגט, האָבן זיך צעשריִען אין דער פאַרשטיקטער וויסטקייט:

— דער מענטש, דינאַ, ווערט תמיד באַדראָט און פאַרפאָלגט פון שוואַכע מאָמענטן, און מען מוז זיי קענען ביישטיין. סיי ווי איז דאָס לעבן נישט מער ווי אַן אויגנבליק. די צייט טראָגט דעם מענטשן צו זיין אייביקן שלאָף, ווי דער ווינט טראָגט אַרום די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער. עס איז אינטערעסאַנט צו שטיין פונווייטנס און צוקוקן און וואַרטן, צי וועט דאָס לעבן פאַרשטיין דיין אויסדויער און דיך, באמת, מיט עפּעס באַלוינען... און דו, דינאַ, ביסט יונג און ביסט שוין באַלוינט מיט אַ סך גליק... און ווען דו וועסט עס נישט זען — זאָלסטו כח האָבן צו דערוואַרטן און עס וועט שפּעטער אַרויסשיינען פון דיר...

איך האָב אויפגעהויבן מיין קאָפּ און האָב דערזען מיין אַבראַשענקאַן אָנגעבויגן איבער מיר, אַ ווייסן ווי שניי. ער האָט מיך אויפגעהויבן און ווי אַ קראַנק קינד צוגעטראָגן צו אַ באַנק און געריבן מיינע פאַרפרוירענע הענט און די שלייפן.

ווען איך בין געקומען צו זיך האָט ער אָפּגעשטעלט אַן אויטאָמאָביל און מיר זענען געפאָרן אַהיים.

⁂

— ביטער ווי דער טויט איז די גרויסמוטיקייט און די פאַרגעבונג פון אַ מאַן, ווען דו האָסט פאַרשוועכט — האָט זי נאָך אַ לענגערן שווייגן אָפּגעווישט דעם שווייס פון דעם איינגעשרומפּענעם פּנימל און ווידער אַנ־געהויבן, אויסמיידנדיק מיינע בליקן, ווי זי וואָלט ווידער איבערגעלעבט יענע פאַרשעמונג און געפאַלנקייט.

— מיין אַבראַשאַ איז געוואָרן שטום. ער האָט מיט קיין איין וואָרט מער נישט דערמאָנט זיידנערן. ער האָט אַרויסגעוואָרפן יענעמס בעט פון הינטער דעם שפּאַנישן ווענטל. צו מיר איז ער געוואָרן מער אויפמערקזאַם און געזוכט מיר צו געפעלן. ער האָט אַפילו אָנגעהויבן צו ברענגען אַהיים, אַמאָל אַ בינטל ווייסע בלימלעך, אַמאָל גוטע פּעטשעניאַ און איינמאָל אַפילו געבראַכט סחורה אויף אַ כאַלאַטל, זאַכן וואָס ער האָט פריִער קיינמאָל נישט געטון, — האָט זי ביטער געשמייכלט. — מיר האָט זיך אָבער אַלץ אויס־געוויזן, אַז ער טוט עס מער אויס רחמנות ווי אויס ליבע. איז די דאָזיקע גרויסמוטיקייט געוואָרן ווי אַ בייטש איבער מיין צעמאַטערטן געוויסן. עס איז מיר געווען שווער צו לעבן און שווער צו שטאַרבן...

ביסלעכווייז האָב איך אָנגעוואָרן די אַכטונג צו זיך זעלבסט, און ווי איז דעם מענטשן, וואָס האָט נישט קיין רעכט אויסצוזעצן קעגן אַ צוגע־וואָרפענעם ,נישט־פאַרדינטן גענאָד...

איינמאָל ווען איך בין געזעסן ביים בעטל פון מיין קינד און האָב זי איינגעשלעפערט, האָט זיך פּאַמעלעך געעפנט די טיר און טיסעראָ איז אַריינגעקומען.

אינעם זשאַר פון זיינע אויגן האָבן זיך געפלעמלט חוצפּה און איינפאַל. איך האָב אים אָנגעקוקט און נישט געהאַט קיין מוט צו הייסן גיין. ער האָט מיך דורכגעגראָבן מיט אַ זשעדנעם בליק. די יונגע שפּראָצעלעך אויף זיין גיט־ראַזירטן פּנים זענען געוואָרן שאַרפער, און ער האָט געזאָגט:

— אויב די סעניאָראַ וויל, וועל איך דעם גרינעם אָפּראַמען פון וועג... ער איז זייער ווינציק מאַן, דער גרינער... און אַ צונג האָט ער אַ לאַנגע, אַ גיפטיקע...

די היימישקייט פון זיין טאָן האָט מיך דערנידעריקט. קיין סימן פון זיין אַמאָליקער קינדהייט! פאַר מיר איז געשטאַנען אַ באַליידיקטער מוזש־טשיק, וועלכער וויל זיך נוקם זיין פאַר זיינע אָפּגענאַרטע געפילן...

עפּעס אין מיר האָט זיך צעבונטעוועט, און איך האָב אַ געשריי־געטון צו אים:

— אַרויס פון דאַנען! ביז דו וועסט נישט הייראַטן סאַנמאַרטינאַן, זאָל דיין פוס נישט איבערטרעטן מיין שוועל!...

האָט ער געהויבן זיינע אַקסלען און די חוצפּה אין זיינע אויגן איז געוואָרן שרייענדיק. און ער האָט געענטפערט:

— איך מיט סאַנמאַרטינאַן זענען נאָך יונגע קינדער. מיר האַלטן נאָך נישט ביי חתונה־האָבן. אָבער מיר האָבן דאָך קיינעם נישט אָפּגענאַרט... אָבער דער גרינער איז אַ כיטרער, און דער הער פּראָפעסאָר — אַ נאַר... אַ „באַהערנערטער"...

— אַרויס פון דאַנען! — זאָלסט נישט וואַגן צו דערמאָנען מיין מאַנס נאָמען!... — און איך האָב אים מיט אַ פוס אָפּגעשטויסן פון מיר.

טיסעראָ איז אַרויסגעלאָפן מיט אַ געלעכטער:

— מיר וועלן זיך נאָך זען, סעניאָראַ!...

די קליינע האָט זיך צעוויינט. איך האָב מיך אַראָפּגעבויגן איבער איר און זי באַגאָסן מיט ביטערע טרערן.

די שטוב איז מיר געוואָרן ענג. עס האָט מיך געשטיקט אין האַלדז. איך האָב אָנגעטאָן די קליינע, מיך איינגעהילט אין היימישן שאַל, די איינ־ציקע טייערע וויעשטש, וואָס איז מיר פאַרבליבן און בין אַוועק מיט איר אין פּאַרק.

***

אין פּאַרק איז געווען פּוסט. אַ קאַלטער ווינט האָט געוואַשן די שטיי־נערנע בענק, און די ווינטערדיקע זון האָט זיך געבראָכן איבער די האַלב־נאַקעטע דינע ביימלעך.

אַן אַלטער שיכור אין שמאַטעס איז געזעסן הינטער אַ באַנק צווישן טרוקענע בלעטער און קוסטן און האָט זיך געלויזט. ער האָט געשאָלטן די פאַרבייגייער, וואָס האָבן אים נישט צוגעוואָרפן קיין נדבה. יונגע פּאָרלעך

האָבן זיך געקושט און דינסטן האָבן אומגעפירט וועגעלעך מיט קליינע קינדער.

מיין נשמה איז געווען אויסגעליידיקט פון יעדן טראָפּן פרייד און אַ מאָדנער פּחד האָט מיך געהאַלטן אין קלעם ווי אין אייזערנע ציין...

טיסעראָס פרעכער בליק איז געבליבן שטעקן אין מיר און נישט אָנ־געזאָגט קיין גוטס... איבערהויפּט האָב איך מורא געהאָט, אַז אַבראַשאַ וועט ווידער מוזן אָפּקומען צוליב מיר... דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיך גע־מאַכט פאַר אויס מענטש. איך האָב באַשלאָסן אים מער גאָרנישט צו דער־ציילן, און אַליין רעאַגירן און זען אויף ווייטער אויסצעמיידן דעם נאַראָד פון היגטערהויף און אויך טיסעראָן.

אַהיים בין איך געקומען שפּעט. אין הויף איז געווען פינצטער. בלויז די רעדער פון מענדל דעם שניידערס מאַשינען האָבן זיך געדרייט און גע־דרייט פּונקט ווי די צעשרויפטע נערוון מיינע.

די ביידלעך פון הינטערהויף זענען געווען צוגעדעקט מיט דער גרויער נאַכט און אַ רויטע לבנה ווי אַ שטיק פייער האָט אַראָפּגעשיינט איבער זיי.

אין ווינקל לעבן מיין טיר האָב איך געטראָפן טיסעראָן, אַן אומגע־דולדיקן, אַן אויסגעצויגענעם ווי אַ סטרונע און מיט בייזן איינפאַל אין דעם זשאַר פון זיינע אויגן.

קעגן מיין ווילן האָב איך אַ געשריי געטון און אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט. טיסעראַ איז אויסגערונען געוואָרן און אַבראַשאַ איז מיר אַנטקעגן־געלאָפן. זיין בליק איז געווען צעטראָגן. ער האָט צוגענומען פון מיר דאָס שלאָפנדיקע קינד, און, מער מיט די בליקן ווי מיטן מויל, געהייסן מיר אַריינגיין אין זאַל. ער איז מיר נאָכגעגאַנגען, אַריינגעלייגט דאָס קינד אין בעטל און האָט פאַרהאַקט די טיר.

איך בין געשטאַנען אָן אַ זייט און געשוויגן. אַבראַשאַ האָט אַראָפּ־גענומען דעם שאַל פון מיינע אַקסלען, מיך אָן ווערטער צוגעפירט צום טישל, און מיך אַוועקגעזעצט און צורוקנדיק צו מיר אַ גלאָז מילך, האָט ער אָנגעהויבן:

— נעם עפּעס אין מויל, דינאַ! דו ביסט פאַרמאַטערט פון אַרומגיין אַזוי פיל מיטן קינד אויפן האַנט. זאָלסט עס מער נישט טון... דער הייג־טיקער אָוונט איז געווען אַ ווונדערבאַרער, ס'האָט נאָר אויסגעפּעלט אַ ביסע־לע היימישער שניי. נישט אַזוי, דינאַ? — האָט ער געפּרוווט שמייכלען. — ווען דו וואָלסט צוגעוואָרט אַ קאַפּעטשקעלע, וואָלט איך דיך געווען באַגלייט.

מיין נשמה האָט זיך געשפּאָלטן פון יסורים...

— אַבראַשענקא דאָראָגאָי! ברענג מיר אַן אַספּירין. מײַן קאָפּ ווערט מיר צעשפּאָלטן...

ער האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זיך דאָס רעקל און אַוועקגעלאָפן אין אַפּטייק, און איך בין געבליבן זיצן אַ פאַרשטיינערטע. מײַן מיטגעפיל צו אים איז געווען גרעסער פון דער ליבשאַפט. טיסרעאַ איז אים נאָכגעלאָפן.

פלוצים איז אַרײַנגעקומען זיידנער. עס האָט מיך אַ וואָרף־געטון, ווי איך וואָלט דערזען דעם טויט. מײַן קאַלטער בליק האָט אויסגעלאָשן דעם וואַרעמען שמייכל אויף זײַן פריש־ראַזירטן פּנים; פון אים האָט עס געשלאָגן מיט מענערישן נצחון, מיט זיכערקייט:

— דינעלע, פאַרוואָס האָסטו עס געטון?... אַבראַשאַ האָט געקענט זײַן גליקלעך, און מיר ביידע אויך... איך האָב דיך ליב געקריגן. וואָס וועל איך איצט טון אָן דיר? אָן דײַן זאָרג וועגן מיר, אָן דײַן צערטלעכן בליק?... אַבראַשאַ וועט קיינמאָל נישט אויספילן דײַן לעבן. דו האָסט אַזאַ אומרויִקע נשמה, און ער ווייסט עס נישט... בוך־אויס דײַן שיינקייט, דינאַ... אַ פאַר־הייראַט לעבן איז פּוסט, אָן עמאָציע... — האָט ער גערעדט ערנסט, זאַכלעך און, דאַכט זיך, אויך ערלעך...

— איר און איך, זיידנער — האָב איך אים איבערגעשלאָגן די רייד, — זענען דען יאָ געווען מבינים אויף אַבראַשענקאַן?... אויב איר, זיידנער, האָט מער נישט קיין רעספּעקט פאַר מיר, האָב איך צו אײַך גאָרנישט. איר זענט דאָך נישט מחויב צו האַלטן מיך פאַר לייטישער, ווי איך אַליין האַלט מיך... אָבער מײַן אַבראַשענקאָס טשעסט וועל איך נישט דערלויבן צו באַרירן. ער ליידט און מאַכט זיך נישט וויסנדיק, ווייל ער האָט מורא פאַר מײַן לעבן און פאַר זײַן געוויסן אַלס פאָטער און אַלס דער, ווען איך האָב מיך קינדוויַיז אָנגעטרויט מיט מײַן לייב און לעבן...

— דינאַ, דו רעדסט נאַרישקייטן! מיר האָבן אַ רעכט אויף אונדזער אייגן לעבן... אַבראַשאַ איז צופיל גייסט און דאָס טויג נישט...

— מיך עקלט אײַער אָנוועזנהייט, אײַער טעמפּקייט, און צי מוז איך דווקא זײַן אײַער געליבטע, ווען מײַן נשמה איז אײַנגאַנצן ביי אַבראַשאַן?... און צי וואָלט דען מײַן מאַן גענומען די פּרוי פון זײַן חבר, פון זײַן איבער־געגעבנסטן פרײַנט, אַזוי ווי איר האָט מיך גענומען?... און איר האָט נאָך, דאַכט זיך, פּרעטענזיעס צו זײַן אַ בעסערער מענטש אַ?... אויב איר האָט נאָך אײַן טראָפּן מענטשלעכקייט אין זיך, דאַן פאַרלאָזט מיך אויף תמיד, פאַרלאָזט מײַן שטוב און דעם הויף, און דערמאָנט פאַר קיינעם נישט, וואָס צווישן אונדז איז פאָרגעקומען!...

זיידנער האָט קאַלט געשמייכלט. זיין בליק האָט גענידערט און גענידערט ביז צום אָפּגרונט פון מיין נשמה... איך בין געבליבן גלייכגילטיק. ער האָט זיך אָנגערופן:

— גוט, דינאַ, זאָל זיין ווי דו ווילסט! אָבער געדענק, דו וועסט חרטה האָבן... און ווען דו וועסט מיך דאַרפן, זאָלסטו קומען...

ער האָט אַרויסגענומען פון בוזים־קעשענע אַ געדרוקטן אַדרעס און אים מיר צוגעוואָרפן. איך האָב דעם אַדרעס צעפליקט. זיידנער איז אַרויסגעלאָפן און באַלד נאָכדעם איז אַבראַשאַ געקומען פון אַפּטייק.

איך האָב אים געוואָלט אַלץ דערציילן, נאָר מיין שלונג איז געווען געליימט... פון שטאַרקער אויפרעגונג בין איך געוואָרן ווי פאַרתמט. אַבראַשאַ האָט עס באַמערקט, האָט ער אַראָפּגעצויגן פון מיר די מלבושים מיט די שיך, מיך אַריינגעלייגט אין בעט, צוגעדעקט מיט אַ גראָבער קאָלדרע און געלייגט אויף מיינע פיס אַ קישן מיט פעדערן.

איך האָב געשוידערט פון קעלט ווי איך וואָלט געלעגן אַ נאַקעטע אין שניי... מיינע ציין האָבן געקלונגען ווי אַ בינטל שליסלען... אַבראַשאַ האָט אָנגעהיצט אַ גרויסן ציגל, אים איינגעוויקלט אין אַ גראָבן טוך און צוגעלייגט צו מיינע געגליווערטע פיס. איך האָב נאָכדעם איינגענומען דעם אַספּירין און אויסגעטרונקען דאָס מילך, וואָס ער האָט מיר דערלאַנגט. עס האָט מיר אַרויסגעשלאָגן אַ קאַלטער שווייס און איך האָב מיך צעוויינט, שטיל געוויינט אין זיך ווי אַ שולדיקער, וואָס ווייסט אַז קיינער וועט אים נישט העלפן, נישט מיטפילן און ער דאַרף פון קיינעם גאָרנישט דערוואַרטן...

אַבראַשאַ האָט איינגעדרייט דעם קנויט פון לאָמפּ אויפן טיש, אויסגעטאָן די טוזשורקע און אַזוי מיטן צעעפנטן קאָלנער פון זיין שווארצער רובאַשקע זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט, גענומען מיינע הענט אין זיינע און זיי באַהויכט מיט זיין וואַרעמען אָטעם.

— דו ווייסט, אַבראַשאַ, אַז זיידנער איז דאָ נאָרוואָס געווען?... — האָב איך מער נישט געקענט האַלטן אין מיר דעם סוד, די באַליידיקונג.

— עס איז נישט אמת!... — האָט ער איבערגעשלאָגן מיינע רייד און זיין ברייטער בליק האָט מיך געצווונגען צו שווייגן. — דו ביסט שוואַך, דינאַ, דו מוזט האָבן בעסערע פלעגע און אַ רויִקער לעבן. דאָס איז אַלץ!... מיר וועלן די טעג בייטן די וווינונג, מיר וועלן אַרויספאָרן אין אַ ווייטער פּראָווינץ־שטאָט! — האָט ער אַזוי רויִק געשמייכלט. — איך האָב שוין גערעדט וועגן דעם מיט מיינעם אַ באַקאַנטן דאָקטער, אַ רוס, וואַסילי סאַבאָלעוויטש. מיר קענען זיך נאָך פון דאָרטן, פון ראָסיי. ער האָט דאָ גע־

ענדיקט דעם שטודיום און האָט אַ פּריוואַטע קליניק. וועל איך ביי אים זיין פון די ערשטע פּראַקטיקאַנטן און גלייכצייטיק פאָרזעצן דעם שטודיום. נאָך איין גוטן עקזאַמען געבן, און איך וועל האָבן מיין דיפּלאָם. און דו, די־נאָטשקאַ, מוזט מיר צוהעלפן אין דעם... סאָבאָליעוויטש וועט מיך שפּעטער צונעמען פאַר אַ שותף. ער האַלט שטאַרק פון מיר. ער איז אַן אייגענער, דינאַ, דושאַ מאָיאַ. ער ווייסט דאָך, ווער מיר זענען... — האָט ער מעלאַנ־כאָליש געשמייכלט.

— דו ווייסט, דינאַ, — האָט ער פאַרגעזעצט — ביי מיין פּאַפּאַשאַ אין קאַנטאָר האָט אַמאָל געאַרבעט אַן עלטערע באַרישניאַ מיט אַ ווייסן קאָפּ לאָקן און מיט אַ ווייס איידל פּנים. האָט זי זיך איינגעבילדעט אַ חלום, אַז עס וואַקסט איר אַ צווייטער קאָפּ... מיין מאַמאַשאַ איז מיט איר געפאָרן אין די קרימער וועלדער און צוריק האָט מען זי געבראַכט אַ פולשטענדיק גע־זונטע... זי איז געווען גייסטיק אָפּגעשוואַכט, ווי עס קען טרעפן מיט יעדן פון אונדז. נישט אַזוי, דושאַ מאָיאַ?...

ער האָט גערעדט און גערעדט און דערביי געבויערט זיין בליק אין מיינעם און עפּעס געזוכט...

דאַן האָט ער אָנגעהויבן באַקוקן מיינע פינגער, די נעגל, צוגעלייגט מיינע פינגער צו זיינע און פאַרגליכן זייער אויסזען.

איך האָב געקוקט אויף אים און זיך געשראָקן פאַר זיין פּלוצימדיקער פאַרענדערונג. די קאַרבן אויף זיין הויכן ווינקלדיקן שטערן זענען געוואָרן טיפער געפּאַלדעוועט. עס האָט אויסגעזען, אַז עפּעס האָט אים מיטאַמאָל אויפגערודערט.

בלומעטשקע האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ דערשראָקן געשריי. האָט עס מיך ראַפּטום אַראָפּגעטראָגן פון בעט, אָבער אַבראַשאַ האָט מיך נישט געלאָזט נעמען די קליינע.

— לאָז, דינאַ, לאָז! — האָט זיין פּנים געפינצטערט און זיך געקרימט.

— טו עס נישט. עס איז שעדלעך, דינאַאַ!...

ער האָט אַריינגעצויגן די הענט זיינע אין די לאַנגע אַרבל פון דער רובאַשקאַ אַזוי, אַז עס האָט זיך נישט אַרויסגעזען אַפילו קיין נעגעלע. דאַן האָט ער אַרויסגענומען דאָס קינד פון בעטעלע און אומגעגאַנגען מיט איר איבערן זאַל, רעדנדיק צו מיר שטרענג, גאָרנישט לויט זיין שטייגער:

— דינאַ, מיר טאָרן זיך נישט צורירן צום קינד!... דו הערסט! עס איז נישט קיין שפּאַס!... אָבער וואָס ביסטו אַזוי דערשראָקן? — האָט ער מיך אָנגעהויבן צו מונטערן.

מיר איז געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן. די קני האָבן זיך מיר אונ־טערגעבראָכן און איך בין מאַכטלאָז געזונקען, געפאַלן ווי אין אַ תהום...

***

ווען איך האָב געעפנט די אויגן איז אַבראַשאַ ווידער געזעסן אויפן ראַנד פון בעט, אַנגעשפאַרט דעם קאָפּ אויף זיינע הענט און געקוקט אויף מיר. אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, עס האָט אויסגעזען ווי מיר וואָלטן זיך איינער דעם אַנדערן פּלוצים דערקענט. אַבראַשאַ האָט געטריי און מיט ליבשאַפט צונויפגענומען מיינע צעוואָרפענע האָר, געגלעט מיין קאָלטן שטערן און, אַ דורכגענומענער מיט ווייטיק ביז צום גרונט פון זיין האַרץ, האָט ער גערעדט:

— עס איז נישטאָ צוליב וואָס צו זיין אַזוי באַזאָרגט. היינטיקע צייטן איז עס גאָרנישט... וואָסילי סאַבאָלעוויטש איז אַ מענטש מיט אַ ברייטער נשמה. ער וועט מיך שוין באַזאָרגן מיט דער נייטיקער מעדיצין. איך וועל שוין אונדז ביידע אויסהיילן, און אַלץ וועט ווידער ווערן גוט... נאָר גע־דולד, נאָר אויסדויער, דינאָטשקאַ!... איך בעט דיך, דינאַ, דו זאָלסט מיר פאַרגעבן. דו האָסט צופיל סטראַדאַיעט און איך האָב נאָר געטראַכט פון לערנען. אַ מוזשטשין דאַרף זיין שטאַרקער פון אַ זשענשטשינאַ — זענען אים געקומען טרערן אין די אויגן — און דו ביסט דאָך נאָך אַ דיעוווּשקאַ, און נישט מער... איך האָב קיינמאָל גאָרנישט געטון צו דערפרייען דיין האַרץ. דו האָסט פאַרוואָלטעט מיט דעם ביסל געלט, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, און דאָס איז צו ווייניק צו מאַכן גליקלעך אַזאַ נאַטור ווי דיינע...

— מיין פּאַפּאַשאַ און מיין מאַמאַשאַ —האָט אַבראַשאַ פאַרגעזעצט— האָבן דיך פאַרגעטערט און ביי מיר האָסטו סטראַדאַיעט. איך האָב דיך גע־לאָזט אויף הפקר און דער געמיינער יונג האָט אונדז ביידן באַטראָגן... דו ביסט נאָך אַ קינד, דינאָטשקאַ, —האָט ער געשלונגען די טרערן— די אומ־שולד שיינט דאָך אַרויס פון דיר!... אַך, דינאָטשקאַ, לאָז מיך ראַטעווען דיין לעבן, וואָס דו האָסט פון קינדווייז אָן מיר אָנגעטרויט, און איך האָב עס נישט פאַרשטאַנען ווי אָפּצוהיטן... נאָר צוליב דיר וויל איך מיך היילן און וויל נאָך לעבן... מיר האָבן דאָך אַ קינד!...

— ווען איך זאָל גלייבן, אַז דו האָסט מיך, ווירקלעך פאַראַטן, אַז דו ליבסט יענעם, גלייב מיר, דינאַ, אַז איך וואָלט דיך קיין איין מינוט ניט געצוווּנגען צו בלייבן מיט מיר, ווי שרעקלעך דער ריס וואָלט נישט געווען

פאַר מיר, וואָלט איך אים אויפגעוועקט... צי האָב איך דען אַ רעכט אויס־צולעבן דיינע יאָרן?... זאָג מיר עפּעס, דושאַ! שווייג נישט אַזוי פינצטער!... פאַרוואָס ביסטו אַזוי דערשלאָגן? פאַרוואָס אַזוי פיל ליידן, דינאַ? זאָל זיך אונדז דאַכטן, אַז מיר האָבן דאָ איבערגעלעבט אַ נייעם פּאָגראָם, און מיר ווילן ווייטער לעבן, זיך ראַטעווען פון אומקום...

— אַבראַשענקאַ, איך בין נישט ווערט דיין מינדסט נעגעלע... דו האָסט אויף מיר רחמנות...

אַך, ווי נאַיִוו און ווי קינדיש דו ביסט!... —האָט ער געקושט מיינע באַבלאָטערטע פינגער און זיי באַגאָסן מיט טרערן— אָן דיר בין איך גאָר־נישט. אַ סך מאָל מיין איך, אַז דו ביסט מיין שוועסטער, מיין מאַמע און אויך מיין קינד... איך בין איצט אַ טאַטע פון צוויי גאָלדענע מיידעלעך: דינאַ און בלימעלע...

— און וואָס איז דען דער חילוק אויף וואָס מען איז קראַנק, פון וואָס פאַראַ קראַנקייט מען ליידט?... די הויפּטזאַך איז — נישט צו ווערן ביליק ביי זיך... פאַרכאַפּן, נישט דערלאָזן די קראַנקייט זאָל ווערן כראָניש, פאַר־שטייסט, דושאַ מאָיאַ?... —האָט ער אַריינגעוועקט מיין פּנים אין זיינע הענט און מיך געצערטלט און באַוווּנדערט ווי קיינמאָל פריִער. — די הויפּטזאַך איז — ליבן דאָס לעבן, עס ליב האָבן מיט אַלע ביטערנישן און אַלע פּיינען... מיר זענען שולדיק אַ חוב צו די, וועלכע וועלן בלייבן נאָך אונדז, און אויך צו יענע, וועלכע זענען אַוועקגעריסן געוואָרן און זייערע לעבנס זענען גע־בליבן אין אונדז. פאַרשטייסט מיך, דינאַ, דושאַ מאָיאַ? גלייבסטו, אַז איך וואָלט געקענט זיין אונטער איין דאַך מיט אַ לייכטזיניקער פרוי, אַ? פאַרוואָס שווייגסטו? צי בין איך דען נישט דיין איינציקער פריינט צי האָסטו דעי? נישט געהאָפט און געוואַרט, אַז אונדזערע צילן זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן און דו זאָלסט אָפּלעבן מיט מיר אַלע דיינע יאָרן? וואָס, דינאַ, האָט דיך גע־צוווּנגען צו ליידן אַזוי פיל? צי האָסטו דען נישט געקענט פון ערשטן טאָג אָן געפינען אַ רייכן מאַן, ווען דו וואָלסט מיך נישט געווען ליב געהאַט און נישט געווען געקענט ביז צום גרונט מיין נשמה?... דינאַ! לאָז מיך אומקערן דיר דיין פריידן! דו ביסט געבוירן צו ליבן, צו פרייען זיך, און איך וועל עס דיר שאַפן. מיר זענען איין מענטש, געדענק עס גוט...

— און ווען דו וועסט זען, אַז עס איז נישט אַזוי ווי איך דענק, זאָלסטו עס מיר זאָגן. איך וועל דיר גלייבן. איך האָב קיין איין מינוט נישט אויפ־געהערט דיר צו גלייבן... ווייַן נישט. דו באַליידיקסט מיך, אוזשאַסנאַ! נאָך אַלעמען בין איך דאָך נישט מער ווי אַן אָרעם באַשעפעניש פון פלייש און

בלוט. איך ווייס, אַז מיין כבוד שטייט ביי דיר הויך. אָבער ברענג דיך נישט אום צוליב מיר... איך בין עס נישט ווערט!...

ער האָט מיך ביסלעכווייז איינגענומען, און צום ערשטן מאָל נאָך יע־נעם פאַל בין איך איינגעשלאָפן אין זיינע אָרעמס, געשלאָפן רויק ווי עס וואָלט קיינמאָל גאָרנישט פאָרגעקומען...

***

— יאָ, יאָ, מאַדאַם! איר מעגט עס וויסן! — האָט זי אויפגעהויבן צו מיר אַ באַדייטונגספולן בליק; — זיסער פון האָניק איז דאָס צוריקגעפונענע גליק...

מיין מאַן האָט אָנגעהויבן זיך צו פּוצן. אינדערפרי, איידער ער איז אַוועק צו זיינע לעקציעס האָט ער מיר געמאַכט אַן אוקאָל און זיך... מיר האָבן אָנגעטאָן גומענע הענטשקעס און אויסגעמיטן צו קומען צווישן מענטשן. זיינע שילער האָט אַבראַשאַ געזאָגט, אַז ער ליידט פון אַ לייכטער עקזעמע...

ער איז געווען גליקלעך, וואָס זיי גלייבן אים, און נאָך גליקלעכער, וואָס מיר טוען קיינעם קיין שלעכטס נישט. ער האָט זיך באמת צו פאַר־דינען מער און האָט צוגעקראָגן נייע שילער. אין די אויפדערנאַכטן, ווען איך בין געווען פאַרטון אין שטריקן, האָט ער געלייענט און אַמאָל גע־שפּילט אויף דער פליט.

יעדע פרייע שעה האָט ער געווידמעט מיר מיט בלומעלען, אונדז גע־נומען שפּאַצירן אין די פּאַרקן, ביים ים, און אומעטום, ווו עס איז געווען טומלדיק און אַ סך מענטשן.

ביסלעכווייז האָב איך דערפילט, אַז אַבראַשאַ איז אַ שטיק פון מיין אייגן בלוט און פלייש. מיר האָט זיך אַפילו אָנגעהויבן דאַכטן, אַז יענע ביטערע דערפאַרונגען זענען געווען צום גוטן, און מיר האָבן איינער דעם אַנדערן אויסגעפונען אויף אַזאַ טיפן און גרינטלעכן אופן, אַז קיין שום זאַך וועט מער נישט זיין בכוח צו פאַרטונקלען אונדזער לעבן...

***

— און ווי זאָגן דאָרט אייערע אַרגענטינער: — האָט זי ביטער גע־שמייכלט — דער מענטש לייגט־פאָר און גאָט באַשטימט...

איינמאָל אין אַן אויפדערנאַכט איז צו מיר אַריינגעקומען מענדל דער־

שניידער. זיין ברייטער בליק האָט מיך אַרומגענומען פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין לייסט פון דער טיר און אומניחהדיק געזאָגט:

— דינעשי. איך בעט ביי אייך פאַרצייונג פאַר מיין אָפּנקייט. איך בין אייער אמתדיקער פריינד, גלייבט עס מיר! דעריבער בין איך געקומען ווען אייער מאַן איז נישטאָ אין שטוב.

— איך וויל אייך וואָרענען, ווייל איר האָט זיך, נעבעך, שלעכט אַריינגעפּאַקט. מיין קרוב איז אַ באַווייבטער... איר דאַרפט אים לאָזן געמאַך... איר האָט, אַ דאַנק דעם אייבערשטן, אַ פיינעם מאַן, אַן ערלעכן, אַזאַ יאָר אויף אונדז ביידן, און אַ געלערנטן, דעריבער איז עס נישט אָרנטלעך פון אייך, דינעשי, און נישט רעכט...

איך האָב דאַן צום ערשטן מאָל פאַרשטאַנען, אַז די מערהייט פון נאַראָד איז נישט פּעיִק צו טראַכטן. זיי ווילן עס גאָרנישט!... און ווען דער נאַראָד וויל עמיצן אוניטשטאָזשען, ווען זיי עס צו־ביסלעך און יעדערער אויף זיין אופן דערגרייכן...

איך האָב אים געפרעגט:

— וואָס ווילט איר, רב מענדל, פון מיר?

— וואָס הייסט? — האָט ער אויסגערופן פאַרוווּנדערט. — בעפאָר דעם האָט איר אויך געפרעגט ביי מיר?... מיין סעניאָראַ איז אויפגעבראַכט צוליב אייך... געוווינ רעדט מען שוין שלעכטס אויף די פּוילישע... באַדאַרפט איר נאָך גיסן בוימל אויפן פייער?... צוליב אייך וועט מען באַשולדיקן מיין ווייב, נעבעך...

— נו, וואָס האָב איך געקענט ענטפערן, אַ?... און ווען דו וועסט אַרויסרייסן דיין האַרץ פון ברוסט און ווייזן דיינע ווונדן, וועט דיר דען עמיצער, וואָס האָט נישט געליטן, פאַרשטיין? וועט מען דיר גלייבן? — האָט זי געהאַלטן אויף מיר איר פייכטן בליק. — ביי מיר איז אויסגעקומען, אַז זיידנער איז געמיינער ווי געמיין! און ווען אַ מוזשטשין פאַרלירט דעם חן אין די אויגן פון אַ פרוי ווערט ער ווי די...

איך האָב געשוויגן אַזוי לאַנג, ביז דער שניידער איז אַרויס און פאַרהאַקט די טיר.

**
*

איך האָב געוואַרט אויף מיין מאַן, געוואַרט ווי אויף משיחן, ווי אויף דעם איינציקן, וועלכער וועט נישט לאָזן, אַז עמיצער זאָל אָנרירן דאָס מינדסטע נעגעלע מיינס.

איך האָב מורא באַקומען אַרויסצוגיין אים אַפּוואַרטן. איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז דער נאַראַד ווייסט וועגן אַלץ, און זיי וועלן מיך דערגרידעריקן.

בין איך אַרומגעגאַנגען איבערן צימער אַהין און צוריק. איך האָב גע־פּרוווט לייענען און נישט געקענט. האָב איך אָנגעטאָן די קליינע, אַרויפ־געוואָרפן אויף איר דעם שאַל און מיט איר אויף די הענט מיך געלאָזט צו דער טיר.

טיסעראָ איז מיר אַנטקעגן געקומען. ער האָט מיט זיינע שפּיציקע קני מיך צוריק אַריינגעשטופּט אין זאַל און פאַרמאַכט די טיר. ער האָט זיך צעוויגט אויף זיינע הויכע פיס, און דער זשאַר פון זיינע אויגן האָט אַראָפּגענידערט ביז צום גרונט פון מיין אויפגעציטערט האַרץ...

איך האָב מיך אָנגעהויבן אָפּרוקן אין אַ זייט, האָב אַריינגעלייגט דאָס קינד אין בעטל, מיך אויסגעגליכט אַנטקעגן אים און באַפוילן:

— גיי אַרויס! ווען מיין מאַן איז נישטאָ, וויל איך נישט האָבן קיין געסט...

ער האָט נישט געענטפערט און ווי אַ יונגער הירש צוגעשפּרונגען צו מיר, אָנגעכאַפּט מיינע הענט און זיי געפּרוווט אַהינטערצודרייען און זיין ברענענדיק מויל האָט געזוכט מיינס.

איך האָב מיך געווערט, אָבער ער האָט נישט נאָכגעלאָזט. ער האָט געשאָטן מיט זידלווערטער:

— מאַך נישט דעם אָנשטעל פון אַ הייליקער, דו ווייך און וואַרעם ציגעלע. דו האָסט אָנגעצונדן מיין בלוט, מיין פאַנטאַזיע, און איך האָב דיך אומזיסט פאַרהערלעכט. דו האָסט אָפּגענאַרט מיין גלויבן, איך וועל עס דיר נישט מוחל זיין!... גיי און הער וואָס דער גרינער רעדט וועגן דיר... גיי, דו...

זיינע האָר זענען זיך צעפלויגן איבער מיין פּנים און די נאָזלעכער און דאָס מויל האָבן געשלונגען דעם ריח פון מיינע האָר. ווי אַ פּיאַווקע האָט ער זיך איינגעפּרעסן אין מיינע ליפּן און דאַרשטיק ווילד געזויגן דאָס בלוט, דאָס חיות מיינס...

אַזוי האָט עס געדויערט אפשר אַ מינוט און אפשר אַן אייביקייט. אין מיר האָט זיך צעשריִען אַ ווילדער כוח. האָב איך אים אָפּגעריסן פון מיר און אַוועקגעוואָרפן ווי אַ שפּענדל.

ער איז צוגעפאַלן צו דער טיר און האָט מיטן קאָפּ אויסגעזעצט אַ שויב. ערשט דאַן איז ער געוואָרן נאָך ווילדער, ער איז צוגעשפּרונגען,

מיך איינגעקלאַמערט אין זיינע ברענענדיקע אָרעמס ווי אין אייזערנע רינ־גען און מיך ווילד געקושט...

אויף מיינע געשרייען זענען אָנגעלאָפן שכנים. מענדל דעם שניידערס ווייב האָט אַרויסגעכאַפּט פון בעטל מיין וויינענדיק קינד און איז מיט איר אַרויסגעלאָפן. דער נאַראָד פון הינטערהויף האָט זיך אַרומגעשטעלט אַרום אונדז און געלאַכט און געפּאַטשט בראַוואָ...

איך האָב זיך שטאַרקער אָנגעהויבן ראַנגלען און מיט ראַזמאַך זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט און צוגעפאַלן מיטן פּנים צו דער פּאָרענטש פון אַלטן בראָנזענעם בעט. עס איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. פון דער נאָז און פון מויל האָט עס געכליאַפּעט מיט ריטשקעס בלוט.

דער נאַראָד האָט אַרויסגעלאָזט אַן א־א־א־א!... עמעצער האָט געשריען מ׳זאָל אַרויסרופן די „גיכע הילף“...

טיסעראָ האָט זיי באַפוילן צו פאַרלאָזן די שטוב. אַליין האָט ער מיך אויפגעהויבן און אָוועקגעלייגט אויפן בעט. די אַלטע האָט אַריינגעבראַכט אַ פלאַש אַלקאָהאָל און אַ שיסל מיט קאַלט וואַסער און אַ האַנטעך. זי האָט גיך אַראָפּגעלאָזט די פאָרהאַנגען איבער די פענצטער. טיסעראָ האָט פאַר־שלאָסן די טיר, און בשעת די אַלטע האָט געהאַמעוועט מיין בלוט, האָט עס פון אים אַרויסגעציטערט און אַרויסגעברומט:

— האַרנטע מיינע! דיין מויל איז געשמאַקער פון טייערסטן ווייַן און פון זיסע פייגן. דו ביסט געבוירן נאָר פאַר מיינעטוועגן!... אַזוי האָט מיר געזאָגט אַן אַלטע קאָרטן־וואַרפערין. זי האָט מיך געהייסן דיך נעמען איבער געוואַלד... דו וועסט זיין מיינע, אינגאַנצן מיינע...

— דיין מאַן האָט וואַסער אין די אָדערן, נישט קיין בלוט... ביי אים וועסטו נישט ווערן אויסגעהיט פון קיין מאַנסבילשע אויגן! ער איז אַ נאַ־רישער פילאָזאָף און נישט מער!... ביי מיר וועסטו בלײַען און שיינען, און קיינער וועט נישט וואַגן אָנצורירן דיינס אַ נאָגעלע.

זיין חוצפּה האָט מיך צעשטויבט אויף טויזנט ברעקלעך. איך האָב געפילט, אַז דער נאַראָד פון יענעם ווינקל און טיסעראָ וועלן מיך נישט לאָזן לעבן רויִק...

די אַלטע האָט אים עפּעס איינגערוימט אין אויער און ער האָט שמייכ־לענדיק זיך געגייגט פאַר מיר און געבעטן:

— זייַ מיר מוחל, קעניגן פון מיין פאַנטאַזיע! צוליב דיר האָב איך געוואָלט ווערן באַרימט... דו האָסט מיך געמאַכט צו דערקענען דאָס לעבן, די ליבע, די גרויסקייט פון טאָג און די בענקשאַפט אין די איינזאַמע נעכט...

און ער איז אַרויס פון שטוב.

דער פּחד פון דער וועלט האָט מיך באַהערשט, איינגעהילט ווי אין אַ שוואַרצן טוך. איך האָב געהאַט דאָס געפיל ווי דער יונג וואָלט מיך אַריינ־געשטופּט ביז איבערן האַלדז אין זומפּ.

— אויף דער טויט, מאַדאַם, איז אַ מיאוסער צו־להכעיסניק!... ווען ער איז נישט אַזוי האַרצלאָז, וואָלט ער דאָך געקומען צו די מענטשן, ווען זיי רופן אים!... וואָלט ער געווען אַן אויסלייזער און נישט קיין געשפּענסט, פאַר וועלכן מען האָט מורא, און ער סמט פּאַמעלעך אָפּ די פרייד אין די צעשראָקענע הערצער...

***

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַבראַשענקאַ האָט פון ערגעץ נאָענט, גערעדט צו מיר: — דו טראַכסט אויס נאַרישע געשעענישן... שוויג. איך וויל נישט וויסן! דו ליגסט! קיינער האָט דיך נישט באַליידיקט... פּייניק מיך נישט!...

איך בין געוואָרן איין שטיק ברענענדיקע וווּנד... איך האָב געפילט, אַז מיין אַבראַשענקאַ וואָלט ביסלעכווייז געמוזט ווערן אַ נימאוסער ליגנער! ער וואָלט געמוזט לאַכן און זינגען, ווען זיין האַרץ וואָלט געוויינט. — וואָס מער ער וואָלט מיך געזשאַלייעט, אַלץ ליידיקער וואָלט דאָך גע־וואָרן זיין לעבן. —האָבן רויטע בראַנדיקע פלעקן אַרויסגעשלאָגן אויף אירע איינגעפאַלענע בעקלעך, און איר בליק איז געווען פאַרטראָגן ווייט, ווייט, ווי זי וואָלט ווידער דערזען יענע מענטשן — די וווּנד אין אים וואָלט געוואָרן טיפער, בלוטיקער. איך וואָלט געוואָרן אַלץ נעבעכדיקער, אַ נישטיק מענטשל, וואָס פרעסט אויף אַבראַשאַס לעבן.

ער איז דאָך געווען אַ מענטש אַ ריינער, אַ פּוריטאַנער. מיך האָט ער געליבט מער מיט זיין נשמה, מיט זיין באַוווּנדערונג ווי מיט זיין גוף...

בשעת די פאַרצווייפלונג האָט מיך ווי אָפּגעטויט, האָט די אַלטע זיך איינגעקוקט אין מיינע געשלאָסענע אויגן, און מיינענדיק, אַז איך בין ענדלעך איינגעשלאָפן, האָט זי מיך איבערגעצלמט, אַ קוש־געטון אין שטערן, אַראָפּגעדרייט דעם קנויט פון לאָמפּ און אויף די שפּיץ פינגער, אַ באַ־רויִקטע אויפגעמאַכט די טיר און זיך אַרויסגערוקט.

מיך האָט עס אַראָפּגעטראָגן פון בעט. מיין לעבן איז געווען צעבראָכן. איך האָב באַשטימט מאַכן אַ סוף... עס האָט ביי מיר אָפּגענומען דעם שכל,

די מורא, אַז מיט אַבראַשאַן און בלומעטשקען קען געשען עפּעס שלעכטס. עס האָט מיך געצויגן ווי צו אַ שײַנענדיקן בלומען־גאָרטן.

איך האָב אויף גיך מיר אָנגעטאָן דעם זשאַקעט, מיך אײַנגעהילט אין שאַל, העט ביז צו די אויגן, שטילינקערהייט אויפגעמאַכט די טיר און אַרויסגעלאָפן. אַלץ אין מיר האָט געברענט; איך האָב גאָרנישט געזען.

איך בין ווי אַ שטיק פײַער צוגעפאַלן צו דעם פענצטער פון שניי־דערס שטוב. דאָרט איז געווען ליכטיק. דער שנײַדער האָט געשטעפּט און געשטעפּט. זײַן פרוי איז געזעסן צווישן אַ באַרג מיט הויזן און האָט גענייט קנעפּ. בונימל, זייער זון, האָט זיך געשפּילט מיט מײַן קינד. ער האָט אַלעמאָל אויפגעהויבן איבער איר קעפּל אַ פּעקעלע מיט שמאַטעס. די קליינע האָט עס געוואָלט כאַפּן און ער האָט עס נישט געלאָזט. האָט דאָס קינד וויינענדיק געלאַכט. איך האָב דערפילט, אַז מײַן קינד איז אין זיכערע הענט, און זיי וועלן אויך אַבראַשאַן נישט לאָזן אומקומען... און וואָס נאָך האָב איך דען געקענט פאַרלאַנגען פון לעבן, וואָס נאָך?

מײַן בליק האָט זיך אויך אַ טראָג־געטון צו די רויכלעך און פײַערלעך אין הינטערהויף. דאָרט האָט זיך גערעשט, מען האָט געבראָטן פלייש. טיסעראַ איז געשטאַנען לעבן זײַן כאַטקע און געשפּילט און אַרום זענען געשטאַנען ווייבער און מענער, זיי האָבן גערעדט און געלאַכט.

מײַן קאָפּ האָט געברענט, ווי מיט טויזנטער גלעקער האָט עס אין מיר געהאַמערט: — אוועק! אַוועק! אַוועק!...

***

איך בין אַנטלאָפן, אַליין נישט־וויסנדיק וווהין. עס האָט מיך געטראָגן ווי אַ שטורעם טראָגט אַ שטרויעלע. דער קאַלטער ווינט האָט אָן רחמנות געשניטן מײַן צעוווּנדיקטע נאָז, און פרישע שטראָמעלעך בלוט האָבן פאַר־מעלעך ווידער אָנגעהויבן ריזלען און גליווערן, אַרום מײַן מויל.

אין גאַס איז געווען טונקל. די כאַטקעס פון בײדע זײַטן און די בעריאָז־קעס ביים קאַנאַל האָבן זיך געהויקערט ווי אַלטע לײַט, און דער טונקעלער הימל, אָן אײַנגעזאַפּטער ווי אין בלויען טינט און אַ באַשאָטענער מיט טיפּע, שײַנענדיקע שטערן איז געהאַנגען איבער זיי ווי אַ שווערע דראָענ־דיקע מאַסע.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז טויזנטער פּאָר אויגן האָבן מיר נאָכגע־קוקט און געחוזקט, און פון אָפענע ווינטיקע היימען מיט די צעפלאַטערטע

זעק איבער די טירן און פענצטערלעך האָט זיך אויפגעהויבן אַבראַשענקאָס געשריי:

— דינאַאַאַאַ! דינאַאַאַאַ!...

איך האָב מיך אומווילּיק אומגעקוקט אויף צוריק און אים דערזען אַן אַרומגערינגלטן מיט קליינוואַרג פון הינטערהויף. זיינע האָר זענען געוועזן צעשויבערט און די לאַנגע פאַלעס פון זיין פּאַלטאָ צעפלויגן.

איך בין אַריין אין אַ ברייטן טויער און פון דאָרט אין אַ גרויסער שטאַל מיט עטלעכע פערד. אַ גרויסער פּאַנאַר האָט אַראָפּגעהאַנגען פון דער סטעליע, עופות זענען געזעסן אויף די באַנטעס און געדרימלט מיט פאַר־לייגטע קעפּלעך צווישן די פליגל.

זיי האָבן זיך דערשראָקן, זיך איבערגעשטעלט פון איין פיסל אויף דעם צווייטן און בייז געקאָקאָטשעט. די פערד האָבן אָנגעהויבן פאָכען מיט די אומרויִקע נאָזדרעס, און אַ הויכער זשערעבעץ האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ מיט די ווילדע אויגן און אַ הירזשע־געטון.

פון אַן אויבערשטן צימערל איז אַרויסגעקומען אַ קליין גויקעלע מיט אַ לאָמפּ אין די הענט. זי האָט אַראָפּגעקוקט אין שטאַל און האָט געמורמלט און געשאָלטן:

— אַ בליץ זאָל זיי צעשפּאַלטן! די גנבים! אַלע נאַכט קומען זיי און עס ווערט ווינציקער מיט אַ פּאָר הינער... און מיין מאַן — זאָל ער צעריסן ווערן! — קריכט אַרום צווישן די שענקען און זוכט אַ לעק צו טון...

עס איז אַריינגעקומען אַ פּרוי און האָט פונווייטנס גערעדט צו דער באַלעבאָסטע:

— אַ שאָד וואָס איר זענט נישט געווען אינדרויסן! איינער אַ צע־דרייטער, אַ „באַהאָרנטער" איז געלאָפן זוכן זיין „זיִעלע"... שכנים פון יע־נעם הויף דערציילן וועגן איר שיינע היסטאָריאָס!...

— אַ לעבן אויף אַזאַ איינער! —האָט די באַלעבאָסטע געענטפערט— און אַ מצווה אויף די מאַנצבילן! זאָלן זיי וויסן, אַז היינטיקע ווייבער זענען נישט ווי מיר, די אַמאָליקע...

— מיר איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף אים!... אויב ער וועט היינטיקע נאַכט נישט באַגיין זעלבסטמאָרד, זאָלט איר זאָגן, דאָניאַ כואַנאַ, אַז איך בין אַ הונט!...

איך האָב געציטערט פון קעלט און פון פּחד. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די גוטע שכנים האָבן אַבראַשאַן וועגן אַלץ און „זייער פינקטלעך" אי־בערגעגעבן...

ערשט דאַן האָט זיך אין מיר אויסגעפּיקט אַ געשריי, אַן אַלאַרם ווי פון טויזנטער גלעקער און עס האָט מיך גערופן און געטריבן צוריק... האָב איך אַ ציטערנדיקע איבערגעוואַרט ביז די ווייבער זענען אַריין אין שטיבל און דאַן בין איך אַרויסגעלאָפן.

דאָס געשריי אין מיר האָט פאַרטויבט די סיגנאַלן און דאָס קלאַפּן פון רעדער אויף אייזערנע שינעס, נישט ווייט פון מיין געסל. עס האָט געברענט מיינע טריט און געטריבן און געטריבן און די אייזערנע רעדער האָבן ווי צוגעקלאַפּט און געשריען:

— גיכער, גיכער ! אַהיים, אַהיים ! צוריק ! צוריק !...

— איך בין געלאָפן און געבלאָנדזשעט —האָט זי אומעטיק געשמייכלט און דאָס נאָדעלע צווישן אירע פינגערלעך האָט אונטערגעציטערט— איך האָב געטאָפּטשעט אין דער פינצטער, אַריין און אַרויס פון גריבלעך מיט אייזיקן וואַסער, זיך געדרייט אויף איין אָרט און נישט געוווּסט, וווּ איך האָב מיך געפונען...

פּלוצים איז אויסגעוואַקסן לעבן מיר טיסעראַ. עס האָט געשלאָגן פון אים מיט שרעק. נישט רעדנדיק קיין וואָרט איז ער אַוועק פאָרויס און איך האָב אים נאָכגעפאָלגט ווי אַ פאַרלוירענער הונט. איך האָב מורא געהאַט צו פרעגן עפּעס... און ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער שטוב איז ער אַוועק פון מיר, און איך האָב מורא געהאַט אַריינצוגיין... איך האָב גע־ציטערט ווי אַ נישט־דערשאָכטענע חיה...

די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט שניידיקער קעלט און מיט טויזנט סודות. דאָס קלאַפּן פון די רעדער אויף די אייזערנע שינעס איז געוואָרן ווייטער, ווייטער און פחדימדיקער. איך האָב געהערט פּאָליציי־סיגנאַלן, און ווען אַן אַלטער שיכור האָט מיט צעפלויגענע הענט זיך צוגעוואַקלט צו מיר בין איך אַריינגעלאָפן אין הויף...

די טיר פון מיין ווױנונג איז געווען אַ ביסל אָפן. איך בין אַריין אינעװייניק. אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַן אויוועלע מיט גליִענדיקע קוילן. אויפן אויוועלע — אַ פולער טשייניק. עס האָט פון אים געשלאָגן אַ געדיכטע פּאַרע, און דאָס וואַסער האָט געכאָרכלט און געכאָרכלט ווי אַ גוסס...

עס איז געווען פינצטער, און איך האָב מורא געהאַט אָנצוצינדן דעם לאָמפּ. האָב איך מיט ציטערניש דורכגענישטערט דאָס בעט, און ווען איך האָב אַבראַשענקאָן נישט געפונען, האָט מיך באַשלאָגן אַן אַנגסט... האָב איך אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און דערזען: אין אַנדערן עק פון זאַל איז אויף אַן אייזערנעם האָק אין דער סטעליע געהאנגען מיין אַבראַשענקאַ!... ער האָט

זיך פאַמעלעך געהוידעט אויף דער שטריק. דער קאָפּ מיט די אויסגעצויגענע הענט זענען נאָכגעהאנגען ווי זיי וואָלטן געווען איבערגעבראָכן...

און דאָס וואַסער אין טשייניק האָט געכאָרכלט און געכאָרטשעט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך ווייס נישט גענוי, ווי לאַנג עס האָט אָנגעהאַלטן מיין צושטאַנד פון טעמפּקייט. ווי עס זעט אויס, איז אין דער טיפעניש פון מענטשן פאַראַן עפּעס, רופט עס אָן ווילן צום לעבן אָדער שוואַכקייט, וועלכע איז שטאַרקער פון אַלץ, וואָס קען אונדז אוניטשטאָזשען... און אָט דאָס אומפאַרשטענדלעכע, דאָס „עפּעס" האָט געטליִעט, געזשאַרעט אין מיין דערשלאָגענער נשמה, און צייטנווייז ווי באַלויכטן און באַשטראַלט דעם נעפּל אין און אַרום מיר.

עס האָט געפייניקט און געגריזשעט, ווי די פליג וואָס האָט געפרעסן טיטוסעס געהירן און אים אוניטשטאָזשעט. שוואַך ווי אַ פליג פלעג איך ליגן צווישן די שמאַטעס פון מיין בעט און כסדר קוקן אין יענעם ווינקל... עס האָט זיך מיר כסדר געדאַכט, אַז אַבראַשענקאַ האָט זיך דאָרט נאָך אַלץ געהוידעט אויף דער תליה, געשטרעקט צו מיר זיינע אויסגעצויגענע הענט און מיך גערופן, געשלעפּט...

— איך האָב אים מקנא געווען, —האָט זי אַ געררירטע און ווי אַ שוואַך קינד פאַרלוירן געשמייכלט — אָבער מיר האָט אויסגעפעלט קלאָרער פאַרשטאַנד און אפשר אויך זיין מוט... און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז און מיט קרענקלעכער הנאה צו באַשטראָפט און געפייניקט צו ווערן פאַר די ליידן, וואָס איך האָב אים געבראַכט, איז מיין געוויסן געקראָכן און געפּויזעט אַלץ טיפער און טיפער אין זיין נשמה. איך האָב געוואָלט אויסזייגן ביז צום גרונט זיינע ליידן פון אָפּבינדן זיך פון דער וועלט, פון די וועזנס, וועלכע ער האָט פאַרגעטערט...

יאָ, איך האָב געטיילט מיט אים דעם ווייטיק, און האָב געפילט, אַז ער איז אַוועק פון מיר אַ געהייליקטער, ווייל ער האָט אין אייביקע טעג און אפשר שעהן, אויסגעבלוטיקט די ביטערקייט, די באַליידיקונג, וואָס וואָלט געקלעקט צו ליידן אַ גאַנץ לעבן, און זאַט־ווערנדיק פון ליידן האָט ער עס מער נישט געקענט אויסהאַלטן...

עס איז טשודנאָ! איך האָב מיר אָנגעהויבן איינצובילדן, אַז ער האָט געוווסט, אַז מיין נשמה איז מיטגעגאַנגען מיט אים... איך האָב מיר איינגעבילדעט, אַז אין איינעם אַ טאָג וועט ער מיך אַרויפנעמען צו זיך, — אויף

דער תליה... און ביידע וועלן מיר זיך דאָרט הוידען און הוידען ווי שוואַר־צע וואָראָנעס און אָנוואַרפן אַ פּחד אויף דעם נאַראָד, וועלכער האָט אונדז ביידן באַליידיקט, געטריבן צו אַזאַ לאַגע...

אָבער, ווען איך בין שוין געווען צופיל איבערצייגט אין מיינע איינ־רעדענישן און מיין אופן פון זוכן צו באַרויִקן מיין ברענענדיקן געוויסן — האָב איך מורא געקריגן פאַר אים... איך האָט געוויינט, און ווען קיינער איז נישט אַריינגעקומען האָב איך מיך, ווי עס איז, אָנגענומען מיט כוחות, אַראָפּגעקראַטשקעט זיך פון בעט, מיך אָנגעשפּאַרט אין דעם לייסט פון דער טיר און מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי אַ קראַנקער בעטלער, גערופן צום נאַראָד, געבעטן אַ ביסל רחמנות...

קליינוואַרג פון הינטערהויף זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן און געבליבן שטיין פונוייטנס. זייערע אויגן האָבן געטריפט מיט שרעק, מיט פּאַראַכ־טונג און טיילווייז אויך מיט רחמנות... איך האָב געפּרוווט רעדן צו זיי, זיי איבערצייגן אין מיין אומשולד אין מיין אַבראַשענקאָס טויט. זיי האָבן מיך אָבער לאַנג נישט געלאָזט רעדן. זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט כעס און מיט טייוולאָנישן איינפאַל. זיי האָבן אויסגעפּלאַצט אין אַ ווילדן גע־לעכטער, מיר אַרויסגעשטעלט לאַנגע צינגער און געשריִען, געוואָרנט:

— דיין געהאָנגענער מאַן וועט דיך דערוואַרגן!... ער וועט זיך נוקם זיין !...

— דו ביסט אַ משוגענע קורווע, און מיר האָבן דיך פיינט!...

— אַלסירא וועט דיך אויף אַ וועגעלע אַרויספירן אין גאַס און דו וועסט בעטן נדבות. וועסטו פרעסן אַ סך און וועסט ווערן געזונט!...

— טיסעראַ וועט דיך אַריינגעבן אין אַ פריילעך הייזל !...

— מיר ווייסן! מיר האָבן עס געהערט!...

איך האָב מיך נישט געווערט און נישט געענטפערט. יעדער פון אונדז וואָלט באַדאַרפט באַשטראָפט ווערן פאַר זיינע שלעכטע גענג... נישט אַזוי, מאַדאַם ? נו, איז וואָס האָב איך זיי געקענט ענטפערן, אַ ?...

אָפט פלעגט ביי אַזעלכע סצענעס אַרויסקומען בוגימל דעם שניידערס... ער איז געווען בלייך און פון זיינע אויגן פלעגט עס טריפן מיט רחמנות און מיט שאַנדע... ער פלעגט מיך אָננעמען ביי די הענט, צופירן צוריק צו מיין בעט, מיר העלפן אַריינקריכן און מיך איינדעקן און שווייגנדיק בלייבן שטיין פון ווייטנס, קוקן, שלינגען די טרערן און זיפצן ווי אַ דער־וואַקסענער. ווען איך האָב אים געוויזן צום ווינקל, ווו אַבראַשאַ האָט זיך

אויפגעהאנגען, האָט ער זיך אַ דערשראָקענער הינטערווייליכץ אַרויסגע־רוקט פון זאַל...

איין מאָל, כדי מיך צו טרייסטן, האָט בונימל אַריינגעבראַכט מיין בלומעטשקען. אַ רייניקע, מיט אַ ראָזן באַנד אויפן קעפּל צווישן די לאָקן און מיט אַ ראָז פּאַרטעכל אויפן גראָבן קליידעלע. דאָס קינד האָט אָנגע־שפּאַרט דאָס קעפּל אויף מיין ברוסט, געקוקט אויף מיר, געזיפצט, גע־קרעכצט ביז זי האָט זיך צעוויינט מיט ביטערע טרערן און זיך געריסן צוריק צו בונימלען.

דאַן האָב איך דערהערט דער שניידערנס קול:

— בונעם, בונעמשי, נעם בלימעלען און קום אַהער. זי האָט מורא. ווי איז מיר, נעבעך!

איך האָב מיך נישט געוועדט. צי האָב איך דען געקענט זיין אַ געהע־ריקע מאַמע צו איר? און זי איז דאָך געווען אַבראַשאַס איינציקע פרייד, האָב איך דאָך מער נישט געהאַט קיין רעכט צו פאַרוואַלטן מיט זיין פאַר־מעגן...

— קוקט נישט אַזוי טשודנאַ, מאַדאַם! — האָט זי מיט אַ באַליידיקטער מינע אַראָפּגעשלונגען אַ קניפּעלע טרערן. — קיינער ווייסט גאָרנישט, ווי ערלעך עס זענען די, וועלכע משפּטן זיך אַליין... איר זענט אַ פּיסאַטעלניצע, איר מוזט דאָך אַוודאי קענען דעם מענטשנס נשמה... ווען נישט איז דאָך בוצלאָז אייער קומען צו מיר...

— נו, נעמט נישט פאַר אומגוט! מיר זענען דאָך אַלטע גוטע פריינט!
— האָט זי אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט, ווי זוכנדיק מיך איבערצובעטן.
— נאָך דעם האָבן זיך באַוויזן שכנים פון אַרומיקע הייזער, איבער־הויפּט ווייבער מיט מיידן. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן בעט אַרום מיר, און מיט קרענקלעכער נייגעריקייט אויסגעפרעגט ווי אַזוי דאָס איז פאַר־געקומען... זיי האָבן מיר געבראַכט קאָנפעקטן, שטיקלעך טאָרט און צוגע־שטאַנען:

— דערצייל, דיניטאַ, דערצייל!

איך האָב מיך נישט געוועדט.

נאָר טיסערא האָט זיי געקענט אָפּרייסן פון מיר. מיט אַ בייטש האָט ער זיי צעטריבן.

— אַרויס פון דאַנען, איר געמיינע צויגן! שוואַרצע גבלות!... איין פינ־גערל אירס וועל איך נישט אַוועקגעבן פאַר אייך אַלע!...

אַזוי האָט עס זיך איבערגעחזרט ווער ווייסט וויפיל מאָל.

— זייט נישט אַזוי סמוטנע, מאַדאַם. זאָל איך נישט ווײ־טון פאַר מיר. איך האַלט, אַז עס איז פּאַסקודנע צו ווען בלייבן געדעכט פאַר זיך אַליין... עס וואָלט געווען געמיין און פאַרדאַרבן נישט צו ווען אָפּצאָלן, אויסווייטיקן, אָ! איר גלייבט מיר נישט? איך דערקען עס אין אייערע אויגן! — האָט זי גוטמוטיק געשמייכלט. — איר טראַכט אַוודאי, אַז איך בין געווען פאַרליבט אין לעבן און דערפאַר האָב איך געקענט אויסהאַלטן און בלייבן שטיין אויף די חורבות פון יענער, פון אייער דינעלען. צוליב יענער דינעלען וועט איר היינט פּטרן דעם גאַנצן טאָג...

נו, אַ קאַפּיטשקע רעכט מיט אייער מיינונג האָט איר אוודאי יאָ. אָבער שווערער פונעם טויט איז די פּאַראַכטונג צו זיך אַליין. און קינס צייכן, איניינעם מיט אַבראַשאַן אויף דער תליה הוידען זיך און דערמאָנען אַן אַלץ.... און זיי אַלע האָבן ביסלעכווייז אוניטשטאָזשעט מיין שטאָלץ, מיין ווילן און אויך מיין געדאַנק... אַ סך מאָל האָב איך געוואַרט, געהאָפט, אַז היינט מאָרגן וועט זיך אַלץ ענדיקן, און די האָפענונג האָט מיך אַ קאַפּעטשקע באַרויִקט, ווי איך וואָלט געזעסן אויף מיינע קלומיקעס אויף אַ וואָקזאַל און געוואַרט אויפן פּאַיעזד. און אַזוי וואַרטנדיק בין איך געוואָרן ווי אַ פויגל מיט צעבראָכענע פליגלען, ווי אַ חיה וואָס ליגט אין שטייג און האָט מער נישט קיין כוח זיך אויפצוהייבן העכער פון דעם קופּקעלע מיסט...

— אַלסיראַ, און ,איבערהויפּט איר זון, האָבן מיך דערהאַלטן ביים לעבן. און דאָס האָט נישט געטויגט, איר מעגט עס וויסן! — האָט זי אַן אומרויִקע פאַרבראָכן די הענט. — זיי ביידע האָבן מיך געוואַשן און געבאָדן אין אַ גרויסער הילצערנער מולטער, און מיך געקאָרמעט. מיין אַפּעטיט איז געווען ווי אַפּגעשטאָרבן, פלעגט טיסעראָ איינטונקען שטיקלעך ברויט אין טייערן ליקאָר און אויף געוואַלד זיי אַריינשטופּן מיר אין מויל. און ווען איך פלעג עס צוריק אַרויסשפּייען, פלעגט ער מיר לייכט פּאַטשן איבערן פּנים און וואָרענען:

— איך האָב פיינט קאַפּריזן, דינאַ! און אויב דו וועסט מיר נישט פאָלגן, וועל איך מער נישט קומען צו דיר, און דו וועסט אויסגיין ווי אַ קראַנקע חיה, ווייל דו האָסט קיינעם נישט אַחוץ מיר. קיינער אויף דער וועלט וועט אויף דיר קיין רחמנות נישט האָבן! און וואָס וועט ווערן פון דער קליינער? די רוסאָס, דיינע לאַנדסלייט, וועלן זי שפּעטער אויסנוצן, ווער ווייסט אויף וואָס פאַר אַן אופן... און דו, דינאַ, וועסט ליגן אין דער ערד... דער קבר איז נאָס און פינצטער... די ווערים וועלן פרעסן דיין לייב...

— עס האָט געווירקט, — האָט זי אומעטיק געשמייכלט. — איך

האָב מורא געהאַט צו בלייבן אָן אים. ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן פאַלגן. ער איז געווען גוט צו מיר. ער האָט געקענט זיין אײדל פּילבאַר און אויך משוגע גרויזאַם...

אַ סך מאָל האָט ער מיט זיין וואַרעמען אָטעם געבראַכט צום לעבן מיינע געפרוירענע הענט און פיס. נאָכדעם האָט ער אַריינגעקוקט אין מיינע אויגן, געקוקט און געגראָבן ביז צום סאַמע גרונט פון מיין נשמה. ער האָט מיך געהאַלטן פאַר דער טשופּרינע, געהאַלטן ווי אַ דערשראָקענעם האָז און געשמייכלט מיטן זשאַר פון זיינע באַגליקטע אויגן און געשעפּטשעט:

— ווי שיין דו ביסט, דינאַ! אין דיר זיצט גאָט און דער טייוול. פאַרוואָס ציט מיך אַזוי צו דיר? דו האָסט מיך פאַרכישופט, דינאַ!...

און ער האָט מיר אויסגעקושט די פינגער פון מיינע הענט און פיס. זיין קושן האָט געטריפט אין אַריינגעבלאָזן אין מיר אַ קאַפּעטשקע כוח און פאַרטריבן דעם שאָטן פון טויט, וואָס האָט מיך געשראָקן און געפייניקט, כאָטש איך האָב אים באַגערט.

אַ סך מאָל האָב איך מיך געוועגט קעגן אים. איך האָב געוויינט און ווי אַ שוואַך קינד געוויזן צום ווינקל: — אַבראַשענקאַ איז דאָ... ער וויל עס נישט ליידן!...

איז טיסעראַ אַוועק און זיך מער נישט געוויזן. פלעג איך ווערן נאָך מער סמוטנע און שעהן, טעג און אפשר אייביקייטן קוקן און קוקן צו יענעם ווינקל... מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַבראַשאַ איז געשטאַנען לעבן קינדס בעטעלע, איבערגעוואָרפן די קישעלעך מיט די קאָלדרעטשקעס און געזוכט. און פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט מיט רחמנות און מיט שרעק...

אין צימער איז תמיד געווען אימהדיק ווי אין אַן אָפענעם קבר, און ווייל קיינער האָט זיך נישט געוויזן, האָב איך מיך ווי עס איז צוגעראַטש־קעוועט צו דער טיר און ווײנענדיק גערופן:

— טיסעראַ, טיסעראַ! איך האָב מורא!...

ער איז געקומען, האָט מיך אַריינגעלייגט אין בעט און געוואָרנט:

— דו מוזט עסן אַ סך, דינאַ, און וואָס גיכער ווערן געזונט... דו וועסט מיך פאַלגן, וועט זיין גוט; אויב נישט, וועל איך אַוועקפאָרן צוריק אין מיין געבוירנאָרט און וועל מער נישט קומען אַהער אויסצושטיין דיינע קאַפּריזן, דיינע שגעונות...

איך האָב דערפילט אַ ציטער אין מיין בלוט, ווי די ערד וואָלט זיך איינגעבראָכן און איך וואָלט געבליבן שטעקן ביז איבערן האַלדז. איך וועל דאָך אויסגיין אָן קיינעמס אַ בליק אין מיין זייט. איך האָב אָנגעהויבן פאַלגן,

געגעסן, געטרונקען מילך און ביסלעכווייז האָט זיך די הויט מיינע אויס־געפּילט. איך בין געווען שוואַך און אָן לעבנספרייד, אָבער שוין מער מענטש ווי אין די ערשטע וואָכן נאָכן אומגליק.

*
**

עס איז געוואָרן ווּעסנא. די טעג זענען געווען איינגעטונקען אין אַ גאָלדענער זון, און אַ געדיכטע בלויקייט, ווי אַן אויסגעהאַפּטענער סערוועט מיט ווייסע רויזן, האָט אַראָפּגעקוקט אין הויף. ביי די ראַנדן פון די ווענט האָבן זיך באַוויזן ווייסע און געלע באַקעפּלטע בלימעלעך. זיי האָבן זיך געבאָדן אין לייכטן ווינטל און זיך געשטרעקט אויף אַרויף העכער און העכער.

אַן אויפגערוימטקייט, אַ חשיבות האָט אַרויסגעקוקט פון די ווינקלען אין פאָדערשטן הויף. עס האָט אויסגעזען ווי דאָס לעבן וואָלט באמת ביי־געקומען דעם טויט, און די פרייד האָט געשפּראָצט און אָנגעטאָן אַ ניי פּנים סיי דעם נאַראָד און סיי דעם קליינוואָרג, וואָס האָט געטאַנצט, געהוליעט און זיך מער אַפילו נישט אומגעקוקט אין מיין זייט...

איך האָב וועגן גאָרנישט געטראַכט. אַ קרענקלעכע רויִקייט איז טיף געזעסן אין מיין האַרצן, און אַ זיכערקייט, אַז טיסעראַ וועט מיך נישט פאַרלאָזן. ער איז ווירקלעך —האָב איך געטראַכט— די איידלסטע באַשע־פעניש, אַ באַרופענער צו טון נאָר גוטס.

איין מאָל אין אַ זונטיק, ווען דער נאַראָד איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ פּיקניק, האָט מיך טיסעראַ אַרויסגעטראָגן פון צימער און מיך באַקוועם אַוועקגעזעצט אין אַ וויגשטול אונטערן פייגנבוים. די צווייגן זענען געווען באַשאָטן מיט בלויע צעעפנטע קנאָספּעלעך, גאָלדענע זון־רייפלעך האָבן זיך געוויגט צווישן די בלעטער און דאָס וואַרעמע ווינטל האָט ווי מיט זיידענע פעכערס געגלעט מיין פּנים, דעם האַלדז און נאַקן און די בלייכע הענט.

טיסעראַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אינעם גראָז לעבן מיינע פיס און האַלטנדיק אויף מיר דעם זשאַר פון זיינע אויגן, געשפּילט גיטאַרע. זיין פּנים איז געווען איידל און גליקזעליק. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף מיין שויס; זיין גליק האָט אַראָפּגענידערט ביזן סאַמע גרונט פון מיין האַרץ...

סאַנמאַרטינאַ איז אַרויסגעקומען פון איר כאַטקע. טיסעראַ האָט אַרומ־

געוויקלט זיינע הענט אַרום מיינע קני און מיט אַ וואָרענענדיקן בליק איר געהייסן גיין צוריק.

זי איז געבליבן שטיין. פון איר קליינעם כמאַרנעם פּנימל, פון אירע גרויסע אויגן האָט עס געשלאָגן אויף מיר מיט רציחה. זי האָט אויסגערופן:

— אין דיר זיצט דער כוח פון שלעכטס... דו האָסט פריִער דערהרגעט דיין מאַן, אים דערפירט צום טויט, און איצט רויבסטו צו דעם טאַטן פון מיין קינד.

טיסעראָ האָט אויפגעהויבן אַקעגן איר אַ פינגער און אָפּגעהאַקט געזאָגט:

— די מינוט זאָלסטו זיך אָפּטראָגן פון דאַנען!...

זי האָט נאָך געפּרוווט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט אַ ברום־געטון ווי אַ ווילדער לייב:

— אַוועק פון דאַנען, דו בינטל מיסט!

זי האָט אַנגעבויגן דעם קאָפּ און אָן צו רעדן אַ וואָרט איז זי אַוועק.

און ער האָט ווידער געשפּילט און געקוקט אויף מיר.

איך בין געווען אומפילבאַר. איך האָב מיך געוואָלט וואַרעמען אונטער דער מילדער זון. שפּעטער, ווען עס איז געוואָרן קילער, האָט ער מיך צוריק אַריינגעטראָגן אין זאַל, מיך באַקוועם אַוועקגעלייגט אין בעט, מיך איינגעדעקט מיט זיין פּאָנטשאָ און מיר דערלאַנגט אַ מאַטע. דאָס פייער אין אייוועלע לעבן בעט האָט באַשיינט זיין פּנים און ער האָט אויסגעזען ווי אַ קינד.

— ווו איז סאַנמאַרטינאָס קינד? — האָב איך אים געפרעגט.

— די מאַמע אַלסיראָ האָט עס פאַרקויפט פאַר הונדערט מיט פופציק פּעזעס, אַ זכר... — האָט ער געענטפערט.

— פאַרוואָס האָסטו עס דערלאָזט, טיסעראָ? האָב חתונה מיט איר און גיב איר אַ הים. זי וועט ווידער ווערן אַ מאַמע... איז זי ווידער טראָגעדיק?

בשעת איך האָב גערעדט האָבן זיך זיינע פּנים־שטריכן אָנגעגאָסן מיט אַנטציקונג. ער איז געוואָרן איין שטיק פרייד. געקושט מיינע פינגער און גערעדט: — דינאַ, דינאַ! עס איז אַ גוטער סימן. דו וועסט געזונט, דו האָסט צוריקגעקריגן דיין פאַרשטאַנד, דיין ווילן, דינאַ!...

— איך וויל זיין דיינע און סאַנמאַרטינאָס שוועסטער! — האָבן זיך מיינע הענט אויפגעהויבן און זיך געוויקלט אַרום זיין שיינעם קאָפּ. — איך וועל אייך העלפן דערציִען דאָס קינד... און מיין טאָכטער וועל איך אָפּ־בעמען צוריק. יאָ, טיסעראָ?

— מיש דיך נישט, דינאַ, אין מיינע פּריוואַטע אָנגעלעגנהייטן! איך ווייס ווי צו לעבן אויף דער וועלט, — איז ער צוגעפּאַלן מיט זיין ברע־נענדיקן מויל צו מיינעם...

***

— עס איז געווען טשודנאָ!... — האָט זי אומפּאַרשטענדלעך צונויפ־געצויגן די ברעמען און געהויבן מיט די שמאָלע אַקסעלעך. — אַ שטיק צייט, מסתמא נישט מער ווי איניקע טעג אָדער וואָכן, בין איך געווען באַרוישט און מיטגעריסן פון זיינע ווילדע ליידנשאַפטן און צערטלעכקייטן. איך האָב ווי געשוועבט אין אַ וועלט פון גענוס, פון ווייבערישן גליק, וועלכעס איז מיר ביז דאַן געווען פרעמד... איך האָב מער נישט געטראַכט פון אַבראַשאַן און אַפילו נישט פון אונדזער בלומעלען. מיין גאַנצע אויפ־מערקזאַמקייט, מיין געדאַנק, ווי שוואַך ער איז נאָך געווען, האָט געפּלאָ־טערט און זיך אָנגעהאַנגען אין טיסעראַן. ער איז געוואָרן דער אָפּגאָט פון מיין לעבן...

אויך טיסעראָ האָט אויפגעשיינט. ער איז תמיד געווען לעבן מיר, מיך אוכאַזשעוועט און אוספּאָקאָיעט. ער האָט געשפּילט, געזונגען און גע־טאַנצט. און ווען ער פלעגט שבת און זונטיק גיין אַרבעטן, שפּילן אין אָר־קעסטער, און ער פלעגט זיך אויספּוצן אין זיין שוואַרצן געפּאַסטן אַנצוג מיט שוואַרצן שניפּס ביים קאָלנער פון ווייסן זיידענעם העמד, פלעגט ער מיר אויסקושן יעדן אבר און מיך אָפּגיסן מיט טויזנט פייערן פון זיין מויל, און מיטן זשאַר פון זיינע אויגן — ביז שפּעטער, מלאך מיינער!...

איך פלעג אָפּט מורא האָבן, אַז מען וועט אים צונעמען ביי מיר און איך וועל בלייבן איינע אַליין אויף דער וועלט...

ער האָט די קליינע מיינע אָפּגענומען פון מענדל דעם שניידער. זי איז שוין אונטערגעוואַקסן. דער נאַראָד פון הינטערהויף, איבערהויפּט די ווייבער מיט די מיידן, האָבן געקוקט אויף מיר מיט קנאה. אָבער מיך האָט עס געפרייט. יאָ, יאָ, איר מעגט עס ווייסן, איר זענט דאָך אַ פּיסאַטעלניצע...

איך האָב מיך אָנגעהויבן אָנצוטאָן שענער, און כאָטש אין דער טיפע־ניש פון מיין לעבן האָט שטיל געציטערט אַבראַשענקאָס געדעכעניש, האָב איך מיך באַמיט צו טראַכטן, מיר איינצורעדן, אַז איך בין טאָקע געבוירן געוואָרן באַוווּנדערט צו ווערן, און טיסעראָ איז דער איינציקער. דער אויס־

דערוויילטער מוזשטשין, און ער ווייסט ווי מיך צו ליבן, און ער איז דער, וואָס האָט אין מיר ווירקלעך אַנטפּלעקט די פּרוי...

***

איך געדענק נישט גענוי, ווי לאַנג עס האָבן אָנגעהאַלטן יענע קאָש־מאַרנע טעג. איך געדענק אָבער, אַז טיסעראָ האָט ביסלעכווייז אויפגעהערט צו אַרבעטן. ער פלעגט אַוועק פאַרברענגען מיט באַרישניעס און קומען אַהיים שפּעט אינדערנאַכט, אַ שיכורער און אַ מידער, געשלאָפן ביז נאָך האַלבן טאָג, און ווען ער פלעגט אויפשטיין איז ער געווען שלעכט געשטימט, נישט גערעדט צו מיר און בכיוון מיך צו רייצן, פלעגט ער אַוועקגיין אין הינטערהויף טרינקען מאַטע מיט די ווייבער, מיט די מיידן און דאָרט לאַכן, זיך וויצלען...

איינמאָל ווען איך בין צוריקגעקומען פון קלייטל, האָב איך אים גע־טראָפן מיט סאַנמאַרטינאַן ביי מיר אין בעט. ער האָט געקושט איר קליין מיילעכל און זיינע הענט האָבן געציטערט אַרום איר קינדישן גופל. אַ ווילד־אָנגעצונדענע האָב איך אַ געשריי־געטון:

— שוין זאָלט איר פאַרלאָזן מיין שטוב!...

טיסעראָ האָט זיך אַוועקגעזעצט אין בעט, מיט די פיס אַראָפּגעלאָזט, און מיטן אַרבל פון העמד געווישט די שטראָמעלעך שוויס פון זיין פּנים. זיינע האָר זענען געווען צעוואָרפן איבער די אויגן, עס האָט פון זיי גע־שלאָגן מיט זיכערקייט און חוצפּה...

די קליינע איז אויף די קני געזעסן הינטער אים, אירע הענטלעך אַריבערגעוואָרפן איבער זיינע אַקסלען און זיך געשפּילט מיט די שלייקעס פון זיינע הויזן...

איך האָב מיך אָפּגעקערט פון זיי און האָב געוויינט...

***

אַ צייט האָב איך געפּרוווט אָנהאַלטן אַ רוגז, און האָב מיך אָנגעהויבן צוצוזען און מער זיך צו פּוצן, כדי מער צו געפעלן טיסעראָן און אים אינגאַנצן אָפּצורייסן פון סאַנמאַרטינאַן. אָבער וואָס מער איך האָב געציי־טערט און געפּלאָטערט איבער אים, מורא־האָבנדיק אים אָנצווערן, אַלץ ווייטער האָט ער אָנגעהויבן צו האַלטן זיך פון מיר. ווען איך האָב איינמאָל זיך אָנגענומען מיט מוט און אים פאָרגעוואָרפן זיין שלעכטע באַנעמונג צו

מיר, האָט ער זיך אַ שטעל־געטון אויף די הויכע פיס און מיר געענטפערט מיט אַ באַליידיקטן טאָן:

— מיט וואָס פאַראַ רעכטן, דינאַ, ווילסטו איך זאָל געהערן נאָר דיר אַליין?... וואָס האָב איך פון דיר?... איך האָב געשטרעקט מיין לעבן דיך געזונט צו מאַכן, און דו שאַצסט נישט אָפּ מיינע קרבנות... סאַנמאַרטינאַ איז נישט מער ווי אַ ווילד מיידל, אָבער זי האָט אַ פייערדיק האַרץ... זי ליבט מיך. וויל נישט איך זאָל שווער האָרעווען. זי פאַרשטייט, אַז איך בין נאָך צו יונג צו טראָגן אויף מיר אַ לאַסט...

— אדרבא, טיסעראָ, איך וויל אַרבעטן. אָבער איך וויל נישט זען קיינער פון דער דרויסנדיקער וועלט... איך האָב מורא פאַר די מענטשן, — האָב איך אויף זיינע טענות געענטפערט. — גיי, טיסעראָ, ברענג מיר אַר־בעט, וועל איך דיר צוהעלפן פאַרדינען. אָבער, אָבער... דו מוזט אויס־קלייבן, מיט וועמען דו ווילסט, מיט מיר אָדער...

— אַרבעט, אַרבעט... — האָט ער זיך נאָכגעקרימט — און וואָס גייט דיר אָן סאַרמאַרטינאַ? זי איז אַן אָרעם קינד און מיר דאַרפן זי האַלטן נאָנט. זי איז דאָך מיין שטיפשוועסטער... און דיך האָב איך ליבער פון אַלץ אין דער וועלט... איך וועל נישט לאָזן, דו זאָלסט ווערן אַ שניידערן, און דיינע לאַנדסלייט זאָלן דיך עקספּלאָטירן... דו ביסט נישט אַליין, דינעלע, טייע־רינקע...

און ער האָט מיך איינגעקלאַמערט אין זיינע הענט, אויסגעקושט יעדן אבר מיינעם, און ווען איך בין געוואָרן מיד פון זיינע שפּילערייען האָט ער מיך, נאָך טעג פון בענקען נאָך זיינע צערטלעכקייטן, ווידער גענומען...

***

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן איבערצוחזרן אַלץ אָפטער און שטורעמדיקער. איך האָב מורא געהאַט פאַר אים, און דאָך געציטערט, טאָמער לאָזט ער מיך איבער...

— עס איז געווען טשודנאָ! — האָט זי פאַרלעגן געשמייכלט, און דאָס נאָדעלע צווישן אירע פינגער האָט אונטערגעציטערט. — איך האָב דאַן נישט באַנומען זיינע איינפאַלן.

איינמאָל נאָך אַ שטאַרקער קריגעריי האָט ער מיך געשלאָגן, ממש גע־ממיתט. איך האָב געחלשט, און ווען איך בין געקומען צו זיך, בין איך געלעגן אין בעט מיט נאַסע טיכלעך אויפן פּנים און אויפן קאָפּ. אין צימער

איז געווען שטיל. די פאַרנאַכטיקע זון האָט זיך געבראָכן אין די ווינקלען. טיסעראַ איז געלעגן לעבן מיר און דער זשאַר פון זיינע אויגן האָט אַראָפּ־געגנידערט ביזן גרונט פון מיין נשמה. ער האָט אַריינגערעדט אין מיר, גע־דלוביעט מיינע געפילן, ווי מען דלוביעט אַ שטיק דעמב:

— וועסט אַרבעטן, וועסט אַרבעטן, אַרבעטן, אַרבעטן... וועסט גיין, דינאַ. וועסט מיך פאַלגן, אַז נישט וועל איך דיך פאַרלאָזן... איך וועל אַוועק פון דיר!...

— וווהין, ווילסטו, זאָל איך גיין?... איך האָב מורא פאַר די מענטשן. גיי דו, טיסעראַ, צו מענדל דעם שניידער און בעט ער זאָל מיר געבן אַרבעט...

— דו ביסט אַ נאַר, אַן אידיאָטקע!... דו האָסט דיין אידיאָטישן מאַן דערפירט ביז צום טויט, און מיך ווילסטו אויך אַ לעבעדיקן באַגראָבן, דו אויסנוצערן, דו פאַלשע קאַץ!...

**
*

איך האָב אים ענדלעך פאַרשטאַנען... מיר איז דאָך, אייגנטלעך, געווען אַלצאיינס! און ווען ער האָט דערזען מיין פאַרוווּנדערונג, האָט ער מיך ווידער געבערנט מיט זיינע צערטלעכקייטן, מיך ווידער גענומען און ווידער געבראָכן מיין שוואַכן ווילן...

יענעם אויפדערנאַכט בין איך געווען ווי צעמישט און באַהערשט פון אַ געוואַלדיקער מורא פאַר עפּעס, וואָס איך וועל מוזן אויסטראָגן אויף מיינע צעבראָכענע פּלייצעס. די פענצטער פון צימער זענען געווען אָפן, און אַ רויטע לבנה האָט, ווי אַ ברענענדיק פּעסעלע, אַריינגעשיינט און גע־וועקט אין מיר דעם געפיל פון פחד. יאָ, איך בין געווען ווי צעמאָלן אויף שטיקלעך, און כאָטש קיינער האָט מיך אין יענע שעהן נישט געהיט, האָט מיר אָבער אויסגעפעלט ווילן צו אַנטלויפן.

און צו וואָס האָב איך באַדאַרפט אַן אַנדער לעבן? איך האָב שוין סיי ווי געהאַט רעזיגנירט פון דער מינדסטער אָנגעהעריקייט מיט יענער דינבעלען. און אָט ווען איך בין אַזוי געלעגן ווי אין אַ צושטאַנד פון צע־מישונג און געקוקט אַלץ אין יענעם ווינקל, זיך געפילט ווי אַ פאַרגעסענע פון גאָט און פון לייט, איז גראָד אַריינגעקומען די מאַמאַ אַלסיראַ.

זי האָט אַוועקגעשטעלט אויפן נאַכט־טישעלע אַן ערדענע שיסל מיט הייסע פלייש־פּיראָגן מיט ציבעלעס, און זיך שווערלעך אַוועקגעזעצט לעבן מיר:

זי האָט אַ טאַפּ געטון מיין שטערן און געטריי אַריינקוקנדיק אין מיינע אויגן, געזאָגט מיט אַ זיסן טאָן, גלעטנדיק מיינע הענט:

— דו ביסט שוואַך, דיניטאַ, ווייל דו טראַכסט צופיל... צי וועלן מיר, מיין זיס קינד, איבערמאַכן דאָס געטלעכע ווערק? צי זענען מיר, אָרעמע שטערבלעכע, קליגער פון די הייליקע, פון די חכמים, זיי, וואָס האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן דעם שטרענגן ווילן פון אַלמעכטיקן?...

זי האָט מיר דערלאַנגט אַ פּיראָג און מיט אַ מינע פון אַ געטרייער מאַמען מיך געבעטן:

— נעם עפּעס אין מויל, טאָכטער! שטאַרק דיך! דו ביסט יונג און שיין, דו האָסט פאַר זיך דאָס גאַנצע לעבן, אָבער דו ווייסט עס נישט ווי אויסצונוצן!...

איך האָב אַ ווילנלאָזע געקייט קליינע שטיקלעך און זיי קוים געקענט אַראָפּשלינגען. אַלסירא האָט אויך גענומען אַ פּיראָג, און צווישן איין ביסן און דעם צווייטן האָט זי גערעדט צו מיר ווי אַ לערערן רעדט צו אַ צע־באַלעוועט מיידל, וועמען עס דראָט אַרויסגעוואָרפן צו ווערן פון קלאַס:

— ווער האַלט דיך אָפּ צו איבערצייגן מיין יינגל אין דיין ליבע צו אים? איך ווייס, אַז דו קענסט מער נישט לעבן אָן אים. און דו ווייסט דאָך, אַז ער האָט אויף זיך מבינים און בעלנים, אָבער זיין האַרץ איז ביי דיר... געדענק אָבער, טאָכטער, — האָט זי צער־פול געזיפצט, — ער איז ווילד אין זיין ליבע, אָבער נאָך ווילדער אין זיין אומבויגזאַמען שטאָלץ...

— ער איז ביי מיר אַ האַרטע נוס... אָבער איך בין דאָך פאַר אים ניט מער ווי אַ מאַמע. דו ווידער האָסט אַנדערע פליכטן צו אים. ער האָט דיך געראָטעוועט פון טרויער, וואָס האָט דיך געפרעסן. איך ווייס, וואָס דו לעבסט איצט איבער, זינט ער האָט אַנטפּלעקט אין דיר די „זי"... דו ביסט איצט ווי איינגעוויקלט אין אַ נעפּל, דיין געדאַנק איז נישט קלאָר אינגאַנצן... אָבער דאָס אַלץ וועט, מיט דעם הימלישנס הילף, אַריבער, און דו וועסט מוזן זיין אַ פּראַקטישע פרוי צו דיין מאַן און אַ מאַמע צו דיין קינד...

איך האָב געקוקט אויף איר ערנסטן פּנים, און האָב געפילט ווי וואַ־רעמע שטראָמעלעך בלוט האָבן זיך געצונדן אין מיר. עפּעס אין מיר האָט זיך אָנגעהויבן פאַמעלעך צו ליכטיקן, און איז באַלד ווידער פאַרצויגן גע־וואָרן מיט אַ נעפּל. מיין ווילן איז געווען פויל זיך צו ווערן קעגן אירע רייד. איך האָב מורא געהאַט איר צו זאָגן עפּעס, ווייל איך האָב געוווסט, אַז זי וועט אים אַלץ איבערגעבן, וואָרט ביי וואָרט, און פאַר זיינעם אַ בליק, פאַר

זיין מינדסטן באַפעל האָב איך געציטערט און געפלאַטערט. און דערצו בין איך תמיד געווען באַהערשט פון דער מורא אים צו פאַרלירן...

ביז היינט באַנעם איך נישט יענע ענדערונג אין מיר. אייגנטלעך, וואָלט איך דאַן באַדאַרפט נאָכגיין מיין אַבראַשענקאָן, ניט אַזוי? און אפשר האָט מיך דאַן אויפגעהאַלטן די ווערעמדיקע תאווה, וואָס דער יונג האָט אין מיר אויפגעוועקט?... קיין זאַך, מאַדאַם, אַפילו די געמיינסטע, דערנידעריקט נישט און פאַרפינצטערט נישט אַזוי שטאַרק אונדזער נשמה ווי אָט די נמאוסע תאווה...

ווי עס זעט אויס, האָט מיך די אַלטע געאייפערט. יאָ, איר מעגט עס וויסן!... עפּעס חיהשעס איז דאַן געווען אין איר בליק. זי האָט מיר געזאָגט:

— מיין זון איז אַ זכר, אַ געבענטשטער פון גאָט! פאַרשטיי איך גאָר־נישט זיין אויסדויער און זיין גוטסקייט צו דיר... און אויב דו וועסט אים אָנווערן, וועסטו דאַן וויינען און קלאָגן, אָבער עס וועט שוין זיין צו שפּעט... די זכרים, מיין קינד, זענען קאַפּריזנע, זייער אייגנליבע — איז געפערלעך. דיך האָט דער הימלישער פּאָטער באַשאָנקען מיט אַ גרויסן גאָב, מיט ווייבערישן רייץ, אַ געוויינלעכער זכר איז גאָר קיין מבין נישט אויף אַזאַ „זיעלע"...

— מיין יינגל האָט דיך דערקענט פון ערשטן טאָג אָן, ווען דו ביסט געקומען אַהער. זיין גלוסטונג צו דיר איז געווען אָן אַ שיעור, און דער הימלישער האָט פאַר אים פריי געמאַכט דעם וועג צו דיר, און איצט וועט ער דיך נישט אָפּגעבן פאַר קיין מיליאָנען... דו ביסט דער שפּיגל פון זיין יוגנט...

— אָבער ער וועט מיך אוניטשטאָזשען, מאַמאַ אַלסיראַ! — האָב איך ווי אַ קראַנק קינד געקושט אירע הענט, ציטערנדיק פון שרעק.

— גאָט איז מיט דיר, דיניטאַ! — האָט זי מיך געטרייסט. — מיין לעבן וועל איך פאַר דיר שענקען! אָבער וויסן זאָלסטו, אוצר מיינער, אַז ווי שיין און רייצנדיק אַ פרוי זאָל נישט זיין, מוז זי נאָך דערצו באַנוצן אַ ביסע־לע ווייבערישן שכל, אַ ביסעלע כיטרעקייט, דאַן וועט זי זיין געליבט און גע־צערטלט, זי וועט לעבן ווי אַ האַרנטע.

— דער מאַנסביל, אַפילו דער קלוגסטער פון זיי, איז אָפט נישט מער ווי אַ יינגל. דו הערסט, אוצר מיינער!... — זי האָט דערביי אַזוי פאַרשייט געלאַכט, אַז דער זשאַר פון אירע אויגן איז געוואָרן פינצטער און אומ־היימלעך ווי כמאַרעס און וואָלקנס, וואָס פאַרפלייצן די וועלט.

— דו מוזט אים ווייזן, אַז דו האָסט מבינים אויף דיר!... — דו קענסט

דיר לייכט און אויף דעם ערלעכסטן אופן פאַרדינען די פּעזע... אַך, ווען איך בין איצט אין דיינע יאָרן, אוצרל מיינס!...

עס איז געווען טשודנאָ, מאַדאַם! אַלסיראַ האָט מיך געליבט אָן אַ שיעור, מיך געאייפערט און מיך געוואָלט זען אַ גליקלעכע. איך צווייפל נישט אין דעם ביזן היינטיקן טאָג...

זי האָט מיר דאַן געזאָגט:

— דיניטאַ, מיין האַרץ וויינט און בלוטיקט, ווען מיין יִנגל איז שלעכט צו דיר... ווען אַ זכר האָט מיר אַמאָל אַ קלאַפּ־געטון, האָט עס מיר נישט אויסגעמאַכט: אויף דעם זענען מיר וווּבער געבוירן... דערצו האָב איך תמיד געליבט אַן ענערגישן זכר!... אָבער דו ביסט אַ צאַרטינקע, אַ ווייכינקע, ווי אַן ערשט־צעעפנטע וואַטע־בלום, און מיין זון איז אומבויגזאַם. ער וועט אויף גאָרנישט פאַרציכטן... ציטערט דאָס האַרץ מיינס, און איך בעט ביי דער הייליקער מוטער אַ ביסל ווייבערישן שכל פון דיינעטוועגן...

טרערן זענען גערינען פון אירע אויגן.

זי האָט גערעדט און גערעדט ביז איך בין געוואָרן פאַרמאַטערט און איינגעשלאָפן.

עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיין אַבראַשענקאַ איז געקומען. ער איז געווען אָנגעטאָן אין זיין גימנאַזיע־קאָסטיום מיט דער שאפקא אויפן קאָפּ.

— אוי! — האָב איך אין חלום אויסגעשריִען. — אַבראַשענקאַ, דו לעבסט? ווי גוט עס איז צו זען דיך! און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דו ביסט געשטאָרבן...

— וואָס פעלט דיר איין, דינאַ, דינאָטשקאַ? — האָט ער איידל אויף זיין אופן געשמייכלט. — שטיי אויף, דינאָטשקאַ, ווייל דו וועסט פאַרשפּעטיקן די חתונה.

— וועמענס חתונה? סאַנמאַרטינאָס? ווי גוט, וואָס טיסעראָ וועט זיי הייראַטן, ווי גוט!

— היינט איז די חתונה פון אונדזער בלומען מיט בונימלען...

— וואָס? ווי אַזוי? זי איז דאָך נאָך אַ פּיצינקע...

אָבער ער האָט מער נישט גערעדט. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ פּעקל מלבושים און גיך און געשיקט מיר געהאָלפן אָנטאָן אַ ווייס געפּאַסט קלייד און אַ לאַנגס ביז צו די שפּיצן פינגער, אַ קלייד מיט ווייסע און ראָזע פּע־כערלעך אויף די אַקסלען און מיט שליארקעס און מיט סקליאַדאָטשקעס ביז אַראָפּ און באַפּוצט מיט דימענטן און מיט גאָלד־פּליטערלעך. ער האָט מיר אָנגעטאָן אַ בייטש גרויסע בורשטינען, זיי עטלעכע מאָל אַרומגעוויקלט

אַרום מיין האַלדז, און אויך ווייסע הענטשקעס פון דינינקען סאַמעט מיט גאָלדענע זאַפּינקעס.

דאַן האָט ער מיר אָנגעטאָן אַ היטל אין דער פאָרעם פון אַ מגן־דוד, באַפּוצט מיט דימענטן. ווען איך האָב מיך אָנגעקוקט אין שפּיגל האָב איך מיך דערשראָקן פאַר מיין אויסזען, און געזאָגט:

— אַבראַשענקאַ, זע ווי אַלט איך זע אויס! עס איז דאָך נישט איך, נייך, נייך! עס איז די עלטער־באָבע דינעלע!...

ער האָט מיך געגומען אונטערן אָרעם און מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסן ערשט־קלאַסיקן זאַל מיט פּערסישע טעפּיכער אויף די הענט און אויף די טרעפּ... וויפל טרעפּ, אוי גאָט!... מיר איז געווען שווער צו גיין, אָבער ער האָט מיך געשלעפּט פאָרויס, פאָרויס, מיך אונטערגעיאָגט, גע־טראָגן אינדערלופטן.

חתן־כלה און מחותנים האָבן געוואַרט אויף אונדז. בלומע מיט בוני־מען האָבן געשיינט. אָבער ווען איך האָב זיי געוואָלט אַרומנעמען און פאַר־דראַוויען, האָבן זיי זיך אָפּגעקערט פון מיר...

איך בין געוואָרן סמוטנע און האָב מיך צוגעטוליעט צו מיין אַבראַ־שענקאַ. ער האָט געשמייכלט און מיר דערלאַנגט אַ בוקעט ווייסע רויזן, זאָגנדיק דערביי:

— דינאַ, דינאָטשקאַ! דו ביסט די ריינסטע פון אַלע פרויען אויף גאָטס ערד... שעם דיך נישט פאַר קיינעם! נאָך דער חתונה וועל איך אָפּפאָרן קיין ראַסיי, וועסטו דאָך נישט האָבן פאַר וועמען זיך צו שעמען!...

און ווען אַבראַשאַ האָט נאָך געהאַלטן אין רעדן, איז צוגעקומען דער דיאַדיושקאַ אין זיין קייזערלעכן שטאַט. ער האָט מיך געקושט און דערביי גערעדט:

— דינאָטשקאַ! דו טראָגסט דעם נאָמען פון מיין פרומער באָבען. גיי צו מאַרישאַן און נעם אָפּ די זילבערנע לייכטער!...

און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן אַבראַשענקאַן און מיר האָבן די קינדער געפירט צו דער חופּה.

און אַ חתונה איז עס געווען, טאַקע נאָר ווי אין אַ חלום!... אַ יידישע חתונה מיט רייך־געדעקטע טישן מיט יידישע מאכלים און אוגאָשטשעניעס... מוזיקער אין ווייסע שמאַלע הויזן מיט פראַקן און לאַקן האָבן געשפּילט און געכישופט, און דער נאַראָד האָט געטאַנצט, און די ווענט און די טישן האָבן מיטגעטאַנצט און אַבראַשענקאַ איז פּלוצים נישט געוואָרן...

און איך האָב מיך אַרומגעדרייט איינע אַליין, און ווען איך האָב מיך

צו עמיצן דערנענטערט, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו מיר מיט דער פּליי־צע... האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אויף די טרעפּ הינטער דער בינע, ווו עס זענען געזעסן חתן־כּלה און האָב לאַנג געוויינט... איז צוגעקומען דער דיאַדיושקאַ מיט אַבראַשאַן און זיי האָבן מיך גענומען צום טאַנצן... און אַ טאַנץ איז עס געווען!... — האָט זי כמעט אַן איבערגעראַשטע אויסגעשריִען — זיי האָבן געשוועבט ווי ווייסע אָדלערס, און איך האָב זיי נאָכגעשוועבט און נישט געקענט זיך אָנשליסן צו זיי...

איך בין געוואָרן מיד און שוואַך ווי אַ קינד, און אַן איינגעטונקטע אין שווייס האָב איך פּלוצים אָנגעהויבן פאַלן, פאַלן ווי אין אַ פינצטערן אָפּגרונט...

— אַ שאָד, וואָס וווּנדערלעכע חלומות ענדיקן זיך גיך! — האָט זי צוגעגעבן מיט באַדויערן. אָבער יעדער חלום לאָזט דאָך עפּעס איבער אין אונדז, נישט אַזוי?...

עס איז געווען טשודנאָ ביז גאָר. ווען איך האָב געעפנט די אויגן האָב איך נאָך געפילט דעם ריח פון די רויזן. איך האָב אַבראַשאַן און דעם דיאַ־דיושקאַ געפילט אַזוי נאָענט, ממש אָנצוטאַפּן מיט דער האַנט!...

איך האָב נישט מורא געהאַט פאַר זיי. פאַרקערט, איך האָב מיך גע־פילט ווי אַרומגערינגלט פון מיינע טייערסטע, זיי האָבן דאָך מיך פון קינד־ווייז אָן פאַרגעטערט...

***

און ווייל איך בין געווען צעבראָכן, האָב איך מיר אָנגעהויבן איינצור־רעדן, אַז דער חלום איז געווען נישט אַזוי סתם, גלאַט. עס האָט זיך אין מיר ביסלעכוויז עפּעס ווי צעבונדן, ווי איך וואָלט מיך אויפגעכאַפּט פון אַ קרענקלעכן שלאָף, און איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזט פון בעט.

איך האָב מורא געהאַט אָנצוצינדן אַ לאָמפּ, האָב איך אין דער פינצטער אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַן אַלטע פאַטשאָ און אַ באַרוועסע אַרויס פון זאַל.

אין הויף איז געווען שטיל. דער הימל איז געווען מערקווירדיק טיף און בלוי און דורכגעוועבט מיט רויטע שטיקער פייער און מיט שטערן אַזוינע גרויסע און טריפנדיקע ווי מיין אַבראַשענקאַס אויגן...

מיך האָט אַרומגענומען אַ גרויזאַמע בענקשאַפט צו מייניקע, צו דער וועלט, וועלכע איז געלעגן הינטער מיר ווי אַ פינצטערער חלום. עס האָט מיר געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. איך בין געווען באַדעקט מיט אַ קאַלטן

שווייס. — גיכער! גיכער! וועסט פאַרשפעטיקן! — האָט זיך אַבראַשענקאָס שטים געהויבן פון ערגעץ.

איך בין אַריינגעלאָפן צו מענדל דעם שניידער.

אין צימער איז געווען ליכטיק און היימלעך. מאַן און ווייב זענען געזעסן ביי די מאַשינען איינגעבויגענע און, ווי אַריינגעטועטע אין ווייטע וועלטן, געשטעפּט און געשטעפּט. אַרום זיי זענען געלעגן בערג פאַרטיקע אַרבעט. זייער טעכטערל איז געזעסן און געבייט קנעפּ, און בונימל האָט געפּרעסט נעט. ווי הערלעך עס האָט אויסגעזען זייער לעבן!...

איך האָב נישט געוואַגט זיי צו שטערן. בלויז בונימל האָט אויפגעהויבן זיין שיין פּנימל און זיינע גרויסע שוואַרצע יידישע אויגן האָבן געשמייכלט צו מיר און מיך ווי דערמוטיקט, מיך אויפגעהויבן פון מיין געפאַלנקייט.

זינט דער פּאַסירונג מיט מיין אַבראַשאַן האָט דער שניידער מיט זיין פאַמיליע מיך אויסגעמיטן ווי מען מיידט אויס דאָס נידעריקסטע באַשעפעניש. איך בין נישט געווען ביי זיי אויף דעם. צי קען מען דען צווינגען דעם נאַראַד צו פאַרשטיין דאָס, וואָס עס איז, באמת, נישט־פאַרשטענדלעך? בלויז בונימל האָט געהאַט רחמנות אויף מיר.

דער שניידער האָט ענדלעך אויפגעהויבן זיין קאָפּ, זיינע דערשראָקענע אויגן זענען צוגעפאַלן צו מיר. זיין פּנים איז געוואָרן בלייך און באַלד קרענקלעך־געל.

איך האָב ברעכנדיק די פינגער אָנגעהויבן צו שטאַמלען עפּעס פון דעם חלום, כדי זיי זאָלן ווערן אַ ביסעלע ווייכער צו מיר... אָבער די שניידערן האָט אַ צערייצטע אויסגעשריען:

— וואָס ווילט איר דאָ?...

איך האָב מיך דערשראָקן ווי פאַר אַ שטרענגן ריכטער. אָבער בונימלס אויגן האָבן געלויכטן און מיר צוגעגעבן מוט. האָב איך וויינענדיק אָנגעהויבן צו שווערן און צו פּרווון באַווייזן מיין אומשולד אין אַבראַשענקאָס טויט און אַז ווען ער וואָלט עס מיר נישט אָפּגעטון, וואָלט איך נישט באַדאַרפט ווערן טיסעראָס פרוי... און אַז דער יונג האָט אַ גאָלדן האַרץ... ער האָט מיך ליב און ער האָט מיך געראַטעוועט פון דעם טרויער, וועלכער קען אונטערשטאָזשען דעם שטאַרקסטן מענטשן, און אַז ער איז אַ טאַטע צו מיין קינד...

— איז דאָך גוט! — האָט מיר די שניידערן איבערגעריסן און אַן ענדלאָזע פאַראַכטונג איז געווען אין איר בליק. — אייער אַבראַשעשי וועט טאַנצן פאַר גליק אין זיין פינצטערן קבר... ער וועט זיך פרייען מיט אייער

נחת... נאָר צו אונדז זאָלט איר מער נישט קומען און נישט נאַרן מיט חלומות... מיר האָבן קינדער, ווער אונדז גוטס גינט! — האָט זי זיך צעוויגט אויפן געזעס און געשמייכלט בייסיק.

איך בין צוגעפאַלן צו אירע הענט, זיי געקושט און באַגאָסן מיט טרערן. קלאָגנדיק, האָב איך געפּרוווט דערציילן וועגן מיין זאָרג, וועגן דעם אָפּגרונט, וואָס עפנט זיך פאַר מיינעטוועגן...

אָבער נישט זי און נישט איר מאַן האָבן מיר געגלייבט. זי האָט אַן אויפגעבראַכטע אַרויסגעריסן אירע הענט פון מיינע, זיי געווישט און גע־ווישט אין דעם גראָבן פאַרטוך, און גערעדט צו איר מאַן:

— די פראַנצן וועלן אונדז אומגליקלעך מאַכן... וואָס שווייגסטו ווי אַ בעמבעקיע, מענדלשי קרוין, טרייב אַרויס די פראַנצן!...

דער שניידער איז צוגעגאַנגען צו מיר, איינגעאַנצן אַ צענומענער, אַ גע־קרענקטער. ער האָט אויפגעהויבן די אַלטע פּליושענע דעקע איבער דער טיר, און מער מיט די מידע אויגן ווי מיט דעם מויל, מיר געהייסן גיין...

— איר מוזט מיך אויסהערן! — האָב איך אַריינגענומען מיין פּנים אין די הענט און געקלאָגט. — ווער עס טרעט אויף אַ געפאַלענעם וועט אַליין פּרווון דעם טעם פון געפאַלנקייט... — האָט פּלוצים אויפגעציטערט אין מיר אַ טראָפּעלע פון אַמאָליקן שטאָלץ.

— גענוג, גענוג! — האָט דער שניידער געענטפערט און געקוקט צום זון.

— טאַטעשי, טאַטעשי! —האָט בונימל שטיל געבעטן— מען דאַרף אויסהערן אַ מענטשן!...

דער שניידער האָט מיר דערלאַנגט אַ בענקל און געזאָגט:

— מאַכט עס גיכער, דינעשי! איר ווייסט אַליין, אַז מיר טאָרן נישט... דער שייגעץ איז אַ שטיק בראַנד...

ער האָט אַראָפּגעדרייט דעם קנויט אין לאָמפּ איבער די מאַשינען, און מיט אַ ווונק געהייסן די קינדער גיין שלאָפן.

איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזט אויפן בענקל, געשלונגען די טרערן.

די קינדער זענען אַרויפגעקראָכן אויף די טיפע ווייך־געבעטע פּאָליצעס אין די ווענט און זיך באַקוועם אויסגעצויגן מיט די פּלייצעס צו אונדז. זיי האָבן זיך איבערגעדעקט מיט אַלטע דעקעס. דער שניידער האָט זיך געווענדט צו מיר:

— מיט וואָס, דינעשי, קענען מיר אייך העלפן? עס איז דאָך שוין נאָך נעילה, ווי איז מיר נעבעך!... איר זענט צו ווייט פאַרקראָכן, און גאָט

שלאָפט נישט... זיין אויג גרייכט אומעטום. דער שייגעץ איז אַווילדע ברואה, איר ווייסט עס אַליין נעבעך געננג... ער וועט אייך קיין לעבעדיקע פון זיינע נעגל נישט אַרויסלאָזן...

זיין טאָן איז געווען פול מיט מיטגעפיל און עפּעס ווי זוי מיט אַ סימן פון דער אַמאָליקער משפּחהדיקייט. מיט מיין לעבן בין איך גרייט געווען אָפּצוצאָלן פאַר יענעם טאָן!

— וואָס נעמסטו זיך אַזוי איבער, מענדלשי קרוין? — האָט די שניי־דערן אים איבערגעשלאָגן. — צי האָבן מיר דען נישט געוואָרנט פריִער, און גערעדט ווי צו אַ לייבלעכער שוועסטער? זי אָבער האָט זיך אויסגע־לאַכט פון אונדזערע עצות און געשוועבט אין די הימלען. זי האָט דווקא געוואָלט, אַז דער אויסוואורף זאָל ווערן אַ גרויסער מענטש. אַנדערש שטייט עס אים טאַקע נישט אָן!... נו, איצט האָט ער אויפגעשפּילט, און נישט איך, און נישט דו, וועלן צוליגן אַ נאָגל צו דעם עסק... מיר האָבן קינדער, מיר זענען אָרעמע אַרבעטער, מיר מאַרדעווען זיך טאָג און נאַכט אויף צוצו־קומען צו אַ ברעג... מיר וועלן, מיטן אייבערשטנס הילף, גיך פּטור ווערן פון די דאָזיקע „טאַלאַנטן"... מיר וועלן זיי פאַרגעסן ווי מען פאַרגעסט אַ בייז אַנשיקעניש...

— לאָז, לאָז! — האָט דער שניידער געשטרעקט זיינע הענט צו איר און אַ געקרענקטער געקוקט אין מיין זייט. — עס איז אַ חוב אויסצושטרעקן אַ האַנט צו יעדן געפאַלענעם. און דער הימל איז נאָך נישט ביי דער ערד. דער שייגעץ איז נישט קיין נאַפּאָלעאָן און נישט קיין סאַמאָדערזשאַוויעץ!... יענע זענען מיט זייער גאַנצער גדלות אויך געפלויגן אין מיסטקאַסטן, און דער וועט אוודאי אָנווערן די גבורה, וועט אויפהערן טומלען און וועט אויפהערן הערשן... ער איז שטאַרק, ווייל דינעשי איז נעבעך חרוב און עלנט ווי אַ שטיין, וויי איז מיר, נעבעך! אָבער אויב מיר וועלן נאָר באַנוצן אַ ביסעלע שכל, און דער עיקר, אַ ביסעלע רחמנות... — האָט זיין פאַרמאַ־טערט פּנים זיך באַגאָסן מיט יסורים און בעטנדיק זיך אָנגעהאָנגען אין זיין ווייב. — אויף פאַרשפּילטע פאַרמעגנס טאָר מען נישט וויינען. אפשר האָט דער אייבערשטער אַזוי געוואָלט... אָבער דינעשי וועט אַליין זיך מוזן מעלדן אין דער פּאָליציי און אַליין דערציילן אַלץ, וואָס דאָ קומט פאָר... און ווען די פּוסטע כלי וועט, מיטן אייבערשטנס הילף, ליגן אין קייטעלעך הינטער אייזערנע קראַטעס, דאַן וועלן מיר שוין וויסן, וואָס מיר האָבן צו טאָן...

ער איז געבליבן שטיל און אויסגעשעפּט פון אויפרעגונג. דאַן האָט די שניידערן זיך געווענדט צו מיר אין אַ טאָן פול מיט ביטערניש:

— עס איז מיר אַ חרפה און אַ בושה פאַר מיינע קינדער!... מיין בונימל ווערט גאָר אויס מענטש, ווען ער זעט דעם גוי קושן און האַלדזן אייער טאָכטערשי... אירע כשרע אייגעלעך שפּיגלען אָפּ אַבראַשעשעס נשמה, און ער וועט נישט האָבן קיין רו אין פינצטערן קבר, כל־זמן זיין אייגן בלוט און פלייש וועט בלייבן מיט דעם גוי, ווי איז מיר, געבעך!...

איך האָב געקוקט אין מויל און געשוויגן. אָבער ווען זי האָט נישט אויפגעהערט מיך צו שטראָפן און פּייניקן, האָט זיך עפּעס אין מיר ווי אָפּגעריסן און איך האָב דערמאָנט זיידנערן. איז זי געוואָרן אַן אויפ־געבראַכטע. אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט פאַראַכטונג, און מיטן פינגער האָט זי מיר געוויזן די טיר:

— מיין קרוב זאָלט איר נישט דערמאָנען!... גייט, גייט!...

איך האָב מיך אויפגעהויבן, און ווי אַ געשלאָגענער הונט זיך אַרויס־געריקט פונעם צימער. איך האָב געהערט ווי די שניידערן האָט זיך פאַר־ענטפערט פאַר איר מאַן:

— קוק נישט אויף מיר מיט אַזוינע אויגן, מענדלשי־קרוין! ווען אַ פרוי איז אַ נאַפקע און זי טליקעט זיך אַרום מיט מענער, מיט שקאָצים, באַדאַרף זי נישט וואַרפן קיין בלאָטע אויף אַן ערלעכן מענטשן. ער איז נישט מער ווי אַ מאַנספאַרשוין. עס האָט זיך אים געמאַכט אַ געלעגנהייט, איז פאַרוואָס טאָקע נישט?... אָבער זי, די נאַפקע, באַדאַרף האַלטן דעם פּיסק!...

— גאָט איז גרוויזאַם צו די ליידנדיקע — האָט זיך דינעלע אבלדיק געהוידעט. — וואָלט עס נישט געווען אַזוי, וואָלטן טויזנטער מענטשן גע־שטאָרבן צוליב זייער חרטה אויף די באַגאַנגענע פאַרברעכנס קעגן אומ־שולדיקע. ווייל גאָט אַליין מוז אַוודאי זען די געוויסנלאָזיקייט. נישט אַזוי, מאַדאַם? און ער, גאָט, האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די וואָס טויטן און פילן ניט, נישט קיין רחמנות און נישט קיין געוויסנביסן. איר מעגט עס וויסן!...

***

אָבער אינגאַנצן אומגערעכט איז די שניידערן נישט געווען! ווען איך בין אַריין אין צימער און זיך אַ לאָז־געטון אין יענעם ווינקל, איז מיר טיסערע געקומען אַקעגן.

עס האָט מיך אַ וואָרף־געטון. ווי איך וואָלט אַראָפּגעפאַלן פון הימל אין אַ טיפן אָפּגרונט. פון גרויס פּחד האָב איך נישט געקענט טון קיין שפּאַן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז טיסעראָ איז געוואָרן הויך און גרויס ווי אַ גיגאַנט. דער זשאַר פון זיינע אויגן האָט געשווידערט און געקילט מיין בלוט.

ער האָט זיך געוויגט אויף זיינע הויכע צענומענע פיס, און מיין האַרץ האָט געציטערט און געצאַפּלט. אָן צו רעדן אַ וואָרט האָט ער מיך אָנ־געהויבן צו שלאָגן.

איך האָב נישט געשריִען און נישט גערופן צו־הילף. סיי־ווי וואָלט קיינער נישט געקומען און זיין צאָרן וואָלט נאָר געוואָרן ווילדער, מערדע־רישער. ביז, ענדלעך, בין איך ווי תמיד אין אַזוינע פאַלן געבליבן ליגן ווי אַ טויטער פויגל, אַ באַגאָסענע מיט בלוט.

ווען איך בין געקומען צו זיך און האָב אויפגעמאַכט מיינע אויגן, איז טיסעראָ געזעסן אויפן ראַנד פון בעט און האָט מיט אַלקאָהאָל געריבן מיינע הענט און די ברוסט.

אויף מיין קאָפּ און אויפן שטערן ביז די אויגן־דעקלעך איז געלעגן אַ קאַלטער קאָמפּרעס. די שוואַכע רויטלעכע אָפּשיין פון לעמפּעלע אויף דעם נאַכט־שאַפּקעלע האָט געשניטן מיינע געשוואָלענע ווייעס.

ער האָט צוגעלייגט צו מיין נאָז אַ פלעשעלע מיט דוכי, זיך צוגע־בויגן גאָר נאָנט צו מיין פּנים און גערעדט שטיל און פאַרטרווילעך, פּונקט ווי עס וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען:

— עס טוט דיר עפּעס ווי, דיניטאַ ווייס פאַסאָלקעלע מיינס! פאַרוואָס ביסטו אַזאַ שלעכטינקע? דו ווילסט נישט פאַרשטיין, אַז דו רייצסט מיינע נערוון און מיין אייגנליבע?

— צי ווייסטו דען נישט, קינד? — האָט ער מיט אַ פינגער געפירט איבער מיין נאָז. — צי ווייסטו דען נישט, אַז אָן מיין צושטימונג טאָרסטו גאָרנישט טון? די גרינע זענען אונדז די גרעסטע שונאים און דיך אַרט עס נישט. זיי זענען נישט מער ווי אָרעמע שקלאַפן. זיי מיידן דיך אויס ווי מען מיידט אויס די פּעסט. זיי פאַרשפּרייטן וועגן דיר שלעכטע קלאַנגען, און דו ליבסט זיי. איך ווייס... איך האָב דיך געהערט וויינען און בעטן זיי זאָלן דיר העלפן. אויב דו ליבסט מיך נישט מער, דאַרפסטו עס מיר זאָגן, וועל איך דיר קיין זאַך נישט שטערן. עס איז נאָר אַ פראַגע, צי זיי וועלן דיר עפּעס העלפן...

— און דו ביסט קראַנק, דיניטאַ. דיין קאָפּ אַרבעט נישט גוט און דו

פאַרשטייסט נישט... וואָלסטו געווען אַ געזונטער מענטש, איז טיסעראָ אַ הונט, אויב דו וואָלסט דאָ פאַרבליבן איין טאָג אַפילו...

— דו ווייסט, אַז טיסעראָ איז אַן ערנהאַפטער מאַן און האָט פיינט „הינטער־טירלעך”. — האָט ער גערעדט וועגן זיך ווי וועגן אַ צווייטער פּער־זאָן. — איך בין נישט דיין טאַמעוואַטער פּראָפעסאָר; ער האָט דיך געלאָזט אויף הפקר, דיך געלאָזט אין די שמוציקע הענט פון דעם גרינעם טינוף...

— איך וויל נאָר וויסן, וואָס דו האָסט גערעדט מיט די גרינע! איך וועל זיי קיין שלעכטס נישט טון. איך גיב דיר מיין ערנוואָרט!...

זיין פראַגע האָט מיך אויפגעשוידערט. צי האָב איך דען געהאַט רעכט נאָך עמיצן אומגליקלעך צו מאַכן? איך האָב געקענט טיסעראָס אימפּול־סיווקייט. ער איז געווען ווי אַ הערשער. אָבער אויך מיין שוואַכע האַנט האָט געקענט עפּעס אויפטון. קיין צערטלעכקייטן האָט ער ביי מיר נישט געקענט קריגן... עס איז געווען טשודנאַ, מאַדאַם, איר מעגט עס וויסן! און ווייל איך האָב געוואָלט אויסמיידן אַן אומגליק, האָב איך אַרויפגעלייגט מיין האַנט אויף זיין קאָפּ, און דאָס איז געווען גענוג אים אָנצוצינדן, און ווי תמיד נאָך זיינע אויסברוכן פון רציחה איז ער געוואָרן ווילד אין זיין ליבע און צערטלעכקייטן...

***

— נו, יעדער וועג מוז אוודאי ערגעץ פירן! — האָט זי פאַרלוירן גע־שמייכלט. — דער יונג האָט, ווייזט אויס, דערפילט, אַז איך בין דאָך אַ שטיקעלע מענטש און נישט נאָר אַ שפּילעכל. ער איז געוואָרן ווייכער, נאָכגעביקער און אָפט אַפילו אונטערטעניק און זיס.

ער האָט מיך ווידער געמוטשעט מיט זיין תאווה... און ווי אין די ערשטע טעג פון אונדזער ליבע האָט ער מיך נישט געלאָזט בלייבן אַליין מיט מיינע געדאַנקען. ער האָט געשפּילט פאַר מיינעטוועגן, געטאַנצט און געזונגען. קאָקעטניטשאַיעט ווי אַ פאַרשייטע באַרישניאַ, און זיך אויך אָפּ־געגעבן מיט מיין קינד.

עס האָט זיך מיר אַפילו אָנגעהויבן דאַכטן, אַז ער וועט ווערן אַ לייט. ער וועט מיך אייביק ליבן. ער וועט לערנען מוזיק, און איך וועל לעבן פאַר זיינעטוועגן און פאַר מיין בלומעטשקען.

***

אָבער יענע טעג האָבן זיך גיך געענדיקט. טיסעראָ האָט ווידער אָנגע־הויבן שפּילן אויף פערדלעך, פאַרברענגען מיט קאַבאַרעט־מיידלעך און אָפּט אַוועק פון דער היים. פלעגט ער מיך אַריינפירן צו דער אַלטער, און ווי אַ שוואַך קינד מיך אַריינלייגן אין בעט און רעדן צו מיר מיט אַ טאָן פון אַ געטרייען טאַטן:

— דיין געדאַנק, דיניטאַ, איז נאָך שוואַך. דער דאָקטער זאָגט, אַז די טאָרסט נישט בלייבן אַליין, און איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט גיין צו די צעפּוילטע גרינגע. זיי פאַרגינען דיר נישט מיין ליבע, מיין פאַרגעטערן דיך...

און ער האָט אויסגעקושט יעדעס נעגעלע מיינס. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געווען פאַרליבט ווי אַ ראָמעאָ...

איין מאָל, ווען ער האָט מיך דאָרט איבערגעלאָזט, האָט מיר די אַלטע אָפּגעשפּראָכן און „געטריבן פון מיר אבראַשענקאָס גייסט". זי האָט מיר דערלאַנגט אַ מאַטע, געקעמט מיינע האָר און זיי געפלאָכטן, אויסגעלייגט אויפן קאָפּ און דערביי געזעדט זיפצנדיק:

— דיניטאַ, באַלעבאַסטעלע מיינע! דו שיינסט! אין דיר לעבט אַ גע־היימער כוח. ווען נישט דאָס, — ווייסט איין גאָט אין הימל, וואָס מיין יינגל וואָלט פון דיר געמאַכט... יענער, דער גרינער, האָט דיר אַפילו קיין נאָז־טיכל נישט געגעבן, און דו ביסט אים געווען אונטערטעניק. דו האָסט אים אויסגעהאַלטן מיט אַלעם גוטן... יענער האָט געטריבן צום טויט דעם אָרע־מער פּראָפעסאָר. און מיין יינגל האָט דיך אויפגעהויבן פון מיסט, דיך גע־מאַכט פאַר דער איינציקער האַרנטע איבער זיין האַרץ, און דו פאַרשטייסט עס נישט... דו ביסט אומגלקלעך, זאָגסטו? זאָג מיר, טעכטערל, וואָס זאָל איך טון אויף צו הייבן דיין געמיט? מיט וואָס קען איך דיך באַגליקן?

— מיט גאָרנישט, מאַמאַ אַלסיראַ!...

— איז דיר דען שלעכט ביי אונדז?

— ניין!...

— דו לייגסט! איך קען דיך צו גוט. אָבער מיין זון איז אַ האַרטע נוס. גענוג האָב איך מיך אָנגעוויינט און געבעטן ביי אים, ער זאָל זיך באַמיען צו קריגן אַ מלוכה־אַמט. אַ בריוווטרעגער זאָל ער ווערן, און ער האָט נישט נאָכגעגעבן. ער טוט וואָס ער וויל...

***

די תאווה אין מיר האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן לעשן, און מיין

נשמה, ווי אַן אויסגעברענטע קויל. האָט אָנגעהויבן אַרויסקריכן פון יענעם עקלדיקן גהינום...

איך פלעג מיך שעמען צו קוקן עמיצן אין פנים, און פלעג אַ סך מאָל טראַכטן פון נאָכגיין אַבראַשענקאָן. אָבער תמיד האָט מיר אויסגעפעלט מוט און דערצו האָבן זיי מיך נישט אָפּגעלאָזט פון אויג.

טיסעראָ האָט נישט נאָכגעגעבן. ער האָט ווידער געשלאָגן, געפייניקט, און האָט סוף־כל־סוף אויסגעפירט...

ערשט דאַן האָב איך אויפגעהערט צו ליידן. די פרײַערדיקע דינעלע איז אינגאַנצן אוניטשטאָזשעט געוואָרן...

***

טיסעראָ ווידער האָט זיך באַרויִקט. ער פלעגט ליגן אין בעט ביז נאָך האַלבן טאָג, און מאַמע אַלסיראַ האָט אים באַדינט ווי מען באַדינט אַ קייסער. ווען ער פלעגט זיך אויפהייבן אַ זאַטער, אַ צופרידענער — האָט ער געמאַכט גימנאַסטיק, געגומען זונבעדער, זיין קערפּער האָט געשיינט ווי אַן אמת קונסטשטיק. זיין קאָפּ מיט די קויל־שוואַרצע האָר האָט זיך געשטרעקט צום הימל.

מיך האָט ער אָנגערופן „זיין גאָלדמינע". ער האָט מיך געלערנט באַלעט, מיך געצוווּנגען מאַכן גימנאַסטיק און ווען איך האָב אים געפאָלגט, איז ער געשפּרונגען פון פרייד.

ער האָט מיך געקליידט אין לייכטע געפּאַסטע מלבושים און מיר נישט געלאָזט באַנוצן קיין קאָסמעטיק. מיינע האָר האָב איך געמוזט שטרענג אָפּהיטן און האַלטן צעוואָרפן איבער די פּלייצעס.

אָפט האָט ער מיך ווי אַ קינד אַרומגעטראָגן אויף זיין קאָפּ און אויף די אַקסלען, געשפּילט גיטאַרע, געטאַנצט, געזונגען, געזוכט מיט אַלע מיטלען צו דערוועקן אין מיר אַ ביסעלע פרייד, אָבער דאָס האָט זיך אים זעלטן איינגעגעבן.

ער האָט אויך געזאָרגט פאַרן אויסזען פון דער שטוב. ער האָט אויסגעמאָלט דעם זאַל און געלאָזט פאַרבן די פענצטער און טירן. אין אַ ווינקל, הינטער אַ טונקל־רויטן פאָרהאַנג פון ביליקן קרעטאָן מיט גרינע און געלע קווייטן, האָט ער אויפגעהאָנגען בילדלעך פון אַלטע גאַטשן און פון אַרגענטינער פּערזענלעכקייטן. די פּאָדלאָגע איז געווען באַדעקט מיט שטיקער פעל פון לייבן און וועלף, און אויף מיין נידעריק בעטל איז געלעגן אַ

קישן מיט אַ געשטריקטער ציך און אַ דעקע פון הירשן־פעל. אַלץ האָט אויסגעזען פּרימיטיוו און גאָרנישט ווי אַ נעסט פון „יענעם" מין...

איך בין תמיד געזעסן אין ווינקל אויפן בעטל. אַמאָל האָב איך גע־לייענט און אַמאָל סתם אַזוי אַרויסגעקוקט אין דרויסן. אָבער מיין גייסט האָט זיך געוויגט אויף דער תליה, לעבן אַבראַשענקאָן. יאָ, יאָ! אויף אַזאַ אופן האָב איך דערלעבט די נקמה אין מיר זעלבסט, ווי אין עפּעס אַ מענטשן, וועלכער האָט עמיצן דערהרגעט און זיך אַליין נישט דערקוילעט... און ער וואַרט ביז דער טויט וועט אים באַפרייען פון די ווייטיקן.

פאַרשטייט זיך, אַז פון געלט־זאַכן האָב איך נישט געוואָלט וויסן! איך האָב אויך נישט געזוכט אויסצונעמען ביי די מוזשטשינעס. איך האָב נישט געענטפערט אויף זייערע צודרינגלעכע פראַגן און נישט אויסבאַהאַלטן פאַר זיי דעם עקל, וואָס איך האָב געפילט...

עס האָט זיך מיר אָפּט אויסגעדאַכט, אַז איך בין שוין יאָרן און יאָרן אין יענעם ווינקעלע, און אַז אַזוי וועט עס געדויערן גאַנצע אייביקייטן, געדויערן אַזוי לאַנג ווי עס וועלן זיין מוזשטשינעס, וועלכע מוזן זעטיקן זייער לייב...

***

— עס איז געווען טשודנאַ, מאַדאַם! — האָט זי אויפגעהויבן צו מיר אַ זיסן בליק, אַ פולן מיט נצחון. — ווי עס זעט אויס, ווערט דער יאָדער פון אונדזער נשמה נישט אין גאַנצן איבערגעפּלאַנצט. מעג ער זיין געוויקלט אין זייד און אין סאַמעט, אָדער אין מיסט, — וועט דאָך קומען אַמאָל אַ צייט, עס וועט קומען אַ מענטש מיט אַ גוטן ווילן, מיט אַ ביסל רחמנות, און ער וועט אַריינקוקן אין דיר און וועט דערזען...

וואָלט עס נישט געווען אַזוי, מאַדאַם, וואָלטן די טאַלאַנטן געדינט בלויז דעם שקר, בלויז דעם פיזישן כוח...

און גראָד וועט אונדז דאַכט זיך, אַז די וועלט, דער נאַראַד, זענען איין גרויסער רינשטאָק, גראָד דאַן דערזעען מיר אונדזער טעות, און דאָס איז גוט...

***

איין מאָל, ווען איך האָב אַ פאַרטראַכטע געשטריקט אַ קליידעלע פאַר מיין בלומעטשקען, האָט מאַמאַ אַלסיראַ צענומען דעם צוויי־העלפטיקן פאַר־האַנג און אַ יונגערמאַן, מיט אַ גרויסן בוקעט רויטע רויזן אין די הענט, איז שטיין געבליבן אַנטקעגן מיר.

ער איז געווען אַ קליינער, אַ שמאָלער, מיט אַן איינגעפאַלענער ברוסט. זיין לענגלעך שמאָל פּנימל איז געווען פון גרינלעך־בלייכן קאָליר און אויף די אָפּגעצערטע באַקן זענען געווען צוויי רויטע פלעקן.

אויגן האָט ער געהאַט גרויסע און טיפע, און זיינע שוואַרצע געדיכטע האָר האָבן זיך ביי די שלייפן געקרייזלט ווי אונטערגעשווירענע פּאהלעך. ער האָט מיך פאַרחידושט באַטראַכט. עס איז געווען קענטיק, אַז ער האָט נישט געגלייבט זיינע אויגן.

ער האָט אַוועקגעלייגט די בלומען אויף אַ געשטריקטן קישן לעבן בעט און ווען די אַלטע האָט זיך אָפּגערוקט האָט ער זיך אָנגערופן צו מיר אין יידיש:

— ווי אַזוי קומט איר אַהער?

— איך בין דאָ, ווייל עס געפעלט מיר אַזאַ לעבן...

ער האָט פאַרלוירן געשמייכלט, האָט אָפּגעזיפצט און די קאַרבן אויף זיין הויכן ברייטן שטערן און אַרום דעם געטאָקטן מויל זענען געוואָרן טיפער. זיין ציטערדיקער בליק האָט פּאַמעלעך אַראָפּגענידערט ביז צום גרונט פון מיין האַרץ...

— איר זעט אויס ווי נאָך אַ פּאָגראָם, — האָט ער געענטפערט.

— אייער נשמה איז אַ נישט־דערקוילעטע און עס רינען פון איר ריקעס בלוט... זאָגט, ווער עס האָט אייך געצוווּנגען צו אַזאַ לעבן?... רעדט! האָט נישט קיין מורא!... איך בין נישט קיין אַלפאָנס. איך וויל אייך העלפן!

— דו זעסט אויס ווי אַ נאַריש רבילע! — האָב איך גלייכגילטיק געענטפערט. — און דערצו נאָך אַ קראַנקער. נישט אַזוי? דיינע פּאהקעלעך קרייזלען זיך! און עס פּאַסט צו דיין אויסזען...

זיין קינדישער שמייכל האָט מיר דערמאָנט אין מיין אַבראַשענקאַן, ווען ער איז נאָך געווען אַ מאַלטשישקאַ. איך האָב רחמנות געקראָגן אויף דעם יונגנמאַן און האָב צו אים געזאָגט:

— גיי דיר דיין וועג! קענסט אַמאָל שלעכט אָפּשניידן!...

ער האָט מיר געענטפערט:

— גוט. אָבער איר וועט דאַרפן מיין הילף, און איך וועל זי אייך געבן. מיך געפינט מען לעבן טשאַקאַריטאַ. איך פאַרקויף דאָרט בלומען.

און צוואַרפנדיק מיר אַ ווייכן בליק, אַ פולן מיט רחמנות, אַזאַ בליק וואָס איך האָב געזען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, איז דער יונגערמאַן אַוועקגעגאַנגען.

***

איך האָב געהערט, אַז די אַלטע האָט אים אַ ווײַלע פֿאַרהאַלטן און אויף איר אופן געריטמט מיך און זיך אויך:

— דער סעניאָר מעג קומען אַהער וואָס אָפטער... דאָס קינד איז ביי אונדז אַן אָפּגעהיטס, אַן אײדלס, אַ פּיינס. זי גנבעט נישט ביי אירע געסט און באַהאַנדלט זיי גאַנץ דעליקאַט... זי איז געבליבן אויף דער גאַס, און איך מיט מיין זון האָבן זי אַדאָפּטירט.

נאָך דעם איז זי געקומען צו מיר. זי האָט אויפגעהויבן דעם בוקעט רויזן, אים געדריקט צו איר ברוסט, אַרומגעשמעקט און גערעדט צו מיר:

— דיניטאַ! איך בין דיר מקנא. מיין זון האָט דיר געשיקט בלומען. גאָט, וואָס פֿאַר אַ גליק! וואָס פֿאַר אַן איידעלער מענטש ער איז! ער וואָלט דאָך געקענט האָבן אַ בכבודיקן מלוכה־פּאָסטן! ער איז עס ווערט...

זי האָט אַוועקגעלייגט די בלומען אויף מיין שויס, זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן בעטל, און אַ באַשטראַלטע פון אַ מאָדנעם גליק, גערעדט מיט באַוווּנדערונג:

— אונדזערע שכנימלעך זענען איפּערזיכטיק, ווייל דו ביסט איצט אַ געהויבענע פּערזאָן. צו דיר קומען נישט קיין פּראָסטע מענטשן, נאָר אַר־טיסטן, פּאָליטיקער און אַפילו בריוטרעגער!... זיי האָבן וועגן דיר די בעס־טע מיינונג. עס איז פֿאַר דיר אַ כבוד, אַ גרויסע ערע, מיין קינד! און דאָס אַלץ האָסטו צו פֿאַרדאַנקען מיין יינגל!...

— ווּהין קוקסטו, דיניטאַ?... — האָט זי מוטערלעך געגלעט מיינע פּיס. — הער! מיין יינגל פֿאַרדריסט, וואָס דו ביסט גלייכגילטיק צו דיין גרויסן גליק. איך האָב מורא, אַז זיין אויסדויער וועט ווערן געבראָכן, און דאַן וועט זיין שלעכט, זייער שלעכט!... פֿאַרוואָס זאָלסטו נישט גיין אין גאָטס הויז, אַ רעד־טון מיט דעם הייליקן און בעטן זיין ברכה, זיין רחמים!... און זאָל דער הייליקער בעטן מחילה ביי דעם אָרעמען פּראָפעסאָר. איך זע דאָך, אַז דו האָסט מורא פֿאַר זיין גייסט!... — האָט זי אַ ציטערדיקע געקוקט אין יענעם ווינקל אַריין, אַראָפּגענומען פון איר האַלדז אַ שנירל מיט געבענטש־טע מטבעות, צלמימלעך און דורכגעלעכערטע שוואַרצע ים־שטיינדעלעך, זיי געקושט, געבענטשט און זיי עטלעכע מאָל איבערגעצלמט.

ווען זי האָט מיט אַ פרומער מינע אויפן פּנים געוואָלט אָנטאָן אויף מיין האַלדז דאָס שנירל הייליקייטן, האָט זיך עפּעס אַ רודער געטון אין מיר, און איך האָב מיך אָפּגערוקט. אַלסירע האָט עס באַמערקט. זי איז געוואָרן סמוטנע און מיט אַ באַליידיקטער מינע זיך אָפּגעטראָגן.

איך האָב איר שווייגנדיק נאָכגעקוקט און דעם יידישן יונגנמאַנס ווער־

טער: „אַז דו וועסט מיך דאַרפֿן, וועל איך דיר העלפֿן" — האָבן אָנגעהויבן רודערן אין מיר. איך האָב נישט געהאַט דעם מינדסטן פֿאַרלאַנג צו ענדערן מיין לעבן, אָבער עפּעס האָט אין מיר דערוואַכט. יאָ! עס איז גוט צו טראַכטן, אַז מען איז נישט אינגאַנצן אַליין...

***

טיסערראָ האָט מיר שפּעטער געבראַכט מיין קינד, און איינעם מיט איר, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן מיר, און צוטרוילעך אַוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויף מיין פֿאַדאָליעק.

די קליינע האָט זיך געשפּילט מיט די פֿרענדזעלעך פֿון זיין ברייטן וואָלענעם גאַרטל אַרום די לענדן, און טיסערראָ האָט מיט דעם זשאַר פֿון זיינע אויגן אַריינגעקוקט טיף אין מיין נשמה. עס האָט פֿון אים געשלאָגן מיט זיכערקייט ווי פֿון אַ מלחמה־העלד, וועלכער קריגט מעדאַלן און אויס־צייכענונגען פֿאַר זיינע העלדנטאַטן.

— פֿאַרוואָס דאַנקסטו מיר נישט פֿאַר די רויזן? — האָט ער, נאָך אַ לענגערן וואַרטן אויף מיינס אַ וואָרט, אַ צערטלעכקייט, אומגעדולדיק אי־בערגעריסן די שטילקייט.

— זיי זענען וווּנדערלעך! אַ דאַנק!

— דו ביסט נישט אויפֿריכטיק, דינאַ! — האָט זיך זיין פּנים אויס־געצויגן. — איך האָב פֿיינט אַ ליגנערן!...

ער האָט אָנגענומען מיינע הענט און געפֿירט מיט זיי איבער זיין פּנים, איבער זיין קאָפּ. דאַן האָט ער צוגעלייגט דאָס קליידעלע צום קינדס הערצל און מיט אַ טאָן פֿון אַ גליקלעכן פֿאָטער געזאָגט:

— עס פּאַסן איר די ראָזע און ווייסע קאָלירן! זי שיינט, זי וואַקסט ווי אַ בלום! און דו זעסט זי נישט... אָרעמע בלימעלע!...

— וואָס ווילסטו פֿון מיר, טיסערראָ?

— איך וויל דו זאָלסט זיין גליקלעך!... דיין אומעט טרייבט מיך פֿון שטוב!... — האָט ער מיט זיין מינדסטן רויט־באַנאַגלטן פֿינגער געשויבערט מיינע האָר. — איך וויל נישט, דו זאָלסט זיין אַריינגעטון אין טראַכטן... צי פֿעלט דיר עפּעס ביי מיר? צי לאָז איך דיך אויף הפקר? צי וואַגן די שכנימלעך אָנצורירן דיין כבוד? זיי ציטערן פֿאַר מיין בליק, און ווען דו זאָלסט עס נאָר וועלן, וועלן זיי ווערן דיינע דינסטן. אפֿילו סאַנמאַרטינאַ האָט

שוין שלום־געמאַכט מיטן געדאַנק וועגן דיין גרויסן גליק, וועגן דיין קיי־זערלעך לעבן, וואָס דו האָסט ביי מיר...

— קוק נישט אַהין אין יענעם פאַרשאָלטענעם ווינקל! — האָט ער מיט געוואַלד אויסגעדרייט מיין פּנים צו זיך. — דו טראַכסט נאָך אַלץ וועגן דיין פּראָפעסאָר!...

— יאָ, טיסעראַ! ער איז געווען מיין מאַן, און איז אויף אייביק דער טאַטע פון מיין גרעאָטן טעכטערל!...

— נו, זיי נישט אַזוי געערגערט, מיין גאָלדן מינעלע! — האָט ער זיס און ברוגזלעך געזוכט צו פאַרווישן דעם ביטערן איינדרוק פון זיין חוזקן איבער אַבראַשאַן. — אויך איך האָב אויף אים רחמנות... אפשר וואָלטן מיר גאָר אָנגעצונדן אַ ליכט פאַר זיין נשמה און אַוועקגעטראָגן בלומען אויף זיין קבר? אַ ווילער מענטש געווען, דער אומגליקלעכער! אָבער אַ פּחדן. זיך נישט אויסגעטויגט צום לעבן, און אויך דו האָסט ביי אים נישט געהאַט קיין לעבן!...

— נו, יאָ, איך בין אים שולדיק אַ דאַנק: ער האָט מיך אויסגעלערנט שפּילן אויף נאָטן, געלערנט לייענען און שרייבן... דו ווידער האָסט אים געליבט און האָסט אים נאָך איצט אויך ליב, כאָטש ער האָט דיר גאָרנישט געגעבן. דו האָסט אַמאָל געזונגען און געטאַנצט, געשפּילט גיטאַרע, דאַן האָבן דיינע אויגן איינגעשלונגען די וועלט, און מיך — אויך...

— נו, איך קען צו דיר נישט האָבן גאָרנישט! — האָט ער געענ־דערט דעם טאָן. — דו ביסט אַ שטילינקע, אַ גוטינקע און אַ נאָכגיביקע... אָבער מיר ווילסטו נישט נאָכגעבן, ווילסט מיך נישט באַגליקן ווי אין די ערשטע טעג פון אונדזער ליבע!... און איך וויל דיך דערהויבן — צום העכסטן שטאַפּל פון הערשאַפט! — האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, מיט אַן אויסזען פון אַ יונגן הערשער, ווי עפּעס אַ פּרינץ פון ווייטן אָריענט.

— מיר דאַרפן זיך נאָך אַ ביסל צופלאָגן!... מאַמאַ אַלסיראַ זאָגט, עס וואָלט געווען כדאי דו זאָלסט אַרויסנעמען אַן אַרבעטס־ביכל. די מאַמע ליבט דיך מער ווי אירע אויגן אין קאָפּ. זי פאַרגעטערט דיך ווי דו וואָלסט געווען אַ ווייסע פּרינצעסין, און זי וויל נישט, דו זאָלסט האָבן צו טון מיט פּאָליציי... מיר זענען דאָך ערלעכע בירגער. נישט אַזוי, אוצרל מיינס? און דערנאָך, ווען מיר וועלן זיך אַרויפאַרבעטן, וועסטו ווערן אַ באַלע־באָסטע...

— זאָג מיר, טיסעראָ, ווער איז געווען דיין טאַטע? דיינע זיידעס! וועמענס בלוט ברויזט אין דיר אַזוי?...

— וואָס גייט עס מיר אָן! — האָט ער געלאַכט מיט זיינע שיינע ווייסע ציין, און ווי אַ יונגער שעפּס איינגעגראָבן זיין קאָפּ אין מיין פּאָדעליק;

— דינאַ, דיניטאַ! גריניקע מיינע! קינדעלע! זאָג, דו האָסט מיך ליב?

— יאָ!

— שטאַרק? — האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיך דורכגענומען מיט אַ מאָנענדיקן בליק. — זאָג!

— איך ווייס נישט!...

— פאַרוואָס האָסטו מיך ליב, זאָג, זאָג!

— אפשר ווייל דו ביסט אַזאַ מאָדנער!... אַזוי אַנדערש פון אַלעמען!... דו קענסט אַזוי שיין, אַזוי כישופדיק באַוואונדערן און אויסגעפינען אַלץ, וואָס מען פאַרמאָגט אין „מיסטקעסטל״ — האָב איך געוויזן אויף מיין ברוסט. — אָבער דו קענסט אויך פאַרשוועכן... אַרויסרייסן די נשמה און זי וואַרפן אויפן מיסט...

— ווי שיין דו ביסט, דינאַ! אָבער דו זאָגסט נישט אַלץ. איך ווייס.. און אַז איך בין שלעכט צו דיר, ליבסטו מיך אויך?...

— פריִער האָט מיר דיין שלעכטע באַנעמונג ווײ־געטון, באַליידיקט... איצט אַרט עס מיך שוין גאָרנישט... איך בין מיד פון לעבן. לאָז מיך, טיסערע, אַליין! האָב רחמנות!...

— פאַרוואָס טרייבסטו מיך? — האָט ער באַליידיקט און צערייצט געפרעגט. — דו ווילסט אַלץ קוקן אין יענעם ווינקל!...

— טיסעראַ! ער איז דאָך געוועזן אַזוי פאַרגלייבט אין מיר!... אין דיר!... דו ווייסט נישט וויפל גוטסקייט דער מענטש האָט פאַרמאָגט!... עס איז אַ גרויס רחמנות... אַ שאָד, וואָס מיין קינד וועט נישט וויסן, ווער עס איז געוועזן איר טאַטע... הלוואי זאָל זי אויך וועגן איר מאַמען גאָרנישט וויסן... אַבראַשענקאַ האָט געהאַלטן, אַז איך בין די איידלסטע, די ריינסטע פרוי. ער האָט מיך פאַרגעטערט, אַז ווי איז צו מיינע יאָרן!...

— אויך איך גלייב אין דיין ערלעכקייט! — האָט טיסעראַ זיך אָנ־געצונדן פון באַגייסטערונג. — אויך ביי מיר ביסטו די איידלסטע און די פיינסטע. טו נאָר אַ פרעג אונדזערע פריינט, וועסטו הערן מיין מיינונג וועגן דיר!... אויך זיי זאָגן אַזוי... אָבער דו ביסט צעבאַלעוועט פון ווילטאָג. דו שאַצסט נישט אָפּ מיין טרייהייט צו דיר און צו דיין קינד! צי בין איך אַ שלעכטער טאַטע? צי האָט דער אָרעמער פּראָפעסאָר געזאָרגט און איר געגעבן מער ווי איך?...

— נו גוט, גוט, טיסעראַ! אַ שיינעם דאַנק!... אָבער נעם זי צו פון

מיר!... איך וויל, זי זאָל זיך שפּילן מיטן שניידערס קינדער... אַ קינד טאָר זיך נישט כאָוועון נאָר צווישן דערוואַקסענע...

— פאַרוואָס ווילסטו זי נישט האָבן לעבן דיר?... צי ווילסטו, אַז אונ־דזערע שונאים זאָלן זי אָפּסמען און זי אָפּרייסן פון אונדז?...

— איך און דו, טיסערא, זענען אומריינע מענטשן! קוק נישט אַזוי־טשודנאָ!... מיר זענען נישט ווערט צו האָבן מיט אונדז דאָס קינד, און איך בין נישט ווערט צו טראָגן דעם הייליקן נאָמען — מאַמע!...

— דו ביסט יאָ ווערט. איך שווער עס דיר ביי דער הייליקער פון לוכאַן!... — האָט ער זיך אויף זיין שטייגער צעיאַכמערט און מיר געקושט די לאָקן.

— זי איז דאָך אָבער אויך אַבראַשענקאָס קינד, און ער וויל זיכער נישט, זי זאָל אויסוואַקסן צווישן אונדז און ווערן אַזאַ... — האָב איך אים אָפּגערוקט פון מיר. — ווען מען פאַרטאַכלעוועט אַ פרעמדן פאַרמעגן איז די זינד צענפאַכיק גרעסער... נישט אַזוי? דו גלייבסט דאָך אין גאָט, טיסערא!...

— דו ביסט אומדערטרעגלעך! — איז דער זשאַר פון זיינע אויגן גע־וואָרן ווי אַ קאַלכאויוון. — ביי מיר וועסטו שוין מוזן גיין אויפן גלייכן וועג!...

ער האָט געכאַפּט די קליינע און איז מיט איר אַוועק.

***

יאָ, דער יונג האָט געוווסט, אַז אַבראַשאַ האָט געלאָזט אַ צעטעלע און געבעטן, מ'זאָל אים פאַרברענען און זיינע רעשטן אַריינוואַרפן אין געמיינ־זאַמען קבר פון די עלנטע. און אויך אַז בלומעטשקע זאָל דערצויגן ווערן צווישן יידן, און זי זאָל קיינמאָל נישט וויסן צוליב וואָס איר טאַטע איז געשטאָרבן.

— עס איז געווען טשודנאָ, מאַדאַם! — האָט זי גערירט און פאַרמאַ־טערט פון רעדן אַריינגעקוקט אין מיינע אויגן. — דער יונג פלעגט ווערן פאַלנע משוגע, ווען איך פלעג דערמאָנען מיין קינדס אָנגעהעריקייט מיט איר טאַטן...

יאָ, באַלד נאָך זיין אַוועקגיין האָט זיך פּלוצים באַוויזן בונימל. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ צעטעלע. פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט מיט פחד און מיט קינדישן האַרצוויייטיק. ער האָט געפּרווט שמייכלען און אויף היבטערווייליעכץ זיך גערוקט צוריק.

איך האָב אויפגעעפנט דאָס צעטעלע, און איבערגעלייענט עטלעכע מאָל:

— דינעשי האַרץ! —האָט דער שניידער געשריבן— איין גאָט אין הימל ווייסט, אַז איך מיט מיין ווייב זענען אייך די טרייסטע פריינט, און איר האָט נישט פאַרוואָס צו זיין אויף אונדז באַליידיקט. דעם אמת מוז מען דאָך אַמאָל זאָגן, נישט אַזוי?...

— עס קען זיין ,אַז מיר האָבן אייך אַ ביסעלע פאַרנאַכלעסיקט. מיר האָבן אויף דעם חרטה און ווילן אייך העלפן. אָבער קודם מוזט איר אַליין אַנהייבן טראַכטן וועגן דעם...

— ווי עס זעט אויס, איז אייער חלום נישט געווען איינגאַנצן קיין פוסטע באָבע־מעשה... ווייל אויך איך האָב שוין געהאַט צוויי מאָל צו חלום אייער גאָטזעליקן מאַן. און ביידע מאָל האָט ער זיך, נעבעך, באַגאָסן מיט הייסע טרערן, און ער האָט מיך געמוסרט, פאַרוואָס איך האָב אייך אין יענעם אויפדערנאַכט געלאָזט אַוועקגיין אַזאַ עלנטע און פאַרווייגטע... און ער האָט מיך טויזנט מאָל באַשוואָרן צו העלפן אייך אין דער ביטערער דאָליע, נעבעך. איך האָב אים געגעבן מיין וואָרט, און איצט מוז עס געטון ווערן, ווייל דאָס איז אַבראַשעשיס ווילן...

גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז מיר מוזן אייך פאַרלאָזן, ווייל מאָרגן פירן מיר זיך אַריין אין אונדזערע אייגענע שטובן, אַ שיינעם און אַ ליכטיקן דאַנק צו דעם, וואָס לעבט אייביק! עס איז דאָך נישט קיין קלייניקייט צו לעבן אין שכנהשאַפט מיט אַזוינע לייט...

איז אויב איר האָט נאָך אַ שטיקעלע גאָט אין האַרצן, מוזט איר דאָך רחמנות האָבן אויף אייער גאָלדן מיידעלע און האַלטן בכבוד אייער מאַנס צוואה, ווען ניט וועט ער נישט האָבן קיין רו אין פינצטערן קבר און איר וועט ניט האָבן נישט די און נישט יענע וועלט, ווי איז מיר נעבעך!...

אַבראַשעשי איז געווען אַן איידעלער מאַן און גאַרנישט אַזאַ נאַרעלע, ווי איינציקע האָבן געמיינט... ער האָט זיך פון אַלץ געמאַכט נישט־וויסנדיק, נישט־זעעוודיק, כדי איר זאָלט ווייניקער ליידן. דעריבער מוזט איר האָבן אַ ביסעלע רחמים און מער נישט לאָזן, אַז דער שייגעץ זאָל פאַרשוועכן זיין כשרן נאָמען, זיין ליכטיקן אָנדענק...

און מעג די גאַנצע וועלט שרייען, אַז איר זענט אין זיבעטן הימל, ווי

איז מיר נעבעך! אַז איר זענט פון גאָט באַשאַפן צו פירן אַזאַ לעבן, ווען איך עס נישט נאָכגעבן, אַפילו מיין אייגן ווייב נישט...
מיט דעם פאַרבלייב איך אייער בעסטער פריינט — מענדל...

*****

די מאַמע אַלסירא איז ווידער געקומען און געקוקט אויף דעם בריוול אין מיינע ציטערנדיקע הענט און גערעדט:
— דינאַ, דיניטאַ! זאָלסט זיין מער שכלדיק אין דיין באַנעמונג צו מיין זון. איך האָב מורא פאַר זיין אויסדויער צו דיר!... ווען זיין געדולד וועט פּלאַצן, וועסטו דאַן ווידער דערפילן ווער ער איז. זיין מענערשע פויסט איז אומברחמנותדיק... ער איז איצט אַוועק, און איין גאָט ווייסט, אין וואָס פאַר אַ שטימונג ער וועט צוריקקומען...
ניין! זי, די אַלטע, האָט מיך קיינמאָל נישט גענאַרט!...

*****

— אויך די נאַטור, מאַדאַם, איז אָפטמאָל נאַר אַ צו־להכעיסניצע, און זי באַגליקט גראַד יענע, וואָס קוקן נישט אַרויס אויף איר גענאַד — האָט אַ צופרידן שמייכעלע אויפגעציטערט אַרום איר מיילעכל.
יענער פרילינג האָט דאָך געבראַכט פאַר מיר אַ דערנער־קראַנץ און דער זומער מיט זיינע ברענענדיקע היצן האָט מיך אוניטשטאָזשעט און אומגעוואָרפן, אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך עס דווקא צום בעסטן!...
צום אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז איך וועל ווערן פאַרברענט, פּונקט ווי עס האָבן געברענט און געשרפעט פון דער זון די בלעכענע דעכלעך פון די כאַטקעס אין הינטערשטן הויף. די לופט איז געווען אָנגעזאָפּט מיט פייער און מיט נאַסקייט. איך האָב נישט געקענט אָטעמען, איך בין געוואָרן שוואַך און איינגעשרומפּן, תמיד איינגעטונקט אין אַנגסטלעכן שוויס.
די מוזשטשינעס האָבן מורא געקריגן פאַר מיר. מאַמאַ אַלסירא איז געווען באַזאָרגט. זי האָט אין דעם געזען אַ צייכן פון „אויבן" און געגלייבט, אַז שונאים האָבן מיר אָפּגעטון אַ כישוף... האָט זי מיר געגעבן טרינקען ביטערע וואַסער פון אַלערליי גראָזן, וואָס זי האָט אָפּגעקאָכט און אָפּגע־שפּראָכן.
פון דעם זעלביקן וואַסער האָט זי מיר געמאַכט אייניקע זיצבעדער. ווען אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן, און איך בין געוואָרן אַלץ שוואַכער און

אויסגעשעפּטער, תמיד איינגעטונקט אין טייכן שוויס, האָט מען צו מיר אַרויסגערופן די „גיכע הילף".

עס איז געקומען אַ הויכער חנוודיקער סטודענט מיט אַ לענגלעכער ייִדישער נאָז און מיט גרויסע אומרויִקע שוואַרצע אויגן. עס האָט פון אים געשלאָגן מיט פרישקייט און מיט שטאָלץ. ער האָט מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן און איז געוואָרן רויט.

טיסעראַ און די אַלטע זענען געשטאַנען ביי מיר צוקאָפּנס און גע־האַלטן אויף אים די ערנסטע פּנימער, פול מיט דערוואַרטונג.

דער סטודענט האָט מיר געפּרוווט דעם פּולס, געמאָסטן די היץ, זיך צוגעהערט צו מיין האַרץ, צו די פּלייצעס און זייטן, און ווען ער האָט זיך אויסגעגלייכט און אַ קוק־געטון אויפן טערמאָמעטער איז ער געוואָרן ערנסט.

ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע פון זיין ווייסן כאַלאַט אַ קליין ביכעלע, האָט פאַרשריבן אַ רעצעפּט, און דערלאַנגענדיק עס טיסעראַן האָט ער מיט מיטגעפיל אַ פרעג־געטון:

— האָט די קראַנקע עמיצן פון אירע פריינט?

— איך בין איר מאַן! — האָט טיסעראַ געענטפערט.

דעם סטודענטס פאַרזיכטיקע בליקן האָבן אַ שווים־געטון צו מיר און באַלד צוריק, און ער האָט געזאָגט:

— נו, גוט! אייער פרוי מוז האָבן גוטע פלעגע... אַ סך רויִקייט, און מער פון אַלץ — די אויפזיכט פון אַ געטרייען מענטשן... ווען נישט וועט זי דאָ אויסצאַנקען פון שוואַכקייט... עס איז שרעקלעך הייס. געזונטע מענטשן פאַלן אום...

ער האָט אַ פיר־געטון די בליקן אַרויס צו די כאַטקעס און האָט צו־געגעבן:

— עס איז נישט היגיעניש צו האַלטן אַזאַ קראַנקע אין אַ הויף מיט קליינע קינדער!...

אַ פאַרשעמטע האָב איך מיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו אים. איך האָב געהערט, אַז ער איז אַרויס פון זאַל און טיסעראַ איז אים נאָכגעגאַנגען. ווען טיסעראַ איז צוריקגעקומען האָט ער זיך אָנגעבויגן איבער מיר און האָט גערעדט אַן אָנטוישטער:

— דינאַ! דער דאָזיקער דאָקטער איז אַן אויסלענדער... האָסט געזען ווי ער האָט דיך באַקוקט?!... צום טיוול! ער זאָגט, מיר זאָלן דיך וואָס גיכער אָפּפירן אין שפּיטאָל טאָרנו. ער וועט דיך דאָרט באַזאָרגן מיט אַ בעטל!...

מאַמאַ אַלסיראַ האָט מיר געבראַכט אַ גלאָז מילך, האָט מיך איבער־געדרייט מיטן פּנים צו זיך און געפרעגט:

— דו שרעקסט זיך, דינאַ? דער דאָקטער זעט אויס צו זיין אַ גוט־לעבכע נשמה, ער וועט רחמנות האָבן...

— ניין! מאַמאַ אַלסיראַ. איך האָב פאַר קיין זאַך נישט מורא. איך ווינטש וואָס גיכער צו גיין אַהין... אָבער וואָס וועט דאָ ווערן פון מיין קינד? זי וועט דאָך זיין אַ קיילעכדיקע יתומה...

ער האָט מיר איבערגעשלאָגן די רייד אַ צעיאָכמערטער:

— בלימעלע איז ביי מיר אין דער היים, און איך בין טיסעראַ, נישט אַבי ווער! — האָט ער צעפירט איבער מיר זיינע הענט. — זאָלסט האָבן צוטרוי צו מיר. און אַז דו וועסט גיך געזונט ווערן וועסטו ווידער קענען אָפּהיטן און דערציִען די קליינע...

פונדעסטוועגן, איז טיסעראַ יענע נאַכט ווידער אַוועק פאַרברענגען, און איך האָב נישט צוגעמאַכט קיין אויג טראַכטנדיק וועגן מיין קינד און אויך וועגן דעם יידישן סטודענט... איך האָב מורא געהאַט צו טרעפן זיך מיט אים... איך האָב אויך געוואָלט פאַרגעסן צו ווען איך געהער...

איך האָב מיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, זיך געבאָדן אין ריטשקעס שוויס און געהוסט. די נאַכט־פליגעלעך זענען מיך באַפאַלן און געריסן שטיקער פון מיין אָפּגעחלשט לייב און די לופט איז געווען שווער ווי אָנגעזאַפּט מיט הייסן בליי. איך האָב נישט געקענט אָטעמען.

**
*

פאַרטאָג, ווען אַ רויטלעכע שיין האָט זיך אויסגעצויגן און די טיפע ווינקלען און מיינע ברענענדיקע אויגן־דעקלעך האָבן זיך געוואָלט פאַר־שליסן, האָב איך דערהערט טיסעראָס קול. ער איז געקומען מיט באַריש־ניעס. זיי אַלע האָבן געלאַכט. די מאַמע אַלסיראַ האָט זיך געבעטן ביי זיי:

— שטילער, שטילער! די אָרעמע איז, נעבעך, קראַנק. זי מוז האָבן רו!...

עס איז געוואָרן שטיל. איך האָב מיך אויפגעזעצט, זיך צוגעהערט, צוגעקוקט ווי זיי האָבן געהאָלפן דעם נאַראָד פון היינטערשטן הויף אַרויס־טראָגן פאַרוואַנצטע מאַטראַצלעך, שטרוי־זעק, טעפּ מיט טשייניקעס, אַ לאָקשן־ברעט און אַ האַקמעסער, אַ טישל, צוויי לאַנגע בענק, פאַנטשאָס און

געפּעס, אַ ליגשטול. דאָס אַלץ אַרויפגעוואָרפן אויף אַ טיפן פיר־רעדערדיקן וואָגן איינגעשפּאַנט אין צוויי טרוקענע פערדלעך.

מען האָט אויסגעזעצט דאָס קליינוואַרג צווישן די פּעק און בינטלעך. די דערוואַקסענע האָבן זיך ווי עס איז אַריינגעשטופּט אין וואָגן, זיך צו־נויפגעקוועטשט ווי הערינג אין אַ פּעסל.

טיסעראַ מיט זיינע באַרישניעס האָט זיך אַוועקגעזעצט פאָרנט. ער האָט אַ טרייב־געטון די פערד, און זינגענדיק, פריילעכע, ווי די וועלט וואָלט געווען אַ גן־עדן, איז מען געפאָרן אויף דעם זונטיקדיקן פּיקניק.

אויפן הויף איז געוואָרן מחיהדיק שטיל. איך האָב מיך דערפילט ווי אַן אויסגעלייזטע פון טיסעראַס וואַכן איבער מיר, אַן אויסגעלייזטע פון מיינע ליידן, אַ צופרידענע האָב איך געוואַרט אויף דעם נאָענטן סוף...

קיינמאָל, מאַדאַם, איז דער מענטש נישט אַזוי שטאַרק און אַנטשלאָסן ווי דאַן, ווען ער האָט שוין מער גאָרנישט וואָס אָנצוווערן, און ווייל ער גלייבט אין זיין נאָענטן סוף, ווילט זיך אים נאָכאַמאָל אַ קוק־טון אויף דער וועלט, כדי צו קענען זיך איינשמועסן, אַז אַלץ איז גאָרנישט און עס איז נישטאָ וואָס צו זשאַלעווען...



מיר האָט זיך דאַן פאַרגלוסט אַ קוק צו טון אויף דעם הימל, איין מאָל בלויז, נישט מער... טון דאָס, וואָס איך וויל, און נישט וואָס טיסעראָ באַפעלט... האָב איך מיך ווי עס איז אַראָפּגעקאַטשעט פון בעט און ווי אַ סנאָפּ אַ פאַל־געטון אויף דער פּאָדלאָגע. אַ פייכטע לופט האָט אויף מיר געשלאָגן און געוואַשן מיין קערפּער. עס איז מיר געוואָרן אַ קאַפּעטשקע בעסער.

פון גרויען פאַרטאָג האָט זיך אויסגעשיילט אַ טונקל־בלויער הימל, אַ באַדעקטער מיט בערג ברוינע צעשרפּעטע כמאַרעס און צווישן זיי איז געשוווּמען די לבנה, זיך געוויגט ווי אַ רויט־ברענענדיק פּעסל. זי האָט איינגעטונקען דעם הויף אין שיינענדיקע קאָלירן.

ווו־ניט־ווו האָט נאָך געפינקלט אַ לעצטער שטערן, און פון גאָר נאָנט האָט זיך געהערט דאָס קרייען פון הענער און אַ געוויין פון אַ קליין קינד.

דאָס געוויין האָט מיך דערמאָנט אָן מיין בלומעטשקען. האָב איך מיך צוגעשאַרט צו איר בעטל און זי באַטראַכט.

אויך זי איז געווען איינגעטונקען אין שווייס. אייניקע מאָל האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און וויינענדיק גערופן: „פּאַפּאַ!“.

דאָס געפיל פון אַ מאַמען האָט אין מיר געבלוטיקט, ווייל דער יונג האָט זי אָפּגעריסן פון מיר, ווי ער וואָלט זיך באמת געגרייט מיך אינגאַנצן צו באַזייטיקן פון מיין קינד...

האָב איך געוואָלט צום לעצטן מאָל איבערלעבן דעם געפיל פון אַ מאַמען, וואָס זאָרגט פאַר איר קינד. איך האָב אַרויסגענומען פון אַ שאַפע אַ ריין געפּרעסט נאַכטהעמד מיט אַ האַנטוך, און בין אַוועק צו דער פּילעטע מיך וואַשן אונטער דעם קאַלטן וואַסער־קראַן.

איך האָב געזייפט און געריבן מיין לייב. געביטן אַ סך מאָל דאָס וואַסער, ביז ענדלעך האָב איך מיך גוט אָפּגעווישט, זיך אָנגעטאָן ריין, און אַריין צוריק אין צימער. מיינע נאַסע האָר האָב איך אַרומגענומען מיט אַ האַנטוך, אָפּגעוואַשן מיט אַלקאָהאָל מיינע הענט, אויפגעוועקט די קליינע און זי אַרויסגענומען פונעם וויגל.

איך האָב זי אָפּגעבאָדן, אויסגעקעמט און ריין אָנגעטאָן, האָב איבערגעביטן דאָס בעטציַיג אין דעם וויגעלע און עס אַרויסגעטראָגן אונטערן פייגנבוים, לעבן מיין אַמאָליק כאַטקעלע. דאָרט האָב איך דאָס קינד צוריק אַוועקגעלייגט אין בעטעלע.

איך האָב צווישן פיר ציגל הינטער דער כאַטקע געמאַכט אַ פייערל און אויפגעזאָטן וואַסער, געמאַכט טיי און איר געגעבן אַ סאָסקע. זי האָט זיפצנדיק ווידער גערופן: „פּאַפּאַ!".

די אַרבעט האָט מיך פאַרמאַטערט. האָב איך אויסגעשפּרייט אַן אַלטע פאַנטשאָ צווישן די ווילדע גראָזן אונטערן בוים און, אַן אויסגעשעפּטע, מיך אַוועקגעלייגט אָפּרוען.

די פייגעלעך און שוועלבעלעך אין די נעסטן צווישן די אַלטע פאַר־דרייטע צווייַגן האָבן געטרילערט און געזונגען, זיך געפרייט מיטן אָנקום פון דעם נייעם טאָג. אַ רויט־פליגלדיקער פּאַפּוגאַי אינעם שטייגל איבער אַלסיראַס פענצטער האָט מיט זיין שאַרפן שנאָבל געפּיקט און געריסן די געשווירן אויף זיינע פיס און פון צייט צו צייט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און גערופן, זיך געריסן פון די כלים:

— אַ גוט־מאָרגן דיר, מיין באַלעבעסל טיסעריטאָ! — אַ גוט־מאָרגן, מאַמאַ אַלסיראַ!

די בלעטער פון דעם בוים האָבן זיך אָנגעטאָן אין זוניקע טראָלדן. געלינקע זומער־פייגעלעך האָבן זיך געשפּילט און געוויכערט ווי אַרום אַ בינען־שטאָק.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַבראַשענקאָס טריפנדיקע אויגן זענען גע־האנגען צווישן די זון־טראַלדן און האָבן מיך געגלעט און געטרייסט:

— דינאַ, דינאַטשקאַ, ווי שיין דו זעסט איצט אויס! ווי ריין! דו ביסט די איידלסטע פון אַלע פרויען!...

— אַבראַשענקאַ, דאָראָגאָי! — האָב איך אויסגעשטרעקט צו אים מיינע שוואַכע הענט. — האָב רחמנות און נעם מיך מיט בלומען צו דיר!...

און איך האָב מיך צעוויינט.

אין יענע מינוטן פון נשמה־אויסגוס האָט זיך מיר געוואָלט אָנכאַפּן אין עפּעס, וואָס זאָל פאַרגרינגערן מיין עקזיסטענץ. איך האָב געבעטן צו אַ גאָט, אין וועלכן איך האָב נישט געגלייבט.

— גאָט! האָב רחמנות און גיב מיר צוריק אַ ביסעלע פון מיין אַמאָ־ליקן שטאָלץ, אַ קאָפּעטשקע, נישט מער! טו עס פאַר מיין אַבראַשענקאָס וועגן!... דאַן וועל איך אפשר האָבן מער כוח אַרויסצונעמען מיין קינד פון דעם דאָזיקן זומפּ... גאָט! וואַרף אַרונטער דעם יונג פון זיין גדולה!... טו עס פאַר מיינעטוועגן!... גענוג בין איך שוין אָפּגעקומען! גענוג!...

*****

דאָס שלעכטע, מאַדאַם, וואָס שטאַרקער עס איז, אַלץ מער אומזיכערער ווערט עס. דערוווּסט האָב איך זיך וועגן דעם טאָקע דעם זעלביקן טאָג, און עס איז געווען טשודנאָ. איר מעגט עס וויסן!...

ווען עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז קיין שום לעבעדיק וועזן וועט מיך שוין נישט וועלן אָנקוקן, ווייל איך בין נידעריקער פון אַ שטרויעלע און בין שוין נישט ראוי צו קוקן אין הימל און צו רופן מיין אַבראַשאַן, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר און מיך גערופן איינמאָל און נאָכאַמאָל. איך האָב דערקענט דאָס זיסע קול פון בונימל דעם שניידערס.

— דינע, דינעשי! —האָט ער גערופן— מיין טאַטעשי האָט מיך גע־שיקט נאָך אייער מיידעלע. אויפדערנאָכט וועל איך זי צוריקברענגען אַהער.

איך בין געוואָרן אַ דערציטערטע פון פרייד. איך האָב אים געבעטן וואַרטן אַ ווײַלע און איך בין אַוועק, געמאַכט אַ פּעקל פון איר אָדיאָזשאַ, שיך און זעקעלעך און זי אים דערלאַנגט.

— בונימל! גיכער, גיכער, אַנטלויף! און ברענג זי מער נישט צוריק!...

בונימלס טרייסטנדיקע אויגן האָבן מיך אַרומגענומען, און בשעת ער

האָט זיך דערוויטערט האָט די קליינע געוויקלט די הענטלעך אַרום זיין האַלדז. איך האָב זיי נאָכגעקוקט און מיך באַגאָסן מיט טרערן.

קינדער פון גאַס זענען ווי בינען צוגעפאַלן צו מיין פענצטער. אייניקע האָבן זיך געדראַפּעט אויף די קראַטעס, געלאַכט און מיך אָנגערופן מיט די ערגסטע נעמען. אַנדערע האָבן געטאַנצט אין קאַראַהאָד, געשפּרונגען און געוווּנקען צו מיר, און ווען איך האָב זיי נישט געגומען אין אַכט, האָבן זיי אָנגעהויבן אַריינוואַרפן מיסט און שטיינער.

איך האָב פאַרמאַכט דאָס פענצטער און, ווי אַ געדירטע פון זינען, צו־געלאָפן צום נאַכט־שאַפקעלע, אַרויסגענומען אַ שאַכטל מיט אַן איינציקער שלאָף־פּיל, זי איינגעשלונגען און מיך אַריינגעוואָרפן אין בעט. איך האָב געוויינט אָן אַן ענדע, ביז איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ קרענקלעכן שלאָף.

***

אויפגעוועקט האָט מיך דער יונג.

— דינאַ, דינאַ! — האָט ער מיך געריסן פאַר די האָר. ער איז גע־שטאַנען לעבן בעט, אַן אויסגעצויגענער ווי אַ מתים־קאַסטן פון שוואַרצן גראַניט. איך האָב אים אָנגעקוקט און עפּעס ווי נישט געדענקט, וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט, האָב איך מיך אויסגעדרייט צו אים מיט דעם רוקן און געוואָלט אַריבערציִען דאָס ליילעך איבערן קאָפּ, שלאָפן, שלאָפן, אויס־רוען דאָס אוניטשטאָזשעטע לייב־און־לעבן.

ער האָט אַראָפּגעריסן פון מיר דעם ליילעך און פאַר די האָר מיך אַראָפּגעשלעפּט אויף דער פּאָדלאָגע. ער האָט מיך צוריק אויפגעהויבן און געשאָקלט הין־און־צוריק און מיט ברענענדיקער רציחה אַריינגעטשישעט אין מיינע פאַרשלאָפענע אויגן:

— דו בהמה! דו שווינדזיכטיקע קאַץ! ווו איז דאָס קינד? ווער רעדט עס צו דיר?!...

מאַמאַ אַלסירא האָט אויף גיך אַראָפּגעלאָזט די שטרויענע פאַרהאַנגען איבער די פענצטער, איז מיט אַ שווערן טראָט צוגעקומען צום זון, אַרויפ־געלייגט די הענט אויף זיינע אַקסלען און גערעדט צו אים מיט אַ טאָן פון אַ הייליקער:

— יִנגלי! וואָס טוט זיך מיט דיר?... דער הימלישער ווערט דערצערנט, ווען ער זעט שלאָגן אַ געפאַלענעם!... די אָרעמע איז קראַנק און עלנט...

ער האָט זי מיט דער האַנט אָפּגעשטויסן פון זיך און האָט צו מיר ווייטער געשריַען, האַלטנדיק מיך פאַר די האָר:

— ווו איז די קליינע? מיך ווערסטו נישט נאַרן, דו צעפּוילטע, דו געמיינע!...

אויף זיינע קולות איז אָנגעלאָפן דער נאַראָד פון הינטערשטן הויף, צווישן זיי איז אויך געווען סאַנמאַרטינאַ. איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. עפּעס חיהשעס איז געווען אין איר. דאָס שמאָלע כמורנע פּנימל האָט געפלאַמט פון פרייד.

— איצט קענסטו מיך קוילן! —האָב איך געזאָגט צו טיסעראַן— דו מעגסט מיך צעשניידן אויף שטיקלעך אָדער וואַרפן אין ים אַריין. מיך גייט עס שוין גאָרנישט אָן. איך האָב שוין פאַר דיר קיין מורא נישט און אַפילו נישט פאַרן טויט...

עס האָבן אויף אים אַרויסגעשלאָגן ריטשקעס שווייס. זיינע הענט האָבן געציטערט. עס האָט אויסגעזען, אַז אָט־אָט צינדט ער זיך אָן ווי אַ סנאָפּ שטרוי און פאַרברענט די וועלט!... ער האָט זיך צעהוידעט אויף זיינע הויכע צענומענע פיס, מיר דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים און זיך ווידער צעשריַען ווי אַ משוגענער:

— אַזוי צאָלסטו מיר אָפּ פאַר מיין גוט האַרץ?... איך האָב אָבער קיינ־מאָל נישט געגלויבט אין דיין איבערגעגעבנקייט. איך האָב געוווּסט, אַז דיך ציט צו דייניקע, צו מיינע שונאים!...

די שכנים האָבן זיך אָפּגערוקט פון דער טיר און טיסעראָ האָט ווידער געשלאָגן, מיך געממיתט:

— זאָג, זאָג! וועמען האָסטו אָפּגעגעבן די קליינע? דו גנבטע, דו פאַר־רעטערן!...

איך האָב אָנגעהויבן צו שרייען: — אַבראַשענקאַ! אַבראַשענקאַ! — און בין געפאַלן אין חלשות.

***

ווען איך האָב אויפגעמאַכט די אויגן, בין איך געלעגן אין בעט. און אויף מיין קאָפּ, אויף מיין פּנים האָב איך געהאַט קאַלטע קאָמפּרעסן. מיינע גלידער זענען געווען ווי צעבראָכן. איך האָב געדולדיק געוואַרט אַז ער זאָל פאַרענדיקן זיין גרויזאַמע אַרבעט, און איך זאָל ענדלעך באַפרייט ווערן פון די ענדלאָזע ליידן.

אין זאַל איז געווען טונקל, דאָס לעמפּל אויפן נאַכט־טישל האָט גע־

וואַרפן אַ בלייכע, מילדע שיין אויף טיסעראַס פינצטערן אויסגעצויגענעם פּנים.

ער האָט זיך צוגעבויגן צו מיר און געזאָגט מיט אַ באַליידיקטן טאָן:

— איך ווייס, די קליינע איז ביי די גרינע. אָבער פאַרוואָס האָסטו עס מיר נישט געוואָלט זאָגן? פאַרוואָס האָסטו אָנגעוואָרן צו מיר דעם צוטרוי, דעם רעספּעקט? צי בין איך דיר געווען אַ שלעכטער געליבטער? צי האָב איך נישט געשטרעקט מיין לעבן פאַר דיינעטוועגן, אַ? פאַרוואָס שווייגסטו?...

איך האָב אים קאַלט געענטפערט:

— מיין אַבראַשענקאַ איז געווען און ער וועט בלייבן ביזן סוף פון מיין לעבן דער איינציקער, וועמען איך האָב געליבט און ליב איצט. ער איז געווען דער איידלסטער, דער ריינסטער, און נישט איך און נישט דו זענען ווערט צו דערמאָנען זיין הייליקן נאָמען. מיר זענען אפילו נישט ראוי צו טרעטן אויף די וועגן, ווו ער איז געגאַנגען... מיינע געפילן צו דיר — זענען געווען בלויז פינצטערע...

— האָסט אים נישט אויפגעהערט צו ליבן, דעם תמעוואַטן פּראָפּעסאָר?! —האָט ער אַ צערייצטער געשריגן און מיך אָנגעכאַפּט פאַרן האַלדז— ער איז געווען מער מענטש פאַר מיר, אַט דער אומגליקלעכער?... קלוגער פון מיר, אינטעליגענטער, אַ?...

איך האָב מיט די לעצטע כוחות אָפּגעריסן זיינע הענט פון מיין האַלדז.

— דו ביסט אַ פרויען־הענדלער און אַ מאַניאַק!... אויב איינער פון דיינע לייט וועט דיך נישט הרגענען באַצייטנס, וועסטו נאָך אַ סך שלעכטס טון און וועסט פגרן אין אַ משוגעים־הויז...

זיינע ברענענדיקע אויגן זענען געשפּרונגען פון די שמאָלע אויסשניטן, גרייטע מיך דורס צו זיין. מיך האָט עס נישט געאַרט. איך האָב באַגערט דעם סוף.

דאַן האָט ער אַרויסגעצויגן אַ לאַנגן שאַרפן מעסער פון שייד ביי זיין גאַרטל, און לאַכנדיק מיט הנאה עס געפירט איבער מיין האַלדז

— וועסט גיין ברענגען די קליינע, צי ניין?!..

— זי איז אַבראַשאַס, נישט מיינע!..

— מיינע איז זי! —האָט ער געצאַרנט— זי וועט אונדז אַריינברענגען אַ סך געלט, אַ פאַרמעגן!... מיר וועלן זי גוט פלעגן און איר געבן אַ גוטע דערציִונג... זי איז באַשאַפן אָפּצוגעבן זיך מיט אַ לייטיש פאַך! האָסט געזען קליבעלעך, האָסט געזען וואָס פאַר אַ געטאָקט הינטנדל זי פאַרמאָגט?...

ער האָט צוריק אַריינגערוקט דאָס מעסער אין שייד, זיך אָװעקגעזעצט לעבן מיר און גערעדט מיט אַ טאָן פון אַ לערער:

— דו ביסט מיר אַוועקגעפאַלן אין סאַמע אָנהייב פון אונדזער גוטן נאָמען, און איך מוז איצט זאָרגן פאַר דיין געזונט. נישט אמת, דיניטאַ?... אָבער איך שווער דיר, אַז איך וועל דיר בלייבן געטריי. איך שווער דיר ביי דער הייליקער מוטערל!... ער האָט זיך איבערגעצלמט און אַ קוש־געטון די נעגל פון זיינע גראָבע פינגער. — אָבער, אויב דו וועסט מיך נישט פאָלגן, וועסטו חרטה האָבן... דער גרינער מיט זיין ווייב און זייערע ממזרים, זיי וועלן באַצאָלן... און אויב איך וועל נישט האַלטן קיין וואָרט, זאָלסטו זאָגן, אַז טיסעראָ איז נישט קיין זכר, אַז ער איז אַ פּחדן...

ער האָט זיך אויפגעהויבן, פאַרויכערט אַ ציגאַר און אונטערברומענדיק אַ אַ טאַנגאָ־ניגון אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען איבערן צימער.

זיינע דראָונגען האָבן צערודערט מיין בלוט. דער שניידער מיט זיין משפּחה זענען געהאָנגען אויף מיין געוויסן. איך האָב זיי שוין געזען דערשטאָכענע, געקוילעטע. עס האָט מיך געשוידערט, געוואָרפן אין היץ און אין קעלט...

איך האָב מיך מיט די לעצטע כוחות אַראָפּגעקאַראַטשקעט פון בעט. די בלויע פלעקן אויף מיין צעשלאָגענעם פנים האָב איך פאַרדעקט מיט פּודער, צוגעקעמט די האָר, אָנגעטאָן אַ קליידל און לייכטע שיכלעך אויף די באָרוועסע פיס און זיך געלאָזט אַרויסגיין.

טיסעראָ האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף מיין אַקסל און מיך אָפּגעהאַלטן. ער האָט מיט דער צווייטער האַנט אַרויסגענומען פון נאַכט־שאַפקעלע אַ פּאָר גרויסע בלויע אויגנגלעזער און האָט זיי מיר דערלאַנגט:
—טו אָן! זאָלן זיי נישט מיינען, אַז דו האָסט ביי מיר אַ ביטער לעבן!

— לאָז מיך גיין!... — האָב איך געפּרוווט אַראָפּנעמען פון מיר זיין האַנט.

— דו ביסט נישט אַליין אויף דער וועלט! — האָט ער געענטפערט און אין איילעניש צוגעגלעט און אויסגעגלייכט זיינע געדיכטע ברייט־שרונטיקע האָר, פאַרדרייט אויף אַרויף זיינע שמאָלע וואָנצעלעך און זיך באַגאָסן מיט דוכי. אויך מיך האָט ער נישט פאַרגעסן...

מיטן געשטרייפטן לייבל אָן אַרבל, אַ צעכראַסטעטער, האָט ער זיך געשטעלט פאַרן שפּיגל און אונטערגעטענצלט און אונטערגעסווישטשעט... ער האָט אויך נישט פאַרגעסן זיין מעסער. ער האָט עס אַרויסגעצויגן

פון שייד, און אויסגעפּרוווט דעם שאַרף אויף זיין ברייטער מעגערישער דלאָניע.

ער האָט אַרויפגעצויגן זיינע נאָכגעלאָזטע ווייסע הויזן פולע מיט פלעקן פון דעם יום־טוב אויפן פּיקניק און, עלעגאַנט מיך נעמענדיק אונטערן אָרעם, האָט ער מיך אַרויסגעפירט.

אין הויף האָט עס געווימלט ווי אין אַ בינשטאָק. דער נאַראָד, מיד פון פאַרברענגען, פון טאַנצן, שיכורן און פרעסן אַ גאַנצן טאָג, האָט זיך געוואַלגערט אויף די פאַרוואַנצטע מאַטראַצלעך און אויף פאַנטשאָס, און לעבן זיי זענען נאָך געלעגן די צוריקגעבראַכטע פעק, געפעס, טישן און בענקלעך.

אונטערן בוים האָט געברענט אַ פייערל, און צוויי גרויסע פאַרויכערטע טשייניקעס מיט וואַסער האָבן געזאָטן. אַלסיראַ און סאַנמאַרטינאַ, האַלב־נאַקעטע און פאַרשוויצטע, האָבן דערלאַנגט מאַטע די ליגנדיקע מענטשן. עמיצער האָט געשפּילט גיטאַרע, זיינע באַרישניעס האָבן געזונגען. קליינ־וואַרג האָט זיך געשפּילט שרייענדיק מיט הייזעריקע קולות, און איבער זיי האָט געברענט אַ היץ, ווי אַנגעגליטער קופּער, און גרויסע פליגן מיט אָפענע אויגן, ווי רויטע און גרינע פייערלעך, זענען מחנותווייז אַרומגע־פלויגן און ווי באַלויכטן און באַשיינט יענעם טשודנעם, גליקלעכן און הפקרדיקן נאַראָד.

אַלסיראַ האָט, דערזעענדיק אונדז, זיך שווער אויפגעהויבן און אונדז פאַרלאָפן דעם וועג. זי האָט אַרויפגעלייגט אַ שווערע האַנט אויף טיסעראָס אַקסל און מיט געבעט אין אירע גוטע אויגן האָט זי געזאָגט:

— יינגל, קינד מיינס, זיי באַרעמהאַרציק מיט דער אָרעמער!... דער הימלישער האָט זי איבערגעענטפערט אין אונדזערע הענט, ער האָט אַז אָפן אויג!... ער ווערט דערצאָרנט, ווען מען וויל אים איבערכיטרעוועזן... געדענק עס!...

ער האָט זי מיט דער האַנט אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט, און האָט פון וויטנס מיט אַ שאָקל פון קאָפּ געגריסט זיינע באַרישניעס. איינע אַ קליי־ניקע מיט אַ מאָגער פּנימל, און די צווייטע אַ לאַנגע, אַ געטאָקטע, מיט אַ בלאָנדן געפאַרבטן קאָפּ. ביידע האַלב־נאַקעטע און שיכורע האָבן זיך אויפ־געהויבן און אים נאָכגעשריען:

— ביז שפּעטער, אוצרל!... זאָלסט האָבן דערפאָלג!...

— טיסעראָ האָט תמיד דערפאָלג!...

האָט ער צוריקגעשריגן און האָט מיך אַרויסגעפירט פון הויף.

***

די לופט איז געווען שווער, ווי אָנגעגאָסן מיט הייסן בליי. דער הימל — אַ טונקל־רויטער, אַ צעשרפּעטער ווי אַ קאַלך־אויוון, איז געהאָנגען אי־בער די ראַנדן פון ברייטן יאַר, וואָס האָט אָפּגעטיילט איין שורה שטיבער פון דער אַנדערער. בינטלעך נאַכט־פליגעלעך ווי צעשויבערטע גרויסע שוואַרצע וואָל־קנוילן האָבן זיך געדרייט איבערן עיפּושדיקן יאַר, געזשו־מעט און געזשומעט.

זיי האָבן אויך פאַרפלייצט די אָפענע הייפלעך, די גערטנדלעך אַרום די קליינע כאַטקעס, וועלכע זענען ווי גרויסע אַלטע קברים געווען צע־וואָרפן אויף די בערגלעך פוןביידע זייטן יאַר.

דער נאַראָד פון יענע כאַטקעס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער פּייכ־טער ווילד־גראָזיקער ערד און איז אָפּגעגאַנגען אין שווייס, זיך באַהאַלטן הינטער פאַרהאַנגען פון זעק און אַלטער קרעטאָנע, געשפּילט גיטאַרע, גע־זונגען, געלאַכט און זיך געליבט...

ווו נישט ווו האָט צווישן די צווייגן פון אַ נידעריק לימענע־ביימל זיך געפּלעמלט דער קנויט פון אַ לעמפּל, וואָס איז דאָרט געהאָנגען, און איבער אַ קליין שייטערל האָט זיך געבראָטן, געפּרעגלט אַ האַלבער פעט־ברוסטיקער אָקס. אייניקע זענען געזעסן אַרום פייער און גיריק געשניטן שטיקער פון דעם רוילעכן פליש און פעטע געשמאַקע ריחות האָבן זיך געהויבן און פאַרשפּרייט העט־ווייט אַרום און אַרום.

טיסעראָ האָט אָנגעהויבן צו רעדן:

— די דאָזיקע טויגעניכטסן וועלן קיינמאָל נישט וויסן פון קיין בע־סערן לעבן!... פאַר אַ נישטיקן לוין אַרבעטן זיי ביי די פאָרטן און אין די פריגאָריפיקאָס; זיי זענען אויך צעפירער פון מיסט; ווייב און קינדער ווערן פאַרפינצטערט, און זיי — די בהמות — טוען אַפילו נישט קיין טראַכט, אַז מ׳קען פאַרדינען אַ פעזע און לעבן ווי לייטן...

— איך, דיניטאַ, בין שוין אַן אַנדערער — האָט ער זיך אַ שטרעק־געטון צום הימל — מיינע געהירן זענען תמיד אין באַוועגונג... אַפילו אין שלאָף הער איך נישט אויף צו טראַכטן וועגן אַ לייטישער צוקונפט... און דו וועסט, מיט דעם הימלישנס הילף, גיך געזונט ווערן, וועסטו אַרויס פון שפּיטאָל און צו ביסלעך אַרבעטן... מיר האָבן שוין אַן אויסדערוויילטע קליִענטעלע... אַן עלעמענט פון בעסערע יונגעלייט. זיי ווערן משוגע פון

בלויז קוקן אויף דיר... זיי זאָגן, אַז אין דיינע אויגן זיצן סיי גאָט, סיי דער טייוול...

— אָבער וואָס גייט עס אונדז אָן, אוצרל מיינס?! —האָט ער זיך גע־פרייט— איך רעכן, אַז דו וועסט, מיט גאָטס הילף, גיך ווערן אַ באַלע־באָסטע פון אייניקע הייף... עס וועט דיר פּאַסן צו זיין ווי אַ פּרינצעסן... ווען דו טוסט נאָר אַ קוק אין שפּיגל, ווי דיינע אויגן ברענען איצט, פאַר־ליבסטו זיך אין דיר אַליין...

— קיין „מינאָס" ועלן נישט פעלן. האָסט געוועזן די מוידן?... געזונטע ווי די אייזלען און פאַרליבט אין מיר ביז משוגעת. ווען איך קום צו זיי, באַפאַלן זיי מיך און לאָזן מיך נישט אָפּ, לאָזן מיך נישט גיין צו דיר... זיי זענען אייפערזיכטיק, אָבער איך וועל זיי גיך אויסהיילן פון דער ליבע... ביי מיר וועלן זיי מוזן גיין גלייך... זיי וועלן וואַשן דיינע פיס, דיך באַ־דינען...

— ווּהין קוקסטו, דינאַ?... —האָט ער אַ דריק־געטון מיין אָרים— הערסט גאָרנישט וואָס איך רעד?... קאַראַמבאַ! דו ביסט געוואָרן אומדער־טרעגלעך!...

— איך הער! איך הער! — האָב איך געענטפערט און אַלע מיינע גע־פילן, מיינע נערוון, וואָס זענען ביז דאַן געווען ווי געליימט, האָבן זיך צעבונדן און געפּלאַצט. געברענט און געריסן שטיקער פון מיין צעיאָ־טערטן געוויסן... און נישט פאַרן לעבן פון מיין קינד האָב איך דאַן מורא געהאַט. וועגן איר און וועגן זיך האָט זיך שוין ביי מיר אויסגעצייטיקט אַ קלאָרער באַשלוס: נאָכצוגיין אַבראַשענקאָן...

און ווייל איך האָב אים דאַן נישט אַרויסגעוויזן קיין באַגייסטערונג פאַר זיינע פּלענער, פאַר זיין „גוטסקייט צו מיר און צו מיין קינד", — האָט ער דווקא געוואָלט ווייזן ווי באַרימט און באַליבט ער איז שוין...

האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ ביליק שענקל, צענומען דעם צווייי־העלפטיקן פאַרהאַנג פון פאַרפלעקטער, צעפּאַסיקטער קרעטאָנע איבער דעם שמאָלן טירל, און מיט פאַריסנקייט פון זיין פּוסטער גאווה, פון וועלכער עס האָט מיך געעקלט, האָט ער אַריינגעשריִען צום נאַראָד אין שענקל:

— יאָטן! חברים! וואַרט דאָ צו אייניקע מינוט, וועלן מיר אינייינעם פייערן דעם זיג איבער מיינעם אַ שונאַ!... מיר וועלן פּראַווען אַ שטיקעלע יום־טוב און מאַכן אַ לחיים ווי עס פּירט זיך ביי לייטן!...

אין דער טיר האָט זיך באַוויזן דער באַלעבאָס, אַ נידעריק פאַרשווינדל מיט אַ גרויסן פּליכעוואַטן קיילעכדיקן קאָפּ צווישן ברייטע פעסטע אַקסלען

און מיט אַ טיפן שניט אונטערן רעכטן אויג ביז צום האַלדז. מען האָט אים גערופן „קורנאָסער קאַלאַבּרעס", ווייל זיין נאָז איז געווען צעפּלעטשט.

טיסעראַ האָט צו אים אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט און געלאַכט:

— האַלט דיך לייטיש, קאַלאַבּרעס! היינט בין איך אין אַ קריגערישער שטימונג... געדענק!

הינטערן באַלעבאָס האָבן זיך באַוויזן פּנימער, צעשויבערטע קעפּ האָבן זיך צונויפגעדרונגען, זיך געהויבן העכער. פּרעכע און שיכורלעכע אויגן פון יענעם ניזשנעם נאַראָד האָבן געלויערט איבער מיר און געוווּנקען...

***

איך האָב מיך דערמאָנט, אַז אין די ערשטע וואָכן פון זיין נצחון איבער מיר האָט ער מיך אויסגעהיט פון זיינע מענטשן... ער האָט, ווייזט אויס, מורא געהאַט פאַר דער מאַכט... נאָר איין מאָל, ווען ער איז נאָכן אַוועקגיין שפּילן אין פערדלעך צוריקגעקומען אַהיים מיט פולע קעשענעס, איז ער געווען צעזשאַרעט און פריילעך ביז משוגעת, געקושט די מאַמאַ אַלסיראַ, איר געגעבן געלט, און רעדנדיק פאַר פייער און פאַר וואַסער, האָט ער מיך אויסגעפּוצט אין מיין שוואַרץ פּליושן לאַנג־געפּאַסט קלייד מיט אַ רויט וועסטעלע, אַן אויסגענייטס מיט בלומען און קווייטן פון זייד. ער האָט איינגעלאָקט מיינע האָר און זיי אויסגעלייגט אַרום מיין אַנטבלויזטן האַלדז־און־נאַקן, מיר אָנגעטאָן לייכטע רויטע שיכלעך אָן קנעפּלעך.

ער האָט מיך דעמאָלט גענומען אונטערן אָרים און אַ פּאַריסענער, אַ באַגליקטער, מיך אַוועקגעפירט אין יענעם שענקל.

דער קאַלאַבּרעס מיטן הויכן בויך אונטערן פאַרפּעטסטן פאַרטעך פון גראָבן לייוונט, האָט צעעפנט זיינע שמאָלע שאַרפע גרינלעכע אויגן, און ער האָט זיך פאַרנייגט פאַר אונדז, און מיט אויסגעשטרעקטע הענט אונדז אַנטקעגנגעלאָפן.

טיסעראַ האָט מיך פאַרגעשטעלט אַלס זיין כלה:

האָט מיך דער קאַלאַבּרעס געפירט צווישן די קויטיקע טישן און געזאָגט זיינע געסט:

— מיר האָבן די ערע איך פאַרצושטעלן די רוסישע פּרינצעסן!...

דער נאַראָד האָט זיך דעמאָלט אויפגעשטעלט און איבערגעראַשטע געקוקט דאָ אויף מיר און דאָ אויף טיסעראַן. אַ מינוט איז געווען שטיל, ווי עפּעס פאַר אַ גרויס געשעעניש, און באַלד האָט עס אָפּגעהילכט אַ

בראַוואָ־פּאַטשעריי און קולות פאַרגרעבטע, הייזעריקע און ווילדע האָבן זיך געשפּאַרט און געריסן פון זייערע קורצע העלדזער.

טיסעראַ האָט מיך אויפגעהויבן אינדערלופטן. דער נאַראַד האָט גע־טרונקען לחיים לכבוד מיינע רויטע שיכעלעך, און איז געוואָרן אַלץ וויל־דער און ווילדער.

דאַן האָט טיסעראַ מיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ טיש, אַראָפּגעכאַפּט פון וואַנט אַן אַלטע גיטאַרע און אָנגעהויבן שפּילן, און איך האָב געטאַנצט, געטאַנצט ביז פאַרגעסונג...

— עס איז געווען טשודנאָ, מאַדאַם! — האָט זי אויפגעהויבן צו מיר אַ מידן בליק, און אַן אויסגעשעפּטע פון צופיל רעדן, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין פאַרענטשע פונעם דיוואַן. — מיר האָט זיך דעמאָלט געדאַכט, ווי איך וואָלט געטאַנצט אויף בערג במאַרעס. עס איז געווען אַזוי לייכט אויף דער נשמה... איך האָב געהאַלטן פאַרלייגט די הענט אויף מיין האַרצן און געזונגען... און אַבראַשענקא איז דאַן געווען לעבן מיר... ער האָט גע־שפּילט, געשפּילט...

ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט ווי לאַנג עס האָט אָנגעהאַלטן יענער טאַנץ. איך בין ווי איינגעוועבט געוואָרן אין אַ גרויען נעפּל און אַריינגעפאַלן אין אַבראַשענקאָס הענט... און ווען איך בין געקומען צו זיך האָב איך דערזען דעם נאַראַד אַ גערירטן, אַ באַגאָסענעם מיט שווייס און מיט ווייכקייט אויף די צעאַקערטע צעקרומטע פּנימער...

מער האָט מיך דער יונג נישט געפירט אַהין.

— דו געדענקסט, דינאַ? —האָט מיך טיסעראַ געוועקט פון מיינע מחשבות— געדענקסט, ווי די לומפּן פון דעם שענקל זענען משוגע געוואָרן, ווען דו האָסט געזונגען? ביסט דאַן געווען שיין ווי אַ מלאך!... זיי קענען דיך ביז היינט נישט פאַרגעסן... און אַז גאָט מיט דער הייליקער מאַריאַן וועלן אונדז העלפן, —האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל— וועלן מיר דאָ קויפן אַ סך פלאַץ און אויפבויען אַ צאָל דעפּאַרטאַמענט־הייזער. איך וועל מאַכן רייזעס קיין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל און וועל ברענגען מיידלעך וויפל נאָר עס וועט זיך לאָזן. און דו וועסט זיין מיין סעקרעטאַרן, מיין בוכ־האַלטערן. נישט אַזוי, אוצרל מיינס?...

ער האָט גערעדט און גערעדט, געבויט לופטשלעסער, און ווי תמיד נאָכן מאַכן פון מיר אַש און פּאַרעך, געווען ווייך ווי פּוטער...

**
*

מיר זענען צוגעקומען צו דער באַן־ליניע און איבערגעוואַרט ביז צוויי צוגן האָבן זיך געקרייצט, מיט הייסן געקלימפּער האָבן די רעדער געקלאַפּט איבער די שינעס אין די וואַגאָנעס האָבן ווי בייכיקע שלענג זיך אַריינ־געדרייט אין דער נאַכטיקער טונקלקייט. גרויע קנוילן רויך, אָנגעזאַפּטע מיט פייער און ריחות פון נאַפט, האָבן אַ שלאָג־געטון אויף מיר. איך האָב זיך צעהוסט און פון שוואַכקייט מער נישט געקענט שטיין אויף די פיס...

— קום צוריק! — האָב איך זיך געבעטן, אָבער ער האָט נישט גע־ענטפערט און שווייגנדיק מיך געפירט איבער די הייסע שינעס און פון דאָרט צום שניידערס שטוב.

אַרום זענען געלעגן שמאָלע איבערגעשניטענע געסלעך, און פאַר די טירן אין גריבער און קאַנאַווקעלעך זענען געווען אָנגעוואָרפן בערג מיט בוי־מאַטעריאַלן און פעסער מיט קאַלך און מיט פאַרב. נאַכטוועכטער זענען געזעסן און שטיל געשמועסט צווישן זיך. איבער אַ גרויס פייער האָט זיך געזשאַרעט אַ זייט פון אַן אָקס.

*
**

דעם שניידערס דריישטאָקיק הויז האָט זיך אַרויסגעהויבן פון צווישן קלענערע און גרעסערע נאָך נישט פאַרענדיקטע שטיבער און שטיבלעך. די אויבערשטע צוויי שטאָקן זענען נאָך געווען רוי. אָן טירן און אָן פענצטער. אונטן אין דעם ערשטן שטאָק איז געווען ליכטיק.

— גיי אַוועק אַ ביסל אין אַ זייט! — האָב איך געזאָגט צו טיסעראָן.

— עס איז נישט שיין, מ׳זאָל זען, ווי דו טרויסט מיר נישט...

ער האָט מיך דורכגענומען מיט אַ ביטערן בליק, און זעענדיק מיין אויסערלעכע רויִקייט האָט עס אים עפּעס נישט געשמעקט. האָט ער זיך הויליוונגעריש אַ צי־געטון אויף פאַרויס, און לאַכנדיק גערעדט פונקט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין שעכטן אַ ציגעלע אָדער אַ הינדל:

— אַז דער גרינבער טינוף וועט זיך מיר קעגנשטעלן, וועל איך אי־בערשניידן זיין עקלדיקן גאָרגאַטש; זיין נאַרישן קאָפּ וועל איך אַרויפשטעקן אויף מיין מעסער און אים ברענגען צו די יאַטן, זאָלן זיי אויך האָבן פון וואָס צו לאַכן...

און איך האָב שוין דאַן געהאַט באַשלאָסן ביי זיך, אויסצולאַכן זיך פון אים. אין מיר איז אויפגעגאַנגען אַ קאַפּיטשקע פרייד; איך האָב דווקא גע־וואָלט ער זאָל זיך קליגלען, זיך גרויס־האַלטן און נאָכדעם בלייבן ווי אָפּ־געשוונדן, בלייבן מיט זיינע מערדערישע אַמביציעס און נישט מער...

ער איז געוואָרן נאָכגעביקער און זיס געשמייכלט:

— זע, פאַר וועמען זי שעמט זיך! —האָט ער געהויבן מיט די אַקס־לען און געחוזקט— גוט, איך וועל דאָ וואַרטן, און דו נעם די קליינע און קום באַלד צוריק, אויב דו ווילסט נישט, אַז דער גרינער טינוף זאָל ווערן אַ צעקוועטשטער פּאָמידאָר...

איך בין אַרויף אויף די טרעפּ און מיט רעספּעקט צום שניידער און זיין משפּחה אַוועקגערוקט אין אַ זייט דעם שווערן פאַרהאַנג איבער דער אָפענער טיר. די געמיטלעכקייט, וואָס האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט, האָט מיך עפּעס ווי נישט געלאָזט אַריינגיין.

עס האָט אויף מיר אַ שלאָג־געטון מיט ריחות פון פרישע זיסע לאַט־קעס און פון פאַרב מיט זעגעכץ. די ווענט זענען געווען אויסגעמאָלט מיט גרויסע גרויע און גרינע קוויטן, און פון סטעליע איבערן טיש איז אַראָפּ־געהאַנגען אַ גרויסער עלעקטרישער לאָמפּ אונטער אַ ווייסער פוקליע פון פאָרצעליי.

דער שניידער מיט זיין ווייב זענען געזעסן ביים ברעג פון טיש און האָבן אָפּגעציפּט עקעלעך פאָדים פון פאַרטיקער אַרבעט. אַנטקעגן זיי איז געזעסן דער יידישער בלומען־פאַרקויפער. דעם שניידערס מיידעלע מיט אַ רויטער לענטע אינעם צעפּל האָט דערלאַנגט מאַטע און יעדעס מאָל אַראָפּ־געכאַפּט פון טעלער אויפן טיש אַ פרישע לאַטקע, זי געקייט און אונטער־געזונגען.

בונימל איז געזעסן אין אַ ווינקל ביי אַ קליין טישעלע, און ביים שיין פון אַ קליין נאַכטלעמפּל געלערנט, אָט פונקט ווי מיין אַבראַשענקא, אים צו לאַנגע יאָרן, פּלעגט עס טון...

דער בלומען־פאַרקויפער האָט, צווישן איין ביסן און דעם אַנדערן, גערעדט:

— איך האַלט, אַז עס איז נאָך נישט צו־שפּעט... עס איז אונדזער פליכט זי אַרויסצוראַטעווען פון דעם זומפּ... זי איז אַ קרבן פון איר שוואַכן כאַראַקטער אָדער פון אַ נאַיִווער ראָמאַנטיק... איר אַליין האָט דאָך גע־זאָגט, אַז זי מיטן מאַן האָבן געוואָלט פון דעם יונג מאַכן אַ לייט!... און זי איז געקומען בעטן ביי אייך הילף, זיך אַרויסצורייסן פון זיינע נעגל.

— קרבן, שמאָרבן! —האָט די שניידערן געצאָרנט, און אומרויִק גע־צופּט די עקעלעך— זי האָט זיך פריִער אויך אַרומגעטליקעט מיט מאַנס־פאַרשוינען!... זי האָט פאַרפאַסקודיעט מיין קרוב און אויך דעם אָרעמען אַבראַשאַן, וועמען זי האָט אויסגעביטן אויף אָט דעם דאָזיקן רוצח... איצט

מעג זי אָפּקומען ביז די שערבעלעך אויף אירע אויגן... מיר גייט עס נישט אָן! נישט איך און נישט מיין מענדל וועלן צולייגן אַ מינדסט פינגערל צו דעם געשעפט...

דער שניידער האָט אויפגעהויבן זיין פּנים, אַ בלייכס, אַן אויסגעמאַטערטס, און זיינע אויגן האָבן געשיינט מיט אַ נייער האָפענונג, מיט דערוואַרטונג. ער האָט איר איבערגעשלאָגן:

— יאָ, איך ווייס טאַקע, אַז דער שגץ איז אַ קוילער, אַ רוצח; ער וועט בראָטן און ברענען אירע טריט און אויך אונדזערע, אויב די קליינע וועט בלייבן ביי אונדז. אָבער, אַ וועלט איז דאָך פאָרט נישט הפקר!... עס קען דאָך גאָרנישט געמאָלט זיין, אַז דער יונג זאָל זיך לעבן ווי אַ פיש אין וואַסער, און קיינער זאָל אים קיין וואָרט נישט זאָגן, נישט דערמאָנען, וואָס ער טוט מיט דעם בידנעם ווייבל, נעבעך!...

בונימל האָט אויסגעדרייט צו זיי דאָס פּנים און אַ באַטריבטער, ווי ער וואָלט נעבעך מיטגעליטן מיט מיר, האָט ער געזאָגט:

— מאַמעשי! איך וועל נישט אָפּטראָגן צוריק דאָס מיידעלע!... דינעשי האָט, נעבעך, געוויינט. זי האָט מיך געבעטן, אַז דו מיטן טאַטעשי זאָלן האָבן רחמנות, ווייל בלימעלע איז אַ יתומהלע!...

— וואָס זאָגט איר צו אים?! — האָט די שניידערן צענומען די הענט און זיך געווענדט צום בלומען־פאַרקויפער. — זעט נאָר, אין וואָס פאַר אַ בלאָטע איר האָט אונדז אַריינגעפירט, ווי איז מיר נעבעך!...

— ציטערט נישט אַזוי, סעניאָראַ! איך וועל דאָס קינד נעמען צו מיר. נישט אין דעם גייט עס! —האָט ער רויק געענטפערט— דינעלע ציטערט פאַר שרעק פאַר דעם רוצח און מיר מוזן איר העלפן. זי איז דאָך אַ פאַרוואָגלטע יידישע טאָכטער!... אַזאַ איידעלע און אַ צעבראָכענע אויף טויזנט שטיקלעך...

— אָט זעסטו שוין?! —האָט דער שניידער קוועלנדיק אַריינגערעדט אין זיין ווייבס צעשראָקן פּנים— איך האַלט, אַז אברהמעלע איז גערעכט.. מען באַדאַרף אָנהייבן עפּעס צו טון, אָבער מיט שכל, נישט מיט קללות אין האַרצן... פריִער פון אַלץ, אָבער, מוזן מיר הערן דינעלעס לעצט וואָרט..

— עס איז שוין גלייך ווי געהערט! —האָט אברהמל געענטפערט— איך האָב דאָך אייך שוין טויזנט מאָל געהערט דערציילן וועגן איר וויזיט ביי אייך, ווי זי האָט, נעבעך, געבעטן הילף און איר האָט זי נישט אויפגענומען...

מיין האַרץ איז געוואָרן פול מיט דאַנקבאַרקייט צו אים און מיט מורא,

אַז טיסעראַ וועט אים שלעכטס טון. איך בין געווען גרייט אומצוקומען אינאיינעם מיט מיין קינד, אַבי עס זאָל מער קיינער נישט דאַרפן ליידן צוליב מיר...

די שניידערן האָט, אַן אויפגערעגטע, געשלונגען די סלינע ווי עס וואָלט איר געווען טרוקן אין האַלדז און מיט אַ פאַרשעמטן בליק אַרומ־גענומען איר זון און אויך די טאָכטער.

— בונים, בונימשי! —האָט זי אויסגערופן אַ הייזעריקע— וואָס האָסטו דיך דאָרט אַריינגערוקט אין ווינקל און רירסט זיך נישט פון אָרט!... אויף היינט וועט שוין זיין גענוג מיט דיינע אויפגאַבן. אין שטוב איז הייס ווי אין אַ קאַלכאויוון —האָט זי צווידייטיק אַ קוועטש געטון מיטן אויג־ווינקל— וויל איך דו זאָלסט נעמען דיין שוועסטערשי און גיין מיט איר אויפן גאַס נעמען אַ ביסל פרישן וואָזדוזש...

— אָבער גייט נישט אַוועק צו ווייט פון שטוב! —האָט דער שניידער טרויעריק צוגעגעבן— די געסלעך זענען שטענדיק פול מיט אונטערוועלט־ניקעס... חוץ דעם דאַרפט איר מאָרגן, בלי נדר, אויפשטיין פרי און גיין אין די שקאָלעס...

בונימל האָט זיך אויפגעהייבן, זיך אויסגעדרייט און זיינע אויגן זענען הענגען געבליבן אויף מיר. ער איז געוואָרן רויט און פאַרלוירן געשמייכלט. ער האָט צו מיר אַ קוועטש געטון מיט אַן אויגנווינקל, ווי ער וואָלט מיר אויף שטום־לשון געהייסן זיין רויק און זיך נישט צוהערן צו זיין מאַמעס טענות...

ער האָט פאַרדרייט דאָס ליכט אויף זיין שרייבטישל און, מיט אַ מינע פון אַ דערוואַקסענעם, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין שוועסטערס אַקסלען און איז מיט איר אַרויסגעגאַנגען. פאַרבייגייענדיק האָט ער אין דער פינצטער מיר אַ דריק־געטון די האַנט.

די שניידערן האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. זי האָט זיך צעהוידעט אַנט־קעגן איר מאַן און אָנגעהויבן מיט אַ טאָן פון פאַריסנקייט:

— מענדל, מענדלשי! אונדזער בונימשי איז שוין, קיין בייז אויג, אַ פאָלנער מאַנספאַרשוין, דאַרף מען זיין מער פאָרזיכטיק... איך וויל גאָרנישט, ער זאָל וויסן אין וואָס דאָ גייט, ווייל איז מיר!...

דער שניידער האָט געזיפצט ווי אַ געבונדענער און זיך געווישט דעם שווייס פון זיין גרווילעכן קאָפּ און פונעם ווייסן אָפּגעצערטן פנים. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט זיך צעהוסט, געקייכט ווי פון אַ קאָק־ליוש־הוסט. ער איז געוואָרן רויט און געסאָפּעט און נישט געקענט כאַפּן

דעם אָטעם... די שניידערן האָט אים דערלאַנגט אַ ביסל וואַסער, און מיט די פינגער אים אַריינגעטענהט אין דער פאַרשפּיצטער יִידישער נאָז:

— מענדל, מענדלשי! איך האָב דיר שוין פריִער געזאָגט, אַז דו זאָלסט זיך נישט מישן אין יענעם מיסט... זאָלסט נישט אָוועקלייגן אומזיסט דיין בידנע ביסל געזונט. האָסטו מיך אָבער געהערט ווי טראָטל דעם קאָטער!... האָסט געפּאָלגט אַבראַמטשען —האָט זי אַ דערצאָרנטע אָנגעשטעלט אירע בליקן אויף דעם בלומען־פּאַרקויפער. ער האָט דיר געהייסן שיקן בונימשען צונעמען דאָס קינד ביי דער נאַפקע, און איצט רייסט עס פון דיר שטיקער... איצט האָסטו שוין דעם ריכטיקן סימן, ווער עס האָט געהאַט רעכט און ווער עס איז דיר אַן אמתער פריינט...

— גענוג! — האָט דער שניידער אַרויסגעקרעכצט.

— שוין! די נאַפקע איז דיר טייערער פון מיר!... אַז הוסטן זאָל זי מיט גאַל און מיט בלוט, און ווערן זאָל זי דיין אַפּלייזער, זיסער גאָט אין הימל!...

— גענוג!... — האָט דער שניידער אַ קלאַפּ־געטון מיטן פויסט אינעם שפּיץ פונעם טיש, אַזש די גלעזער, דער גראַפין מיטן אייזוואַסער און מיט לימענע האָבן אונטערגעשפּרונגען.

מיין האַרץ האָט זיך געבאָדן אין בלוט און מיינע פיס האָבן זיך אָב־געהויבן אונטערברעכן. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַבראַשענקאָס אויגן האָבן זיך צעשמייכלט אַנטקעגן מיר, עס האָט געטריפט פון זיי מיט גוטס־קייט און מיט ליבע.

— דינאַ, דינאַטשקאַ! —האָט איך געהערט זיין שטים— ביי מיר ביסטו געבליבן די בעסטע, די איידלסטע!...

איך האָב אָנגעשטרענגט דאָס געהער אויפצוכאַפּן פון וועלכן אָרט די שטים קומט. דערהערט אָבער האָב איך טיסעראָס סווישטשען מיט די ליפּן. דאָס האָט ער מיך גערופן. עס האָט מיט מיר אַ וואָרף־געטון. איך האָב מורא געהאַט, אַז ער וועט זיך באַלד אַריינרייסן אין שטוב און וועט קוילען דעם שניידער מיט זיין ווייב... איך האָב אָנגעהויבן ציטערן. די ציין אין מויל האָבן מיר געקלאַפּט. די שניידערן האָט אַ דערשראָקענע זיך אַרומ־געקוקט און מיך דערזען.

איך האָב אָנגעהויבן וויינען און שרייען אויפן קול:

— גיט מיר צוריק מיין קינד! גיכער, גיכער! דער יונג שטייט ביי דער טיר. ער וועט אייך דערהרגענען!... וואָס קוקט איר אַזוי?! איך וויל נישט קיין רחמנות! זי האָט נאָך אַ לעבעדיקע מאַמע!...

— איך האָב מער נישט געקענט רעדן! —האָט זי אַן אויפגערעגטע פאַרבראָכן די הענט— עס איז מיר געוואָרן קאַלט. מיין מויל האָט זיך פאַרשלאָסן. עס איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן...

דער בלומען־פאַרקויפער, וואָס איז די גאַנצע צייט געבליבן שטום, האָט זיך האַסטיק אַ טראָג־געטון צו דער טיר, און איך בין ווי אַ בינטל שמאַטעס אַריינגעפאַלן אין זיינע אָרעמס. ער האָט מיך אַריינגעפירט אינעװייניק און מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל, מיר דערלאַנגט אַ ביסל וואַסער מיט לימענע, און מיט זיין נאַזטיכל געפּאָכעט איבער מיין פּנים. עס איז מיר געוואָרן אַ ביסל לייכטער.

אין זאַל איז געווען שטיל ווי אין אַ קבר. דער אָפּשיין פון עלעקטרישן לאָמפּ איבערן טיש האָט אַלעמען צוגעגעבן אַ קרענקלעכן אויסזען. איך האָב מיך צעוויינט און ברעכנדיק די הענט האָב איך גאָר געזוכט זיי צו איבערצייגן, אַז איך בין נישט שולדיק אין מיין אַבראַשענקאַס טויט.

די שניידערן האָט געקראָגן אַ רחמנותדיק פּנים, אַ באַדעקטס מיט רויטע פלעקן. זי האָט מיר איבערגעשלאָגן די רייד:

— דינע, דינע! נעמט אייך נישט איבער אַזוי שטאַרק!... אפשר איז אַזוי באַשערט געווען? דער, וואָס לעבט אייביק, וועט זיך מרחם זיין! איר זענט שוין גענוג אָפּגעקומען, ווי איז מיר נעבעך!...

— גענוג! —האָב איך מיט די הענט פאַרשטעלט מיין פּנים און האָב געבעטן:— גיט מיר צוריק מיין קינד! גיכער, גיכער! עס קען ווערן צו שפּעט!...

און ווייל זי האָט זיך, ווייזט אויס, געשיבושט, האָב איך אָנגעהויבן דערציילן וועגן טיסעראַס נקמה־געפילן און וועגן זיינע פּלענער:

— ביי אייך בין איך טאַקע נישט מער ווי אַ נאַפקע —האָב איך צוגעגעבן— אָבער איך וויל נישט קיין אומזיסטע קרבנות... איך אַליין בין די איינציקע באַלעבאָסטע איבער מיין און בלומיטשקעס לעבן!...

— עס איז נישט ווי איר מיינט, דינע! —האָט זיך אָפּגערופן דער בלומען־פאַרקויפער, און אין זיינע אויגן האָט געברענט אַ הייליקער שיימער. — ווען מיר האָבן נישט קיין באַדויער צו אייך, וואָלט איר איצט נישט געווען צווישן אונדז... אָבער, איר מוזט דאָך פאַרשטיין, מיט וועמען איר האָט צו טון... און אויב, —האָט ער צוגעגעבן מיט האַרציקייט— אויב איר דענקט אומצוברענגען זיך מיטן קינד, וועט איר דאָך דערמיט צוהעלפן דעם יונג צו זוכן ווייטערע קרבנות, ווייל מיט אייך האָט זיך אים פולשטענדיק איינגעגעבן!...

— וואָס ווילט איר פון מיר?

— מיר ווילן אייך אַרויסנעמען פון אים!... איר טאָרט מער נישט זיין קיין מיטבאַטייליקטע אין זיינע פאַרברעכנס!...

זיין שטים איז געווען פעסט און מאָנענדיק.

— נישט איצט! איר ווייסט נישט אויף וואָס ער איז פעיִק — האָב איך געשריִען ווי אַן אָנגעצונדענע פון שרעק און האָב געקוקט צו דער טיר און זיך געבעטן:

— גיט מיר מיין קינד! גיכער, גיכער! אויב נישט וועט ער דאָ באַלד זיין!...

— אדרבא, זאָל ער פרווון! — האָט אַבראַמטשע אויסגערופן דער־צאָרנט. — ווו לעבן מיר?! וואָס טוט זיך דאָ אייגנטלעך? דער יונג האָט דאָך גאָר מורא פאַר אונדז! ער איז אַ פּחדן! איך קען אים. ער איז אַ ווערעמ־דיקע פלאַנץ און מען מוז זי אַרויסרייסן מיטן וואָרצל. קיין סימן טאָר נישט בלייבן!...

— אַבראַמטשע הארץ! גאָט איז מיט אייך! —האָט די שניידערן גע־בראָכן די הענט און גערעדט דורך טרערן— אפשר איז דינעשי, נעבעך, גערעכט?... אפשר טאָרט איר טאַקע נישט קריכן אין דער בלאָטע?... חוץ דעם, —האָט זי ווי אַראָפּגעשלונגען די ווערטער— מוזן מיר דאָך פריִער וויסן, ווו מיר האַלטן מיט דינעשין... אפשר האָט אים דינעשי אויף אַן אמתן ליב, איז דאָך נישט שייך אַריינצומישן זיך בחינם אין יענעמס גליק...

— נישט אין דעם גייט עס! —האָט דער שניידער אַ געערגערטער אַריינגערעדט אין ווייבס פנים. — מיט דינעשין זענען מיר אויף אַ גלייכן וועג, אין דעם איז גאָרנישט קיין צווייפל... אָבער ווי אַזוי הייבט מען אָן אַ מלחמה מיט דעם רוצח?!

— וואָס איז עס דיין באָבעס דאגה? —האָט אים דאָס ווייב געוואָרנט — דאָס לאַנד איז פאַרפלייצט מיט דעם דאָזיקן מין. די מאַכט איז טויב און בלינד. ווילסטו, מענדלשי הארץ, איינשטעלן דיין בידנע לעבן און דאָס לעבן פון אונדזערע קינדער?...

— שרייט נישט אַזוי! —האָט דער בלומען־פאַרקויפער גערעדט שטיל און איבערצייגנדיק— עס וועט קומען אַ טאָג אויך אויף די „גרויסע קאַרפּן־קעפּ"... וואָס מיינט איר, די וועלט איז הפקר? דאָ גייט דאָך נישט מער ווי אין אונטערהאַקן די פליגלען אַ צעבאַלעוועטן אויסוואורף, אַ פּוסטעפּאַסניק!... זאָל ער דאָרט שטיין אַ גרייטער מיטן מעסער! ער וועט אַהער נישט קומען, איך וועט מיך מיט אייך אויף וואָס איר ווילט!...

— וואָס האָט איר צו מיר?! מיר האָבן זיך געניג געמאַרדעוועט צוצו־קומען צו עפּעס — האָט די שניידערן אָנגעהויבן וויינען — איר האָט זיך פאַרעקשנט, איר ווילט דווקא אָנהייבן דאָס פייער פון דאַנען, פון מיין שטוב, אַ ...

איך האָב נישט געזען קיין בייזוויליקייט אין איר ציטערן פאַרן יונג, און כדי וואָס גיכער צו אַנטלויפן פון דער שאַנדע, וואָס האָט געשמיסן מיין פּנים, אַנטלויפן פון מיר אַליין, האָב איך אָנגעהויבן שטרענגער צו פאָדערן:

— גיט מיר צוריק מיין קינד! הערט מיך אויף צו פּייניקן!...

דערווייל האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן סיגנאַלן פון פּאָליציי־פייפלעך. דער שניידער מיטן ווייב זענען דערשראָקענע צוגעלאָפן צום פענצטער; זי האָט געשריגן ווי אַן אָפּגעבריטע:

— מענדל, מענדלשי! ווו זענען אונדזערע קינדער? ווי איז מיר נעבעך!...

דער שניידער האָט אַ דערפרייטער אויסגעדרייט צו מיר דאָס פּנים און אויסגעשריגן:

— דינע, דינעשי! זעט, זעט! גאָט איז אַ פאָטער און ער האָט זיך מרחם געווען!...

זי האָט אַ פּאַטש־געטון מיט די הענט און איז אַרויסגעלאָפן זוכן אירע קינדער, שרייענדיק אויפן קול:

— אין זכות פון אייער מאַן, וועט דער יונג ווערן די כפּרה!...

פון אָנהייב האָב איך נישט באַנומען וואָס דאָ קומט פאָר. ערשט ווען איך האָב אַרויסגעקוקט אין געסל, האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. עס איז געווען אַ מהומה און אַ געלויף פון קליינוואַרג און דערוואַקסענע, מענער און פרויען. קולות האָבן זיך געטראָגן. אַ נידעריקער סטראַזשניק מיט אַ טאַשנלעמפל אין איין האַנט און אַ רעוואָלווער אין דער צווייטער האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג צווישן נאַראָד און געשריגן: בלייב שטיין! איך וועל שיסן!...

ווייט פאָרויס איז געלאָפן טיסערא. אַלץ הייסט געלאָפן!... זיינע לאַנגע פיס האָבן, דאַכט זיך, נישט באַרירט די ערד... ער האָט געשוועבט, גע־שפּרונגען איבער גריבער מיט בוי־מאַטעריאַלן און פעסער מיט פאַרב און מיט קאַלך. דער נאַראָד איז אים פאַרלאָפן דעם וועג, געפאָכעט מיט די פויסטן: בלייב שטיין, דו אויסוואורף!...

טיסערא האָט לויפנדיק אַרויסגעכאַפּט זיין מעסער און עס אַ וואָרף־געטון צווישן נאַרדאַ. דער רינג אַרום אים איז געוואָרן לויזער, עמיצער

האָט געקווייטשעט פון ווייטיק. דער סטראַזשניק האָט זיך אָנגעבויגן אוןביים רויטן שיין פון זיין לעמפּל געזוכט דעם פאַרוווּנדעטן.

דער יונג האָט אויסגענוצט די פּויזע, און אַ געטריבענער פון פּחד האָט ער זיך אַ הייב־געטון ווי אויף פליגלען און געפלויגן אַראָפּ, אַראָפּ צו דער באַן־ליניע, וואָס האָט איבערגעשניטן דאָס געסל...

איך האָב געהערט די סיגנאַלן פון באַן־וועכטער און געזען די פייער־דיק־רויטע אויגן פון צווייַ באַנען, וועלכע האָבן זיך דערנענטערט מיט אימפּעט, געקלימפּער און ווי ריזיקע בייכיקע שוואַרצע שלענג האָבן זיי זיך אַריינגעוויגט אין דער נאַכטיקער טונקלקייט...

איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און מיט ציטערדיקע הענט געדריקט צו מיר מיין קינד. די רגעס האָבן געדויערט אייביקייטן... איך האָב געהערט טיסעראָס לעצטן פאַרצווייפלטן קוויטש...

איך געדענק נישט געננוי ווי לאַנג איך בין געשטאַנען און מורא געהאַט אויפצופענען די אויגן... ערשט שפּעטער האָט מיך דער בלומען־פאַרקויפער אָנגענומען פאַרן אַקסל און זיך אָנגערופן:

— שוין!... ער איז אַריינגעפלויגן צווישן די באַנען ווי אַ שמעטער־לינג אין פייער אַריין! קומט!...

איך האָב געעפנט די אויגן און האָב געזען בונימלען מיט זיין שוועס־טערל שטיין לעבן טאַטע־מאַמע, צעטומלטע און דערשראָקענע. עס איז גע־ווען אוזשאַסנאָ שטיל...

אַבראַמטשע האָט געזאָגט:

— קומט! איר מוזט זיין ווייט פון אייערע אַמאָליקע באַקאַנטע. קומט!...

איך האָב גאָרנישט געטראַכט. איך בין געווען דערשיטערט... איך בין אים שווייגנדיק נאָכגעגאַנגען.

**
*

אַן אויסגעשעפּטע און ווי אַן אויסגעלייזטע פון אַ דריקנדיקער לאַסט האָט זי נאָך אַ לענגערן טראַכטן אויפגעהויבן צו מיר איר בליק, און שמייכ־לענדיק אַריינגעקוקט טיף־טיף אין מיינע אויגן, אין האַרצן, כדי אויפצו־נעמען דעם איינדרוק, וואָס איר דערציילונג האָט געמאַכט אויף מיר.

עס האָט געוויט פון איר מיט אַ לייכט געמיט, מיט קינדערישער נאָכ־גיביקייט און מיט יענעם הייליקן ציטער פון די אַמאָליקע ווייבער, נאָכן אויסוויינען זיך ביי תשליך אָדער סליחות.

אַרום איז געוואָרן טונקעלער. לעצטע גאָלד־פּאַסמעס פון דער פאַרגיי־ענדיקער זון זענען אַריינגעפאַלן דורך דעם אָפענעם פענצטערל און ווי ווייכע געפלאָכטענע שנירן פון זייד און פון סאַמעט זיך געוועבט אַרום איר הויך העלדזל און באַשטראַלט איר אויסגעאיידלט פּנימל.

זי האָט אויפגעהערט צערעווען, אַריינגעלייגט דאָס בינטל וועש אין שטרויענעם קויש און אים אַוועקגעשטעלט הינטערן דיוואַן. זי האָט זיך אויסגעגלייכט די פלייצע און נחתדיק געזיפצט, זיך אַריינרוקנדיק טיפער אין די וואָלענע קישעלעך פונעם אַנשפּאַר. פאַרפלעכטנדיק אירע שמאָלע כמעט קינדישע הענטלעך אַרום אירע אויפגעהויבענע קניִען, האָט זי אַ זאָג געטון מיט דערלייכטערונג:

— מאַדאַם. נעמט נישט פאַר אומגוט מיין פשוטע האַלטונג. איך טו עס נישט אויס מאַנגל פון רעספּעקט צו איך, חלילה!... עס איז גראָד פאַרקערט, אַזוי ווי אַן אויסדרוק פון ליבשאַפט פון דאַנקבאַרקייט.... איך האָב ליב צו זיצן אין אַזאַ באַקוועמער פּאָזע. מסתמא, אַן איבערבלייב פון אַמאָליקע גוטע צייטן, — האָט זי פאַרלעגן געשמייכלט.

אַזוי פלעג איך אָפט זיצן מיט אַבראַשענקאַן לעבן דער הייסער הרובע אין דער גרויסער סטאָלאָווע פון דיאַדיושקאַס שטוב. עס איז געווען אַזוי ליב צו הערן, ווי דאָס האָלץ האָט געקנאַקט, פאַרצוקט ווערנדיק אין די פלאַמען, און דער שניי האָט געקלאַפּט אין די פאַרמאַכטע לאָדנס, געקלאַפּט און גערופן אין זיין סודותפולן צוזאָג...

דער דיאַדיושקאַ פלעגט זיצן אַנטקעגן אונדז און רויכערן זיין זיל־בערנע פייקע, אָדער טרינקען טיי און דערביי דערציילן איין געשיכטע נאָך דער אַנדערער, דערציילן וועגן זיינע רייזעס איבער יאַפּאַן און כינע און וועגן זיינע באַגעגענישן מיט יידישע שנאָרערס אויף די גאַסן פון לאָנדאָן. אַמ־ערסטן אָבער האָט ער אונדז פאַרינטערעסירט מיט זיין דערציילן וועגן לעבן פון יידן אין די שטעטלעך פון ווייטן ראַסיי, פון בעסאַראַביע, בוקאָווינע, פוילן און רומעניע. דער דיאַדיושקאַ האָט באַוואונדערט זייער גלויבן און זייער אויסדויער, און מער פון אַלץ האָט ער געלויבט זייער כוח אינעם נישט דערלאָזן, אַז די פּויערים זאָלן זיי אויסשעכטן ווי געבונדענע לעמער...

ער האָט אונדז אַ סך מאָל איבערדערציילט וועגן דער צייט פון דער כמיעלניטשינאַ... און נאָך יעדן מאָל דערציילן פלעגט ער אויפהויבן צו אונדז זיינע גרויסע גוטע אויגן און קאָנטשען מיט אַ זיפץ: — דאָס לעבן, רעביאַטאַ, איז זיס און שיין. דערפאַר דאַרפן מיר עס ליבן און נישט לאָזן מען זאָל עס אונדז פאַרנימאוסן...

— און ביז היינט פאַרשטיי איך גאָרנישט זיין וואָרענען אונדז!... — האָט זי אומעטיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — ער אַליין האָט זיך נישט אויס־געהיט, מיין אָרעמער, מיין גוטער דיאַדיושקאַ!...

— אָ, מאַדאַם! איר זענט אַזוי סמוטנע. איך זע. איר ווערט שוין אומ־געדולדיק. און איך וואָלט וועלן אויסשעפּן אַלע איבערבלייבעכצן אין מיר!... און מיין געדאַנק איז נישט גאָר אַקוראַטנע... — האָט זי פאַרטראַכטערהייט גערעדט קוקנדיק ערגעץ ווייט־ווייט!

— יאָ. איצט ווילט איר אַוודאי וויסן, ווי אַזוי איך קום אַהער אין אָט דעם בידנעם אוגאָל. נישט אַזוי? און דאָ גאָר קריכן אַרויס פון מיינע גע־הירן אָט אַזוינע טשודנע און שוין לאַנג־לאַנג פאַרגעסענע זיסע טרויערי־קייטן... אָט זע איך ווידער די קליינע כאַטקעלעך פון אייער שטעטל און איך זיץ מיר אין אָט דער באַקוועמער פאָזע אויף אַ שמאָל קבצניש סאָפ־קעלע, און קליינוואַרג, אומשולדיקע ווי ציגעלעך, הערן מיך זינגען און דערציילן מעשהלעך...

אַ טשודנער נאַראַד איז עס געווען! טשודנאַ אין זיין אומוויסנהייט און אין זיין רירנדיקער ליבשאַפט צום בידנעם לעבן. נישט אַזוי, מאַדאַם?

יאָ. ביי אייך איז דער זכרון צעפלאָכטן. ער שפּרינגט אַרום ווי אַ זשוואָווענקע טייבעלע אין אַ פאַרמאַכט שטייגל... און מיין זכרון איז ווי צוגעבונדן נאָר צו איין פּונקט, און דאָס איז נישט גוט!... תמיד אַרומגע־רינגלט מיט כמאַרעס... מיט מתים!...

וואָס? עס איז נישט אַזוי ווי איך זאָג?... אַ דאַנק אייך, איר זענט אַזוי ליבנסווירדיק, און ביי אייך בין איך אַ מענטש מיט אַ קלאָרן פאַר־שטאַנד. אַך, ווי טשודנאָ עס איז!...

זי האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנט און קושנדיק זי געדריקט צו איר איינ־געפאַלענער ברוסט. ווען זי האָט זיך באַרויִקט האָט זי אַריינקוקנדיק אין מיין פּנים ווידער אָנגעהויבן:

— עס איז נישט ערלעך, מאַדאַם, צו נישטערן און צו גראַבלען אַ נשמה און צו וועלן אַרויסרייסן פון איר דאָס, וואָס זי קען נישט און טאָר נישט אַנטפּלעקן פאַר קיינעם... איר ווידער, זענט אַ טשודנע אין אייער מאַכן זיך, אַז איר ווילט גאָרנישט אַריינקוקן טיפער אין די טונקעלע זאַלן פון מיין האַרץ... אָבער אין דער אמתן איז עס דאָך פאַרט נישט אַזוי! — האָט זי גוטמוטיק זיך צעשמייכלט. — איך ווייס, אייער געדאַנק דרייט זיך נאָך אַלץ אַרום יענער דינעלע, ווייל יענע האָט דאָך אייך פאַרינטערעסירט און געבראַכט אַהער, נישט אַזוי?... און איר זוכט און איר ווילט געפינען כאָטש

אַ קאַפּיטשקע שיינקייט פון איר, און עס וועט זיך אייך נישט איינגעבן. ביין, ביין!

— אַ סך מאָל, מאַדאַם, אין מאָמענטן, ווען כ'וויל אַרויסקריכן פון דעם דאָזיקן צושטאַנד, דערפיל איך ערשט, וואָס פאַראַ רעטעניש דער מענטש איז אָפּט פאַר זיך אַליין... יאָ, יאָ! שמייכלט נישט פון מיין פילאָזאָפיע. איר זענט אַ פּיסאַטעלניצאַ, און איר טאָרט זיך נישט באַגרענעצן. איר הערט?

— איז איר שטים געוואָרן גרעבלעך, מיד.

קיינער, מאַדאַם, איז נאָך נישט אַריבערגעוואַקסן די ברעגעס פון זיין אייגענעם איך, און ווי עס זעט אויס, האָט יעדערער פון אונדז אייניקע האַרטע שאָלעכצן אויף זיין נשמה. יאָ, יאָ! וואָלט עס געווען אַנדערש ווי איך זאָג, וואָלט די נשמה גאָר גיך אוניטשטאָזשעט געוואָרן... די ליידן וואָלטן זי פאַרקריפּלט, און עס וואָלט פון איר קיין זכר נישט געבליבן... ווייל אין אַ לעבן אָן זיגזאַגן — האָט זי אַ קלאַפּ געטון מיט צוויי פינגער — קען זיך קיינער נישט אַראָפּלאָזן צום ענדלאָזן ראַנד פון זיין באַהאַלטענער נשמה. ווען עס קומען אָבער אויפטרייסלונגען, צרות, רייסן זיי פּאַמעלעך אַרונטער פאַנצער נאָך פאַנצער, און די נשמה בלייבט אַ נאַקעטע, אַן אַנטבלויזטע פאַר זיך אַליין, אָבער אַ סודותפולע פאַר דעם אַרום... און זי ציטערט אין בלוטיקן פיין און שרעקט זיך פאַר איר שפלדיקייט...

מיין דיאַדיושקאַ פלעגט עס מיר געבן צו פאַרשטיין אויף אַזאַ אופן:

— דינאַ, דינאַטשקאַ! דו וועסט זיין דאָס, וואָס עס איז אונטער דעם פאַנצער ביי דיר... איך וואָלט וועלן לעבן הונדערט מיט צוואַנציק יאָר כדי דיך צו קענען העלפן, ווען דיין נשמה וועט בלייבן אַ נאַקעטע...

נו, ווען איינער האָט גאַרנישט אונטער דעם פאַנצער פון זיין וועזן, איז דאָך נישטאָ וואָס צו דערוואַרטן! נישט אַזוי, מאַדאַם? עס איז ווונדערלעך נישט מורא צו האָבן פאַר אַ נאָענטן און זיך ווייזן פאַר אים אַזוי ווי מען איז, נישט מורא צו האָבן פאַרן אויג, וואָס הייבט אויף דאָס לעצטע פאָרהאַנגל איבער דיין נשמה, אדרבא, פאַרלאַנגען פון אים, ער זאָל אַראָפּנידערן ביז צום גרונט און זאָל דיך ווירקלעך דערקענען...

עס איז אומנוצלעך, מאַדאַם, אייער זוכן יענע יונגע דיעוואָטשקאַ. עס איז געבליבן נישט מער ווי אַ פעדימל פון יענעם שטיק סאַמעט... איצט איז עס נישט מער ווי אַ שאָטן, וואָס טוקט זיך, צאַנקט און לעשט זיך נישט אויס...

עס איז זיסער פון האָניק און הערלעכער פון די טייערסטע פּערל צו האָבן אַ פריינט, וואָס גלייבט דיר... אַ פריינט, וואָס ביטרעוועט דיך נישט

איבער און ליבט דיך אַזאַ ווי דו ביסט. אָט דאָס הייסט גליק!... — האָט אַ ליכטיקער שמייכל געריזלט אַרום איר אויפגעציטערט מײלכל.

וואָלט בונימלס מאַמע געווען אַזאַ ווי איר, — דאַן וואָלט עס אפשר געווען אינגאַנצן אַנדערש... אָבער יענע האָט מיך געהאַניעט... יענע האָט מיר געהאָלפן אַריינצופאַלן אין דעם יונגס הענט... און עס איז דאָך נישט מער ווי מענטשלעך אַריינצופאַלן אין אַ נעסט, וואָס ווייזט דיר אויס צו זיין דיין איינציקער אָנשפּאַר... און דאָ צווישן דעם בידנעם נאַראַד האָבן איך קיינמאָל נישט געפילט קיין מורא, נישט פאַרשטאַנען צו ווערן...

די דאָזיקע בידנע מיידלעך האָבן נישט קיין מורא פאַר דער מיינונג פון „בעסערן" נאַראַד... זיי האָבן מער קיין מורא נישט, ווייל די פאַנצערס פון זייערע נשמות זענען שוין פון לאַנג צעשטויבט, צעבראַכן, און דער־פאַר האָב איך זיי ליב... איר מעגט עס וויסן!...

יסורים זענען שטאַרקער און באַשטימטער פון דער געטלעכקייט... שיינע מאַנירן און גאַסטפריינטלעכקייט זענען נאָך נישט דער אויסדרוק פון אונדזער וואַזשנעם כאַראַקטער... און איך וויל נאָר זיין געוויסנהאַפט מיט אייך, ווייל דעם דאָזיקן פעדימל פון יענעם פאַרברענטן שטיק סאַמעט איז דאָך שוין מער גאָרנישט פאַרבליבן...

— ענדלאַז איז דער צער פון די אייביקע זוכער! — האָט זי ביטער געשמייכלט. — עס וואָלט געווען גרונטלאַז און צביעותדיק אייער אויסהערן מיך און נאָך דעם מיך פאַראַכטן... זייט נישט ברוגז פאַר מיין אויפריכ־טיקייט... קיין שום אַנדערע וואָפן צו באַרעכטיקן מיין לעבן איז דאָך מיר נישט צוגעטיילט געוואָרן... און איך וויל גאָרנישט טון כדי אייך צו געפעלן אָדער אַרויסצורייסן מיטלייד...

איך בין זיכער, אַז איר וועט מיך נישט סודיען צום שלעכטן... מען קען נישט, מאַדאַם, רעדן וועגן אַן ענדלאָזן טרויער און בלייבן מיט פאַר־מאַכטע טירעלעך פון האַרצן... און וואָס גייט מיר, איבערהויפּט, אָן אייער מיינונג!... האָט שוין עמיצער געקענט זיך אָפּגעבן רעכענונג, וואָס אַזוינס עס הייסט נאַכט, אייביקע נאַכט!?...

**
*

יאָ, איך געדענק! ווי עס וואָלט עס ערשט נעכטן געשען. ווען מיין פריינט האָט מיך באַלד נאָך יענער פּאַסירונג אַוועקגעפירט פון מענדל דעם שניידער, בין איך געווען אומפעיִק צו טראַכטן. אָט ווי אַ פויגל, וועלכער

האָט זיך צופעליק געראַטעוועט פון יעגערס ביקס, און ער פליט אַ פּאָר־חלשטער פון שרעק, און ער טראָגט זיך, שוועבט אין ענדלאָזע כמאַרעס, און ווייסט נישט ווו עס איז זיין נעסט, ווו ער זאָל זיך אַראָפּלאָזן און זיך באַהאַלטן...

ווען מיין פריינט האָט מיך, ענדלעך, אַריינגעפירט אין אַ גרויסן גאָרטן, איז אים אַנטקעגן געלאָפן אַ הונט מיט ווייסע קוטשערן און מיט שוואַרצע אויגן. מיין פריינט האָט אים אַ גלעט געטון די מאָרדע און גערעדט צו אים ווי צו אַ מענטשן:

— שווייג! איצט האָב איך נישט קיין צייט פאַר דיינעטוועגן!...

דער הונט האָט פריידיק אַרומגעטאַנצט אַרום אים, אונטערגעבילט, און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק צווישן די הינטערשטע פיס איז ער אַוועק פאַרויס און מיר זענען אים נאָכגעגאַנגען.

עס האָט געשלאָגן מיט קילע ריחות און מיט זאַפט פון איבערגעצייטיקטע פרוכטן. איך האָב געהאַט דעם געפיל, ווי איך וואָלט פלוצלינג אַריינגעפאַלן אין אַ וואַנע פון פערפומען. איך האָב אַ ווילנסלאָזע זיך אַראָפּגעלאָזט אין גראָז און מער נישט געוואָלט אויפשטיין...

מיין פריינט איז מיטן שלאָפנדיקן קינד אויף די הענט, אַוועק אין שטיבל, געמאַכט ליכטיק און איז צוריק אַרויסגעקומען אָן איר. ער האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנט, מיך אויפגעהויבן פון גראָז און אַריינגעפירט אין כאַטקעלע. דער הונט איז אונדז נאָכגעלאָפן. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט ביי דער שוועל, אונדז נאָכגעקוקט מיט זיינע קליינע אייגעלעך און צופרידן אונטערגעקרעכצט, אַט ווי אַ מענטש נאָכן אָנזעטיקן זיך...

די קליינע איז געזעסן אויף אַ קליינעם ווייגשטול און געבראָכן פיסקעס. מיין פריינט האָט זי אויסגעטאָן נאַקעט, און צו מיר האָט ער געזאָגט: — מיר וועלן איר מאַכן אַ קילע וואַנע, וועט זי נאָכדעם שלאָפן רויִק. און דערנאָך, אויב אייך איז אָנגענעם, באָדט אייך אויך אויס, וועט איר ווערן ווי ניי־געבוירן. היינט האָט עס געברענט ווי אין אַ קאַלכויוון! — האָט ער אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט מער נישט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן.

ווילנסלאָז בין איך אים נאָכגעגאַנגען אין אַ דערבייאיק קליין חדרל פון ברעטער. ער האָט דאָרט אָנגעצונדן אַ ליכט אין אַ מעשן לייכטערל און האָט אַריינגעשטעקט די פינגער אין דער בלעכענער וואַנע מיט וואַסער וואָס איז דאָרט געשטאַנען לעבן אַן אָפן פענצטערל.

— דאָס וואַסער האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געוואַרעמט אַנטקעגן דער זון
— האָט ער וואַרעם געשמייכלט. — עס איז אַ מחיה צו נעמען אַ באָד!...

ער האָט צוגענומען פון מיין האַנט די קליינע און זי אַריינגעשטעלט אין וואַסער. זי האָט געמאַכט אַ געוואַלד, זיך געריסן צו מיר און געשריען: פּאַפּאַ טיסעראַ!!...

דער הונט האָט אָנגעהויבן שפּרינגען אַרום מיר, אַריינגעבילט אין מיין פּנים און אברהמל האָט אים געגלעט איבער דער ברייטער מאָרדע און גע־רעדט צו אים ווי צו אַ מענטשן:

— פּירפּאָ! פיר זיך אויף לייטיש, וועלן מיר אויך דיר באַלד מאַכן אַ בעדל און דיר געבן עפּעס צום נאַשן!...

ער האָט מיר דערלאַנגט אַ שטיק שמעקעדיק זייף און האָט מיר גע־האָלפן וואַשן די קליינע. זי האָט זיך דערווייל אַ קאַפּעטשקע באַרויִקט, האָט מיט די הענטלעך געפּליעסקעט אין וואַסער, זיך געשפּילט מיט די ווייסינקע מילינקעס. אָבער ווען זי האָט אַ קוק געטון אויף אברהמלען האָט זי זיך ווידער צעוויינט: — פּאַפּי טיסעראַ!...

איך האָב אים געזאָגט, אַז אָן אַ וואַרעם פלעשל מילך גייט זי נישט שלאָפן. האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט: — ווען מען לאַדט איין געסט, מוז מען זיי באַזאָרגן מיט אַלעם גוטן, און אַבי דער גראָשן פעלט נישט אויס, לעבט מען דאָ ווי גאָט אין אַדעס!...

ער האָט אַרויסגענומען פון דער שאַפּקע אַ גרויסן ווייסן האַנטוך און מיט אַ טאָן אַ היימישן, ווי ער וואָלט געווען מיינער אַן עלטערער ברודער, געזאָגט:

— נעמט אַרויס די קליינע פון וואַנעלע, און איך וועל דערווייל אַ לויף טון קויפן אַ מיזויקל. דאַן וועל איך מאַכן פייער און אויפקאָכן מילך.

ווען ער איז געקומען צוריק בין איך געזעסן אין אַ ווינקל אויף אַ נידעריק קלעצל און געהוידעט מיין קינד. עס האָט פון איר געשמעקט די ריינקייט, און זי האָט אַרויסגעשיינט פון ווייסן האַנטוך. אברהמל האָט איר דערלאַנגט אַ פלעשל מיט וואַרעמען מילך און דאָס קינד האָט געהאַלטן אויף אים אירע ברייטע בליקן, פולע מיט אומצוטרוי און מיט בענקשאַפט.

ווען זי האָט אויסגעטרונקען דאָס מילך און האָט פאַרמאַכט אירע איי־געלעך, האָט ער זי געטריי צוגענומען פון מיינע הענט, זאָגנדיק:

— דינעלע! איך וועל אָוועקלייגן דאָס קינד, וועל איך צוגרייטן אַ טאָפּ מיט וואַרעמע וואַסער, און אַז איר וועט זיך אויסבאָדן, וועט איר ווערן אַ נייער מענטש...

ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם שווערן פאָרהאַנג איבערן טירל און אַרויס־געגאַנגען. עס האָט קיין סך נישט געדויערט, און ער האָט געבראַכט צוויי קעסלען מיט וואַרעמע וואַסער. ריין געמאַכט דאָס וואַנעלע און איז אַוועק צום קינד. איך האָב מיך לאַנג געבאָדן, געזייפט און די שרעק איז געוואָרן שטילער. אָבער קיין ברעקל ווילן צום לעבן איז אין מיר נישט געווען.

אברהמל האָט, דורך אַ שפּאַרע פון אָפּגערוקטן פאָרהאַנג, מיר דער־לאַנגט אַן אַלטן ריינעם באָדמאַנטל. און ווען איך בין צוריק אַרויסגעקומען, האָט ער אויסגעלאָשן דאָס ליכט און אָננעמענדיק מיך פאַרן האַנט, אַריינ־געפירט אין כאַטקעלע.

די קליינע איז געלעגן אויפן ברייטן ווייס־באַצויגענעם בעט. אויף אַ קליין נאַכט־טישעלע איז געשטאַנען אַ נאַכט־לעמפל מיט אַן אַבאַזשור פון רויטע קרוזשעווס. עס איז געווען אָנגענעם־שטיל און היימיש.

ער האָט אַרויסגענומען פון שאַפקעלע אַ ריין ווייבעריש נאַכטהעמד מיט קורצינקע אַרבל, האָט עס אַוועקגעלייגט אויפן בעט און מיט אַ היימישן טאָן מיר געזאָגט:

— דינעלע! דאָס איז אייער היים אויף אַזוי לאַנג, ווי איר וועט וועלן, און ווי לאַנג עס וועט אייך געפעלן... ווען איר וועט זיך דערפילן אומבאַקוועם, זאָלט איר מיר זאָגן... און איצט זאָגט, וואָס ווילט איר עסן?

— גאָרנישט. אַ דאַנק אייך! איך פאַל פון די פיס...

ער האָט אַ מאַך געטון מיטן האַנט און איז אַרויס פון שטיבל. ער איז געקומען צוריק ווען איך בין שוין געלעגן אין בעט לעבן מיין קינד און האָט אַוועקגעשטעלט אויפן ראַנד פון בעט אַ הילצערן טעצל מיט אַ שי־סעלע פרישינקע פלוימען און באַרעלעך, נאָרוואָס אָפּגעריסענע פון בוים.

— טוט אַ נאַש, דינעלע! — האָט ער מיך אַרומגענומען מיט אַ וואַ־רעמען בליק, — וועט איר קענען שלאָפן געשמאַק. — און ער האָט אַ גלעט געטון דעם קינדס קעפל.

ער האָט נאָכדעם אַראָפּגעלאָזט דעם שווערן פאָרהאַנג איבערן אָפענעם טירל, געזאָגט אַ „גוטע נאַכט" און איז אַוועק.

איך האָב געוואָלט בלייבן אַליין, כדי זיך אויסצורוען, אָבער דער שלאָף איז נישט געקומען. איך האָב נישט געקענט באַנעמען די פּלוצימדיקע ענ־דערונג אין מיין לעבן. עס האָט אויסגעזען עפּעס ווי אַן אויסטראַכטעניש פון אַ קראַנקער פאַנטאַזיע.

פאַר מיינע אויגן האָט זיך געדרייט דעם יונגס צעוואָרפענער גוף דאָרט

אויף די שינעס אַנטקעגן דעם שניידערס שטוב. די קולות פון די מענטשן האָבן געקלאַפּט אין מיין קאָפּ, געזשומעט און נישט געגעבן קיין רו.

און אַרום מיר האָט עס געאָטעמט מיט דאָרפישער נאַכט. די קאָמנאַטקע איז געווען פירעקיק, נידעריק. אויפן פּאָל פון גרויסע רויטע, מאָזאַיקעס איז געלעגן אַ גרויסער, שוואַרצער טעפּיך פון טייערן וואָל אַרומגעזוימט מיט גרינע קאַנטן. אין די ווינקלען זענען געשטאַנען צוויי טעפּ פון רויטן שטיין מיט הויכע רויזן־וואַזאַנעס. אויף אַ פּאָליצע איז געשטאַנען אַן אַלטער גראַמאָפאָן מיט אַ פּאָר אַלטע פּליטן, עס איז געלעגן אַ האַרמאָשקע און אַ פּאָר ביכער אָן טאָוולען.

הינטער דעם ברייטן פענצטער מיט גרינע געפלאָכטענע דראָטנעצן זענען אומגעפלויגן גרויסע נאַכטפליגן מיט גרינע און רויטע אייגעלעך ווי פייער־פונקן און שטיקער נאַכטיקע שיין ווי גרויסע בורשטינענע קרעלן זענען אומגעשוווּמען צווישן די ווייסע און בלויע רויזן־בלעטער און זיי באַשיינט און באַקרוינט, ווי עס ווערן באַקרוינט די ווייסע העלדזלעך פון יונגע כלה־מיידלעך.

ניגונים און סודותפולע קלאַנגען פון אינזעקטן האָבן אָנגעפילט דאָס כאַטקעלע און געוועקט אין מיר אַזאַ זיסן אומעט און עפּעס אַזאַ מאָדנע מורא צו שטערן דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן יונגנמאַן, וואָס האָט מיך אויפ־געהויבן פון מיסט און מיך אַריינגעפירט אין זיין ערדישן גן־עדן.

עפּעס האָט זיך אין מיר צעבונדן און עס האָט מיך אַראָפּגעטראָגן פון בעט. ביים טירל האָב איך אַרויפגעטראָטן אויף אַ גרויסער טשערעפּאַכע איך האָב פון שרעק אַ קוויטש געטון. האָט מיין פריינט זיך אַריינגעשטעלט אין טירל און האָט פריינטלעך געפרעגט:

— איר האָט זיך דערשראָגן פאַר דעם ליבן באַשעפעניש? איך האָב פאַרגעסן אייך צו זאָגן, אַז זי ליגט תמיד אונטערן בעט אָדער שפּאַצירט אַרום ווי אין איר טאַטנס וויינגאָרטן... און טאָמער ווילט איר ביינאַכט אַרויסגיין, האָט נישט קיין מורא. פּירפּאָ ליגט אַ געבונדענער...

און ער האָט אויסגעזען אַזוי באַנגיק, אַזוי פאַרשטענדלעך ווי אַ קלוי־גער זקן...

**
*

— יענע נאַכט וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן! — האָט זי אַ שווערן זיפץ געטון. — עס האָט זיך ביי מיר אויסגעבילדעט אַ מורא פאַרן יונג... אַ מורא, וואָס האָט ווי אַ וואָרים גענאָגט מיין געמיט און צעפרעסן מיין

פאַרשטאַנד. אַ שאַרף פון אַ צוייג, דער קלאַנג פון אַ גיטאַרע, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון ערגעץ נישט ווייט, האָט געמאַכט ציטערן מיינע נערוון און מיין בלוט. איך האָב מיך איינגעקנוידערט אינעם ליילעך, באַגראָבן מיין קאָפּ אונטערן קישן, און מיט די הענט פאַרשטאָפּט מיר די אויערן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן...

די מורא האָט געפלייצט פון מיין טיפסטער טיפעניש און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער יונג שפּאַנט אַרום אין גאָרטן. אין איין האַנט האַלט ער אַ נאַכטלאָמפּ און אין דער צווייטער זיין מעסער. און ער זוכט מיין פריינט. ער וועט אים קוילן. און שפּעטער וועט ער קומען און מיך נעמען צוריק אַהין, און מיך ווידער צווינגען זיך אָפּצוגעבן מיט יענעם מין...

איך האָב גערופן מיין פריינט, גערופן איין מאָל און נאָך אַ מאָל, און ווען ער האָט זיך נישט אָפּגערופן, בין איך ווי אַ משוגענע אַראָפּ פון בעטל, פאַרהאַקט דאָס טירל און, ווי אַ ציטערדיקער פויגל, זיך אַריינגערוקט אין אַ ווינקל און געווישט דעם אַנגסטלעכן שווייס פון מיין פּנים...

עס איז מיר געווען אַזשאַסנאָ קאַלט. די ציין אין מויל האָבן געקלאַפּט ווי אַ בינטל שליסלען און עס האָט מיר אויסגעפּעלט וואָזדוך, איך האָב מיך אָנגעהויבן שטיקן. בין איך אַרויס פון ווינקל, צעפּראַלט דאָס טירל און מיך אַרונטערגערוקט אונטערן בעט. ווי אַ צעשראָקענער האָז האָב איך מיך געהיט אַ ריר צו טון. איך האָב מורא געהאַט פאַרן שטיבל, פאַרן דרויסן און פאַר זיך אַליין.

פּלוצים איז מיר איינגעפאַלן, אַז דער יונג וועט נעמען מיין קינד און וועט זי אויפהאָדעווען פאַר זיינעטוועגן, און זי וועט ווערן אַזאַ ווי איך... איך האָב דאַן דערפילט אין מיר אַ מאָדנעם כּוח, אַ באַגער זיך צו פאַרמעסטן מיט אים... איך בין אַרויס פון אונטערן בעט און געזוכט עפּעס אַ שווערע זאַך צו קענען פּלעטן אים דעם קאָפּ. איך האָב איבערגעדרייט אַלץ אין די שופלאָדן און אין דער וואַנטשאַפע מיט קליידער, מיט קילעמעס, און אַלטע מענערישע שטרויענע קאַפּעליושן.

ווען איך האָב דאָרט גאָרנישט געפונען, האָב איך געוואָרפן אַן אויג אויף די וואַזאַנעס, און עס איז געווען טשודנאָ, מאַדאַם! איר מעגט עס וויסן! איך בין דאַן געווען אַזוי חרוב און צעבראָכן, דאָך האָב איך אויפגעהויבן אַ וואַזאָנע און ווי אַ גאָראָדאָוואָי זיך אַוועקגעשטעלט הינטער דער טיר און געוואָרט מיט פיבערדיקן אומרו און נקמה־דורשט אים צו דערהרגענען...

איך האָב פאַרלאָרן דעם געפיל פון בושה, אויך דעם פאַרשטאַנד און דעריבער געוואָרן אַ קאַפּיטשקע פעסטער ביי זיך. עס האָט זיך מיר אָנגע־

הויבן דאַכטן, אַז אַלץ וועט זיך קאָנטשען ווי צום בעסטן, ווען איך וועל גאָר אים אָפּרוימען פון וועג...

איך בין געוואָרן שרעקלעך מיד, און אינגאַנצן אָפּגעגאָסן מיט שווייס... די וואָזאָנע האָב איך געמוזט אוועקשטעלן אויפן טישל, און אַליין האָב איך אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אינעם ראַנט פון פענצטער און געטרונקען די רויזן־לופט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון גאָרטן.

אַ בלויער הימל ווי אַ זיידענער אויסגוס האָט זיך געבלייכט איבער דער נאַכטיקער טונקלקייט, אַ הימל מיט טיפע שטערן ווי שטיקער גאָלד און די בלעטער האָבן זיך געוואַשן אינעם טויִקן ווינטל, און עפּעס אַזוי סודותדיק אַריינגעקוקט צו מיר און ווי עפּעס באַרויִקט און געשראָקן גלייכ־צייטיק און ווי פאַרויסגעזאָגט, אַז מיין וועג האָט זיך נאָך נישט געקאָנ־טשעט... אַז שווערער פון טויט איז די אומבאַשטימטקייט, און ווען דיין גורל איז פאַרזיגלט מיט שוואַרצקייט, דאַן ווערן פרעמדע לייט באַלעבאַטים איבער דיר, און זיי באַלאַסטן דיך מיט זייער רחמנות און גוטסקייט...

***

יענע נאַכט האָט געדויערט אַן אייביקייט! איך האָב נישט צוגעטון קיין אויג. ערשט פאַרטאָג, ווען אַ בלייכע שיין האָט זיך אָנגעהויבן קנייטשן איבער די הויכע גראָזן, און פּאַסן זון, ווי געמאָלענער קופער, האָבן זיך צעוויגט צווישן די רויזן־שטענגלעך הינטערן פענצטער, האָט זיך מיין געמיט איינגעשטילט און איך בין צוגעפאַלן צום שלאָף, ווי אַ דורשטיקער פאַלט צו צום קאַלטן, פליסיקן וואַסער.

אויפגעוועקט האָט מיך די קליינע. זי האָט געריסן מיינע אויגן־דעקלעך און געוויינט, גערופן. איך האָב עפּעס ווי נישט באַנומען, ווו איך געפין מיך... מיין געדאַנק איז צוגעפאַלן צום ווינקל און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די תליה הוידעט זיך פּאַמעלעך, קרעכצט און וואַרפט אַן אויף מיר אַ מורא...

די קליינע האָט גענומען וויינען אויפן קול און מיט די פויסטלעך געקלאַפּט איבער מיין ברוסט און איבערן פּנים און שרייען: „פּאַפּי טיסעראַ! מילך! מילך!"

איך בין אַרונטער פון בעט, צונויפגענומען מיינע האָר און, מיט דער קליינער אויף די הענט, אָנגעהויבן אומגיין איבער דעם שטיבל. איך האָב

זי געהוידעט, געטוליעט און געוואָלט איינשטילן, אָבער זי האָט זיך געריסן, געוויינט, געשריען און אים גערופן...

אַ פאַרצווייפלטע האָב איך זי אַ וואָרף געטון אויפן בעט און אַרויפ־געלייגט דאָס קישן אויף איר פּנים און אָנגעהויבן עס צו דושען...

דאָס קינד האָט זיך געראַנגלט, מיט די ציטערנדיקע הענטלעך געזוכט עפּעס אַרום זיך. באַלד איז עס געוואָרן שטיל, אַ מחיה!... איך האָב אַראָפּ־גענומען דאָס קישן און אַריינגעקוקט אין אירע אייגעלעך. זיי זענען געווען אָפן און עפּעס אַזוי רחמנותדיק, און אַרום איר שיין מיילעכל האָט זיך גע־וועבט אַ דינער געלבלעכער ציטער...

אויך איך האָב געציטערט. איך בין געווען ווי געליימט, און עפּעס האָט אין מיר שטיל געיאָמערט. עס האָט זיך מיר פּלוצים געדאַכט, אַז מיין אַבראַשענקאַ איז אַריינגעקומען און פון זיינע אויגן טריפט עס מיט שרעק און מיט אומעט, און ער זאָגט צו מיר:

— דינאַ, דינאַטשקאַ! גיב מיר אַהער מיין בלומיטשקען. ביי מיר וועט זי האָבן רו און קיינעם נישט שטערן... פאַר מיר וועט אויך זיין בעסער צו האָבן זי נאָענט. מיר איז אומשאַסנאָ סמוטנע... איך קען נישט זיין אָן איר...

אין מיר האָט עפּעס אָנגעהויבן צו רודערן. איך האָב אויפגעהויבן די קליינע, זי איינציקע מאָל איבערגעדרייט מיטן קעפּל אַראָפּ, און ווען זי איז אַלץ נישט געקומען צו זיך, האָב איך אָנגעהויבן שרייען און רופן.

אויף מיינע געוואַלדן איז געקומען צולויפן מיין פריינט. ער האָט אַ כאַפּ געטון די קליינע און איז מיט איר אַרויסגעלאָפן. איך האָב געציטערט פון שרעק און נישט געוואַגט אים נאָכצולויפן. פּירפּאָ האָט זיך געריסן פון דער קייט. ערשט ווען איך האָב דערהערט דער קליינערס אַ געשריי בין איך אויפגעשפּרונגען און זיך צעוויינט.

ער איז געקומען צוריק מיטן קינד אויף די הענט. זי איז געווען בלייך און באַגאָסן מיט שווייס. אין אירע אייגעלעך איז געווען אַ מאָדנע פאַר־שטיינערונג און שרעק. ווען איך האָב זי געוואָלט נעמען אויף די הענט, האָט זי אַוועקגעדרייט דאָס קעפּל און אַ געשריי־געטון, נישט מיט איר קול.

ער האָט אַריינגעקוקט טיף אין מיינע אויגן און האָט אָפּגעזיפּצט.

דאַן האָט ער די קליינע אַוועקגעלייגט אויפן בעט און איז געגאַנגען ברענגען אַ פּלעשל מילך. דאָס קינד האָט זשעדנע געזויגן, און פון אירע ברייטע, האַרטע בליקן האָט עס געשלאָגן אויף מיר מיט רחמנותדיקייט און אומצוטרוי.

***

די הענער אין גאָרטן האָבן אָנגעהויבן קרייען און די זון האָט זיך צעגאָסן אין די ווינקלען פון דער כאַטקע. די קליינע איז איינגעשלאָפן און מיין פריינט האָט, אָן צו זאָגן אַ וואָרט, אונדז איבערגעלאָזט אַליין.

אויך איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן. ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט איז שוין דער זייגער געווען נאָך צוועלף. די קליינע איז געלעגן ביי מיין זייט און געהאַלטן אין די הענטלעך דאָס לייזיקע פלעשל.

איך בין אַרונטער פון בעט און זי גענומען אויף די הענט. דאָס קינד האָט אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּל אויף מיין אַקסל און געקרעכצט ווי אַן אַלטע ייִדענע. צווישן איין קרעכץ און דעם אַנדערן האָט זי גערופן דעם יונג...

איך בין מיט איר אויף די הענט אַרויס פון כאַטקע. עס האָט אַ בלענד געטון אויף מיר מיט אַ גאָלדענער מילדער זון און מיט אַ סאַמעטענער גרינקייט, וואָס האָט זיך געבאָדן און געוואַשן אינעם גערויש פון זומערדיקן ווינטעלע. שטיל איז דאָרט געווען ווי אין אַ פאַרוואָרפן דערפל. פון די קיכן פון אַרומיקע קליינע כאַטקעס פון ברעטער און פון בלעך האָבן זיך אַרויסגעהויבן גרויע רויכלעך מיט געשמאַקע ריחות פון געבראָטנס.

איך האָב מיך דערמאָנט, אַז עס איז שוין אַ מעת־לעת ווי איך האָב קיין ביסן אין מויל נישט געהאַט. האָב איך אָנגעהויבן צו נישטערן אין די שטרויענע קוישעלעך, וואָס זענען געהאַנגען הינטער דער טיר. אין אַ ווינקל צווישן אַ בלומען־געפּלעכט, האָב איך דערזען אַ גרויסן ערדענעם טאָפּ מיט אייז און אין אים אַ פלאַש מילך, אַ שיסל ווייסן קעז, פּוטער און אייער.

פּלוצים האָב איך דערהערט, אַז עמיצער פּאַטשט מיט די הענט און רופט. איך בין געווען זיכער, אַז דער יונג איז געקומען. האָב איך אָנגעהויבן שרייען:

— אַבראַשאַ! אַבראַשענקאַ!...

עס איז צוגעלאָפן צו מיר אַ ייִנגל פון אַ יאָר צוועלף, אַ הויכינקער און דאַרינקער, מיט גרויסע, שוואַרצע אויגן, פולע מיט זשאַר און חוצפּה. ער האָט געהאַט אַ שוואַרץ גלאַט קעפּל און אַ גרויס ־ביינערדיק פּנים.

פון זיין צעפליקט העמדל האָבן אַרויסגעקוקט די שמאָלע ריפּלעך, מען האָט זיי געקענט איבערציילן איינס נאָך דעם אַנדערן. ער איז געווען באָרוועס און מיט רויטע לאַטעס אַרום די קני פון די קורצע הייזלעך פון ביליקער פּאַרוסינע. ער האָט אַוועקגעשטעלט לעבן מיר אַ קוישל מיט פריש ברויט און פּעטשעניע. דאַן האָט ער מיך נייגעריק אַרומגעקוקט ווי אַ דערוואַק־סענער, האָט ער, רייבנדיק אַ האַנט אָן אַ האַנט, געזאָגט:

— איך בין שוין דאָ געווען דריי מאָל, געקלאַפּט, גערופן, אָבער די

סעניאָראַ האָט נישט געהערט, זיך וויזט אויס צופיל פאַרשלאָפן! — האָט ער מאַכנדיק אַ שפּאַן פאָרויס און אַרויסשטעלנדיק אַן אַקסעלע פאָרגעזעצט — די סעניאָראַ זעט טאַקע אויס אַ ביסל מיד און צעשראָקן. און די קליינע זעט אויס ווי אַ דערשלאָגן הינטל. אָרעמענקע! — ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט און זי געוואָלט נעמען ביי מיר.

— זי האָט גאָר מורא! — האָט ער אויסגערופן און ווי אַ פּאָלנער מוזשטשינע זיך געהוידעט אַנטקעגן מיר. — די סעניאָראַ איז דאָ אַ נייע? אָבער עס מאַכט נישט, — דער סעניאָר אַבראַמסיטאָ איז מיין בעסטער פריינט. מיר האָבן ליב אַרויסצוגיין אין פעלד, פאַרברענגען צוזאַמען, און איצט וועלן מיר זיין אינדרייען, נישט אַזוי, סעניאָראַ?...

— אָ, פאַרוואָס איז די סעניאָראַ אַזוי צעטראָגן? — האָט ער געמאַכט אַ שפּאַן אויף צוריק, און פון זיינע גרויסע אויגן האָט אָנגעהויבן שפּריצן מיט פריצייטיקן פייער.

איך האָב אין אים דערזען טיסעראָן, אַ פריצייטיק פאַרדאָרבן יינגל...

— גיב מיר אַ שוועבעלע און גיי דיר פון דאַנען! — האָב איך אויסגעשריען, גיך אויסגעליידיקט דאָס קוישל און אים צוגעוואָרפן: — גיי!

ער האָט אַרויסגענומען פון בוזים־קעשענע אַ פּעקל ציגאַרעטן מיט שוועבעלעך, האָט געניט פאַרויכערט און פאַרצויגן אַן אייגל, און ווי אַ קליין באָסיאַטשיקל אַרויסגעלאָזט דעם רויך דורך די נאָזלעכער און מויל־ווינקלען. ער האָט מיר דערלאַנגט די שוועבעלעך, האָט אומרויִק פאַרשאַרט די האָר און גערעדט צו מיר מיט אַ טאָן פון אַן אַלטן היימישן מענטשן.

— די סעניאָראַ דאַרף זיך נישט שרעקן!... איך האָב ליב פרויען!... מיין באַלעבעסעלע, דאָן פּעטראָלע, זאָגט, אַז אַ שטוב אָן אַ פרוי איז ווי אַ פּעסל אָן וויין, אָן אַ פרוי איז פּוסט אין שטוב און פּוסט אין האַרצן, און מיט איר — איז פּוסט אין קעשענע!... — האָט ער זיך צעלאַכט פרעך, און פון זיינע אויגן האָט עס געשלאָגן מיט צודרינגלעכקייט...

און נישט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער איז ער אַוועק אין קיך און האָט געבראַכט אַ טעפל, אַ טשייניק און אַ קעסטל זשערבע מיט צוקער און גענומען גרייטן אַ מאַטע.

ער האָט געמאַכט פייער צווישן פיר גרויסע ציגל הינטער דער כאַטקע, און עס האָט אויסגעזען, אַז ער באַמיט זיך צו געווינען מיין צוטרוי, און גלייכצייטיק האָט ער נישט אַראָפּגעלאָזט פון מיר די אויגן. איך האָב געזען, אַז ער איז דאָ היימיש, און האָב נישט געוואָלט זיין צו שטרענג, מחמת ער

איז מיין פריינטס אַ חבר׳ל, און איך האָב נישט געוואָלט דאָ ווערן קיין טאָן־געבערן. האָב איך דען געהאַט רעכט אויף דעם ?...

עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך הער אַבראַשענקאָס קול: — דאָס דאָ־זיקע יאָטל, דינאַ, איז אַ פּריצייטיקס, און מיר דאַרפן אים אויסהיטן פון שלעכטס, נישט לאָזן אויף הפקר. ער קען אַוועק אויף קרומע וועגן, און מיר וועלן דאַן האָבן אַ חלק אין דעם!...

— ניין, ניין! — האָב איך אויסגעשריען. — איך וויל נישט האָבן צו טון מיט פּריצייטיקע יינגלעך! איך האָב מורא פאַר זיי!...

דאָס יינגל האָט זיך דערשראָקן, האָט געכאַפּט דעם ליידיקן קויש און איז אַוועק. ער איז ווי אַ פויגל אַריבערגעשפּרונגען דעם נידעריקן פּלויטל פון געשניטענע ווייסע שטיינער, באַוואָקסן מיט געלע און רויטע בלימלעך ווי אָפענע זאַנטיקלעך פון דינעם זייד. הינטערן פּלויט האָט דאָס יינגל אַריינגעלייגט די פינגער אין מויל און האָט אָנגעהויבן סווישטשען, איין מאָל און אַ צווייט מאָל, אַט אַזוי ווי עס פּייפט דער לאָקאָמאָטיוו פון אַ באַן.

***

איך האָב מיך פאַרשטעקט צווישן די בלומען און געוויינט אָן אַ קול, געוויינט אָן אַ קאַניעץ. די קליינע האָט אויך אָנגעהויבן וויינען אויף מיר קוקנדיק. זי האָט געוויינט מיט אַזאַ פּחד, מיט אַזאַ ווייטיק, אַז עס האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן אַ גרויס רחמנות צו איר. איך האָב זי גענומען אויף די הענט און אַוועק מיט איר אין שטיבל. איך האָב איר דאָרט דערלאַנגט אַ סקאָרינקע מיט פּוטער און זי אַראָפּגעלאָזט אויפן פּאָל, און אַליין האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויפן שוועל און געוואַרט אויף מיין פריינט.

אַרום איז געווען שטיל, אַ דאָרפישע מנוחה האָט אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקל. פון די בלויע הימל־ראַנדן האָט געפּלייצט מיט אַ מילדער גאָל־דיקייט. די אָפענע רויזן זענען געווען באַהאַנגען מיט רייפּעלעך זון, ווי גאָלדענע אויערינגען. קליינע שוועלבעלעך זענען אַרומגעשפּרונגען צווישן די צווייגן און געצוויטשערט און געזונגען...

מיין פריינט איז געקומען אַהיים, ער האָט געבראַכט מיט זיך פּעק און פּעקלעך. ער איז געווען אָנגעטאָן אין בלויע אַרבעטס־הויזן מיט שטרי־קענע שיך אויף די באַרוועסע פיס; זיינע שוואַרצע קרויזן האָבן, ווי אַ פּאַס פון טייערן קאַראַקול, אַרומגעזוימט די ראַנדן פון זיין שוואַרץ קיילעכיק היטעלע, אויף אַ זייט פון קאָפּ.

נאָך פון ווייטנס איז זיין בליק צוגעפאַלן צו דעם ערדענעם טאָפּ מיט דעם אייז און דאָס עסן וואָס ער האָט צוגעגרייט, און ער האָט היימיש אַ לאַך געטון צו מיר:

— דינעלע! אויב איר וועט נישט אויפהערן צו פאַסטן תעניתים, וועט איר טון ווי שלום עליכמס פערדל!...

ער איז צוגעקומען, האָט אַוועקגעלייגט די פעקלעך אויף דער ערד לעבן מיר, גענומען אויף די הענט דאָס קינד און אויסגעקושט אירע איי־געלעך. זי האָט זיך נישט געוועקט, אָבער געבראָכן פּיסקלעך. ער האָט אַ וואָרף געטון מיטן פינגער און אַרויסגענומען פון קעשענע אַ גרויסן שאָקאָ־לאַד און אַ קליין פּייפּעלע, האָט עס איר געגעבן און זי צוריק אַראָפּגעלאָזט.

ער האָט זיך אָפּגעבאָדן, געקומען צוריק אָן אָפּגעפרישטער, אָנגעטאָן אין אַ ריינער פּיזשאַמע מיט ווייסע שטריק־שיך אויף די באָרוועסע פיס. ער האָט געבראַכט אַ קליין אייוועלע מיט זשאַר און בשעת דאָס וואַסער אין טשייניק האָט שטיל געכאָרטשעט, האָט ער געקייט טרוקענע שטיקלעך ברויט און צווישן איין מאַטע און דער צווייטער, וואָס איך האָב אים דער־לאַנגט, האָט ער גערעדט:

— איך בין געקומען היינט אַהיים אַ ביסל פריִער, כדי עס זאָל אייך נישט זיין אומעטיק. ווען איר וועט זיך דאָ צוגעווינען, וועט איר האָבן אַ סך אַרבעט. די קליינע וועט דאָ וואַקסן, אָט ווי עס וואַקסן די רויזן. — האָט ער אָנגעוויזן מיטן פינגער צום גאָרטן. — און מירביידע וועלן זיין אירע היטער. נישט אַזוי, דינעלע?

איך האָב געפילט זיין פאַרלאַנג מיך צו באַרויקן, כאָטש ער אַליין איז קענטיק גראָד געווען אומרויִק צוליב מיין שלעכטן אויסזען און צוליב מיין געוואַלדעווען אין מיטן דער נאַכט. איך האָב מיך אָנגעשטרענגט זיך אַליין איינצושמועסן, צו טראַכטן וועגן אַ מאָרגן, אין וועלכן איך האָב נישט גע־גלויבט, אַ מאָרגן וואָס האָט מיך געשראָקן...

ער האָט אויפגעבונדן די פעקלעך און האָט מיר געוויזן אַ שטיק ווייסן באַטיסט מיט געלע און גרינע קווייטלעך. אַ שטיקל דינעם לייוונט און צווי פּאָר ווייסע שיכלעך אָן אָפּצאַסן און איין פּאָר שוואַרצע, מיט הויכע גע־שניצטע קנאָפּעלעך.

— פון דער סחורה וועט איר אויפנייען פאַר אייך מיטן קינד, און שפּעטער וועלן מיר גיין זוכן אַלץ, וואָס איר באַדאַרפט.

די קליינע האָט אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּל אויף מיין קני און האָט גע־קוקט אויף אים מיט חידוש. ער האָט איר דערלאַנגט אַ שטיקל ווייסן קעז

און האָט געשמייכלט אַזוי זיס, אַז די קליינע האָט זיך אויפגעהויבן, צוגע־גאַנגען צו אים, אַרומגעוויקלט די הענטלעך אַרום זיינע פיס און געבראָכן פּיסקעס: „פּאַפּי״...

***

ער איז שפּעטער אַוועק אין גאָרטן און האָט זיך לאַנג געפּאָרעט אַרום די חיות. נאָכדעם האָט ער געמאַכט אָנבייסן, אַ מאַמעליגע מיט מילך, קעז מיט פּוטער און געפּראַזשעטע אייער מיט זויער־קרויט, וואָס ער אַליין האָט געשטעלט זייערן. ער האָט אויך אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ פלאַש היימיש־געמאַכטן ווייַן. מיר זענען געזעסן הינטערן פענצטער צווישן הויכע בלומען־שטענגלעך, צווישן איין ביסן און דעם אַנדערן האָט ער געהאָדעוועט מיין קינד און גערעדט צו מיר:

— דינעלע! איר בלייבט דאָך הינטערשטעליק. פע! עס איז דאָך נישט קיין חכמה צו זיין אַזאַ גרויסע „אַכלערן״, און מיר אַריינצוטרייבן אין הוצאות: אַ מתים־קעסטל און אַ בידנע קברל אַפילו, גיט מען נישט אומ־זיסט... אַזוי, אַז עס לוינט נישט צו שפּאָרן קיין קישקע־געלט! דער טויט קאָסט טייערער!... — האָט ער אַ מאַך געטון מיטן האַנט און אומעטיק געשמייכלט.

— דאָ, דינע, איז נישט קיין פּלאַץ פאַרן מלאך־המוות. געדענקט עס גוט!... ער, דער מלאך־המוות, איז מיר נאָכגעפאָרן פון דער היים, און דאָ האָב איך אים דערלאַנגט איבערן קאָפּ און פאַרטיק. נישטאָ פאַר וועמען מורא צו האָבן!...

— אפשר ווילט איר גאָר אַרויסגיין מיט מיר אין אַ נאָענטן רעסטאָ־ראַנדל? — האָט ער פאָרגעשלאָגן, אויסטרינקענדיק זיין וויין, בעת אויף זיינע אָפּגעצערטע שמאָלע באַקן האָבן זיך באַוויזן רויטע פלעקן.

— איר האָט געליטן אויף די לונגען?

— אַמאָל! — האָט ער מאַך געטון מיט דער האַנט. — היימישע פּויערים האָבן מיך צורעכט געמאַכט. אָן אַ שיפסקאַרטע מיך שיעור אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט...

— אַ פּאָגראָם?...

— לאָזט עס אויף אַן אַנדער מאָל, דינעלע!... — האָט ער אויסגע־מיטן מיינע בליקן און איך האָב דערפילט, אַז ער וויל נישט רעדן וועגן זיין לעבן...

איך האָב זיך אַזוי טיף פאַרטראַכט, אַז איך האָב זיך אַ דערשראָקענע

אויפגעכאַפּט, ווען ער האָט אַ קלאַפּ געטון מיט איין גאָפּל אינעם צווייטן... ער האָט ווייך געשמייכלט צו בלימעלען און גערעדט פירנדיק מיט אַ פינ־גער אונטער איר העלדזועלע:

— היינט, בלימעלע, וועלן מיר דיך נעמען צו דער קאַרוסעל, וועסט אַ לעב־טון, אַזש עס וועט גיין אַ רויך...

— ניין, ניין! — האָב איך אויסגעשריען. — איך וועל בלייבן דאָ. דאָ איז קיל, אַ מחיה!...

— האַ, האַ!... —האָט ער אַ לאַך געטון— איך פּראָטעסטיר! מען טאָר נישט, דינעלע, ווידערשפּעניקן אַן עלטערן מענטשן!... אָ! וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן?! וואָס איז אייך? איך האָב אייך מיט עפּעס באַליי־דיקט? וואָס קוקט איר אַזוי פּחדימדיק? וועמען זוכט איר צווישן דיביימער?

ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַרויפגעצויגן די הויזן, וואָס האָבן שוואַך געהאָנגען אויף זיינע שמאָלע היפּטן, אָפּגעריסן אייניקע בלעטער פון אַ נידעריקן ביימל און געווישט מיט זיי די פעטקייט פון די ליפּן און גערעדט ווי צו זיך אַליין:

— עס איז דאָך נישט קיין חכמה צו פאַרבעטן געסט און נישט צו וויסן וואָס עס קוועלט זיי. ערנוואָרט, דינעלע! איר באַליידיקט מיך...

איך האָב אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און אים דערציילט וועגן מיין מורא פאַר טיסעראָ און וועגן דער טרעפונג מיטן שיק־ייִנגל.

ער האָט מיך ערנסט אויסגעהערט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. נאָכדעם האָט ער זיך צעשמייכלט, געריבן אַ האַנט אָן אַ האַנט און געזאָגט:

— איר מוזט, דינעלע, זיך באַמיִען אויסצוגלייכן אייער נשמה. אַנישט וועט זי בלייבן אַ געהויקערטע. די נאַטור איז גוט צו אונדז, אָפּטמאָל איז זי בעסער ווי די געטרייסטע מאַמע. אָבער זי קען אויך זיין גרויזאַם און נעמען נקמה, אויב מיר ווילן זי איבערכיטרעווען... איר, דינעלע, מוזט איצט פאַרשנורעווען אַלע גאַרטלען פון אייער האַרץ און אויפהערן צו לעבן נאָר מיט געפיל, מיט אייער ניכטערן שכל, וועט איר זען, אַז דאָס לעבן איז שיין, און אַז ליידן זענען צרות, וואָס באַצירן די נשמה... איבער־געוואַלד מוז מען צעקלאַפּן די שוואַרצקייט אַרום זיך און די זון וועט ווידער שיינען, ווידער וואַרעמען... פּגרים קריכן נישט אום. זיי ליגן אין דער ערד... דער יונג האָט שוין זיינס אָפּגעטון, און קיינער וועט נישט וויסן פון קיין שום זאַך. קיינער!... נו, אייגנטלעך האָט ער זיך אַליין געוואָרפן אין די אָרעמס פון טויט...

איך האָב אים איבערגעשלאָגן:

— קיינער? און ווו בין איך? מיין געוויסן וועט אייביק בלייבן אומ־ריין. איך אַליין וועל דאָך דערציילן דעם אמת!...

— ווען איר וואָלט פאַרשטאַנען דעם אמת פון אייערע צרות, וואָלט איר געמעגט רעדן וועגן זיי!... עס איז גאָרנישט פון די וואָזשנע זאַכן, דינע, צו וועלן אָפּקומען פאַר די זינד מער, וויפל מען איז שולדיק... אַזוי זענען געווען דאָסטאָיעווסקיס טיפּן, און מיר געפעלט עס נישט!...

ער איז אַוועק אין באַדצימערל און פון דאָרט מיר געבראַכט אַ פּרי־מאָרגן־צייטונג:

— נאַט און לייענט! — האָט ער זי אויסגעשפּרייט אויף מיין פּאָדעליק.

איך האָב געלייענט איין מאָל און נאָך אַ מאָל וועגן דער קאַטאַסטראָפע און וועגן דעם יונגס טויט. עס איז אויך געווען אַ פאָטאָגראַפיע פון זיין צעשמעטערטן גוף.

— דעם פּגר פון קלויסטער קערט מען נישט אום! — זאָגט אַ וואָלאַ־כיש ווערטל — און זאָגנדיק עס האָט ער צוגענומען די צייטונג פון מיין האַנט און זי אַריינגערוקט אין קעשענע. — איר פאַרשטייט, דינע, פּאָליציי האָט דאָרט געזוכט אַ גנבל, און דער יונג האָט זיך דערשראָקן און געהויבן פּיס... געהויבן ביז צום גן־עדן...

***

עס זענען אַוועק אַ פּאָר וואָכן. אויבנאויפיק האָט עס אויסגעזען, אַז איך האָב מיך אַריינגענומען אין די הענט, די גוטע פּיטאַניע, דער וואָזדוך און די גוטסקייט פון מיין פריינט, האָבן מיך ביסלעכווייז באַפרייט פון דער נאַכטיקער שוואַרצקייט... איך האָב נאָך נישט געקענט די גאַס און די שכנים. איך האָב אויסגעמיטן מענטשן, און ער האָט מער נישט גערעדט וועגן גיין ערגעץ.

איך האָב אָנגעהויבן זיך אָפּגעבן מיט דער באַלעבאַטישקייט, אויפגע־נייט קליידלעך פאַר זיך און פאַר מיין קינד. אין דער צייט, וואָס ער איז געווען אין מאַרק און פאַרקויפט זיינע בלומען האָבן איך געלייענט, גע־שטריקט, און מיט אַלע כוחות געטריבן פון זיך די שלעכטע געדאַנקען און די מורא, זיי געטריבן און געיאָגט ווי מען יאָגט שוואַרצע קראָען, וואָס דרייען זיך אַרום דעם ווייַנגאָרטן און ווילן אים צעפרעסן...

איין מאָל, אַ זונטיק אין דער פרי, ווען איך האָב אויפגעמאַכט די אויגן, האָב איך געהאַט דעם געפיל, אַז איך בין צוריק אין דער היים. עס איז געווען אַזוי טשודנע אָנגענעם! איך האָב געפילט דעם ריח פון היימישן

קאָרנבברויט מיט קימל און פון זיסלעכן מאָסליניק. אָרום מיר איז געווען אַזוי ליכטיק, די קאָמנאַטקע איז געווען פול מיט זון און צווישן די רויזן הינטערן פענצטער האָט עס געפינקלט מיט אַ דינעם זילבערנעם טוי, און די בלעטלעך זענען געווען באַשאָטן מיט גילדענע זון־שפּרענקלעך ווי פּאַטשערקעס.

מיין בלומעטשקע איז געלעגן לעבן מיר. אירע גאָלדענע לאָקן זענען געווען ווייכינקע און צעוואָרפן ווי פרישע רייזעלעך, דאָס פּנימל באַגאָסן מיט ראָזע פאַרב און מיט טראָפּנדלעך שווייס ווי פּיטשינקע פּערעלעך.

איך האָב צוגעלייגט מיין באַק צו אירער און געשלונגען דעם ריח פון איר פּולינקן גופל. עס איז מיר געווען אַזוי גוט, אַזוי לייכט, גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען פאַרגעקומען... אַ ווינטיקע קאַלטקייט, אַ פולע מיט ריחות פון רויזן־זאַפט, האָט געשלאָגן אויף אונדז. איך האָב געזען דעם גאָרטן, געזען ווו איך געפין מיך, דאָך האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז עס איז נישט מער ווי אַ חלום, און אַז איך בין ווידער אַ דיעוואָטשקאַ פון אַ יאָר אַכט, און לעבן מיר ליגט מיין גרויסע קוקלע, מאַרוסיאַ, מיטן גילדע־נעם קעפּל און מיט די גרויסע בלויע אויגן.

עס איז זומער — האָט זיך מיר געדאַכט, און איך מיט דעם דיאַדיושקאַ און אַבראַשאַ זענען אויפן דאָרף אינעם דיאַדיושקאַס גוט. מיין דיעטסקאַיאַ קאָמנאַטקאַ פון שווערע דעמבענע ברעטער איז צווישן הויכע סאָסנעס און שמעקט מיט ווייסן און בלויען צוויט. שוועלבעלעך מיט שוואַרצע קעפּעלעך ווי קוּפּקעס פון דיבינקען זייך שפּרינגען צווישן די צווייגעלעך און צווי־טשערן און זינגען, און פון גאָר נאָענט ציט זיך אַ ניגון פון אַ פּויעריש ליבע־לידל און זיסע קלאַנגען פון אַ גיטאַרע.

איך רוף דעם דיאַדיושקאַ און אַבראַשאַן, און ווער ברוגז, ווען זיי קומען נישט. קריך איך אַרונטער פון בעטעלע, טו אָן מיינע שטעקשיכלעך אויף די באָרוועסע פיס, נעם מיין קוקלע און גיי זיי זוכן.

אין דרויסן איז שטיל. די גרינע לאָדנדלעך פון די קליינע ווייסע כאַטקעלעך זענען פאַרמאַכט, אַ גלאַטע גרינקייט שפּרייט זיך אויס העט ווייט, און רויטע זון־פלעקן, ווי בורשטינענע, הענגען צווישן די ווייסע און בלויע קווייטן. עס בלענדט די אויגן און די פעטע לופט פאַרכאַפּט דעם אָטעם.

די כוואַליעכלעך פון טייך וויגן זיך, קנייטשן זיך און שפּיגלען זיך אַנטקעגן דער זון. ביים זוים פון טייך, הינטער אַ הויך גרין בערגעלע מיט אַן אַלטן נוסבוים, שטייט דעם דיאַדיושקאַס שיפל און הוידעט זיך אויפן

וואַסער, און אויפֿן סאַמע גרונט, איבער די ווייסע און גרויע שטיינדלעך, וויגן זיך און שווימען אום לאַנגע ווייס־גרויע פֿישעלעך.

דער דיאַדיושקאַ זיצט אונטערן בוים אויף אַ שטיין. זיינע געדיכטע האָר זענען דורכגעפּעדימט מיט גילדענע פּאַסיקלעך זון. זיינע נאַקעטע פֿיס האַלט ער אין וואַסער און אויף זיין פּלייצע הענגט אַ לעדערן זעקעלע מיט פֿיש, וואָס ער האָט געכאַפּט.

אַבראַשענקאַ שטייט אַנטקעגן אים ביז איבער די קני אין די צעוויגטע כוואַליעס. זיין גרינע רובאַשקאַ צעשפּיליעט, און זיין רויט קיילעכיק היטעלע אַנגערוקט אויף אַ זייט. ער זעט מיר אויס קאָמיש אַזוי, אַז עס גלוסט זיך מיר לאַכן. אָבער איך באַהערש מיך, אַליין נישט־וויסנדיק צוליב וואָס.

ער האָט שוין אייניקע מאָל אַריינגעוואָרפֿן זיין ווענטקע אין וואַסער און זי ארויסגעצויגן אַ ליידיקע. דעם דיאַדיושקאַ גייט עס בעסער. זיין ווענטקע טוט זיך אָפּט אַ צאַפּל און שוין באַמבלט זיך אַ פֿישעלע און רייסט זיך צוריק אַראָפּ, און דעם דיאַדיושקאָס פּנים שיינט.

— פּאַפּאַשאַ! — שרייט צו אים אַבראַשענקאַ. — גיב מיר דיין ווענטקע. מיינע אַרבעט שלעכט!

— פּרוּוו נאָך אַ מאָל, זון מיינער! — לאַכט פֿריידיק דער דיאַדיושקאַ און ווייזט אים ווי אַזוי מען דאַרף פֿאַרוואַרפֿן די ווענטקע, און עס העלפֿט!

— האָט זי אַ קלאַפּ־געטון מיט די פֿינגער אין דער לופֿטן. — אַבראַשענקאַ ציט אַרויס אַ לאַנגן פֿיש, וואָס ציטערט און רייסט זיך פֿון דער ווענטקע.

איך האָב מיך באַהאַלטן צווישן די צווייגן הינטערן גראָבן שטאַם פֿון בוים און האָב געוואָרפֿן צו אַבראַשענקאַן אַ שטיינדל. ער האָט זיך דערשראָקן, אָבער דער דיאַדיושקאַ האָט זיך שטאַרק און הילכיק צעלאַכט. אויך איך האָב זיך נישט געקענט איינהאַלטן, זעענדיק אַבראַשענקאָס דערשראָקן פּנים.

אַבראַשענקאַ האָט זיך באַליידיקט, ער הייבט קעגן מיר זיינע קולאַקעס און דער דיאַדיושקאַ שרייט צו אים:

— טי דוראַק!...

אַבראַשענקאַ צעלאַכט זיך אויך. לויפֿט אַרויס פֿון וואַסער און וויל מיך כאַפּן, אָבער איך אַנטלויף צום דיאַדיושקאַ און ער זעצט מיך אַוועק אויף זיינע אַקסלען, קושט מיינע הענטלעך און צווישן איין קוש און דעם אַנדערן רעדט ער אַריין אין מיינע אויגן:

— דו ביסט זיסער פון פייגן און געשמאַקער פון יונגע ניס!... אָבער דו ביסט אַ שלעכטע און אַ ווילדע, ווייל אַ באַרישניאַ אין דיינע יאָרן טאָר נישט קומען צום טייך אָן מיין פּאָזוואָלעניע. איך וועל דיך באַשטראָפן!...

— ווילסטו כאַפּן פיש, דינאָטשקאַ?

— ניין! דיאַדיושקאַ. עס איז אַ רחמנות! עס טוט זיי דאָך וויי... די פישעלעך האָבן אַ פּאַפּאַשאַ און אַ מאַמאַשאַ? — האָב איך געפרעגט.

דער דיאַדיושקאַ דריקט מיך צו צו זיך, אויסער זיך פון איבעראַשונג:

— ווילסטו, דינאָטשקאַ, מיר זאָלן די פישעלעך אָפּשיקן צוריק צו זייער פּאַפּאַשאַן און מאַמאַשען?

— יאָ, דיאַדיושקאַ!

זיי האָבן מיר צוליב געטון, און איך האָב געפּאַטשט מיט די הענטלעך און געשריען: איך האָב אייך ליב ביידן! איר זענט מיינע טייערסטע!...

**
*

דערווייל האָט די קליינע זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געוואַלד, און אברהמל איז אַריינגעלאָפן אַ דערשראָקענער. ער האָט זי גענומען אויף די הענט און זי אָנגעהויבן צו באַרויקן און מיך האָט ער געפרעגט:

— עס האָט זיך אייך עפּעס געחלומט, דינאַ?... איר האָט געשריען!...

איך האָב אים דערציילט וועגן מיינע דערינערונגען, האָט ער גע־שמייכלט:

— עס איז אַ גוטער סימן... אַ סימן, אַז אייער האַרץ איז פול מיט רויִקייט און מיט בענקשאַפט...

ער האָט פאַרגעזעצט:

— היינט וועט אונדזער משפחה ווערן גרעסער!... אונדזער ברוינע ציג גרייט זיך צו ווערן אַ מאַמע. זייט אַזוי גוט, טוט אייך אָן און קומט אַרויס אין גאָרטן, אפשר וועט איר דאַרפן עפּעס צוהעלפן...

**
*

ווען איך בין שפּעטער אַרויס אין גאָרטן, האָב איך אים נישט געפונען. האָב איך דערווייל צוגעגרייט אַ מאַטע מיט מילך און האָב מיך, ווי איינס פון די בלומען־שטענגלעך, געבאָדן אין דעם שמעקעדיקן וואָזדוך.

ער איז צוריקגעקומען מיט אַ פרוי פון אַ יאָר זעכציק, מיט שוואַרצע האָר אונטער דער געבלימטער פאַטשיילע און מיט אַ ברייט געקעסטלטן

פאַרטעך. אירע הענט זענען געווען גרויסע, אויסגעהאָרעוועטע און שטאַרקע. זי האָט געהאַט ברייטע פּלייצעס מיט הויכע אַקסלען ווי אַ מאַן. נאָר די אויגן — ווייכע, גרויסע, ווי וואַרעמע קאַשטאַנען, פולע מיט שמייכל און מיט גוטסקייט.

— כאָסעפאַ, באַקאַנט אייך מיט מיין פרוי! — האָט זיך אָנגערופן מיין פריינט.

זי האָט אַריינגענומען מיינע הענט אין אירע און זיי פעסט געדריקט. דערביי האָט זי פריינטלעך געשמייכלט און געזאָגט מיט אַ טאָן פון פרייד:

— אייער אַבראַמסיטאַ איז אַ הייליקער! ער האָט דאָ געלעבט ווי אַ מאָנאַך... איצט איז עס שוין פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס! איר זענט אַ וווּנדער־שיינע פרוי און געראָטן אין אייער מאַן. איצט, אַבראַמסיטאַ, זאָלסטו קומען צו אונדז מיט דיין פרוי און מיט דיין קינד. שכנים פילן זיך באַליידיקט, וואָס איר מיידט זיי אויס... — האָט זי זיך געווענדט צו אונדז ביידן.

ער האָט איר איבערגעשלאָגן:

— איך האָב שוין אַלעמען געזאָגט, אַז מיין פרוי איז פון אַ קליין דערפל און נישט קיין געזעלשאַפטלעכע. אָט, ווען זי וועט זיך צוגעוווינען צום נייעם לעבן, צום היגן קלימאַט, דאַן וועט איר אונדז נישט דאַרפן בעטן, מיר זאָלן קומען...

ער האָט מיר דערלאַנגט דאָס קינד און אַליין איז ער אַוועק מיט דער אַלטער אין אַנדערן עק פון דעם גאָרטן, ווו עס זענען געווען די שטאַלן.

זי האָט באַטראַכט די ציג, וואָס איז געלעגן אונטער דעם אַלטן פייגנבוים און געסאָפּעט מיט אַן אָפן מויל, אירע אויגן זענען געווען פול מיט געבעט, מיט ווייטיק.

— סעניאָראַ! קום אַהער! וועסט זיך אויסלערנען אונטערצוקומען אין אַ נויטפאַל! — האָט מיך כאָסעפאַ גערופן. — די דאָזיקע באַשעפעניש איז ווערט נישט ווינציקער פון אונדז...

אברהמל האָט איר דערלאַנגט אַ בלעך מיט וואַרעמע וואַסער און האָט שמייכלענדיק צו מיר אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— פאַרגעסט נישט, דינעלע, אַז איר זענט מיין ווייב... די קליינשטעטל־דיקע זענען נייגעריק, און מיר דאַרפן זיי נישט געבן קיין געלעגנהייט צו רעדן...

— מיר וועלן זיך נישט אויסבאַהאַלטן, אברהמל... איר האָט געטון שלעכט. בעסער מיך געדאַרפט פאַרשטעלן אַלס אַ שוועסטער...

— ניין, עס וואָלט ניט געטויגט!... זייט ניט אַזוי באַטריבט, דינעלע! זעט ווי די זון שיינט, זעט ווי אַלץ בליט און רייסט זיך צום לעבן!...

— איך קען זיך שוין מער נישט פרייען!... קיינמאָל נישט, אברהמל!

— לאָזט עס צו מיר, דינעלע! די צייט איז קליגער פון אונדז. און קיינער קען נישט פאָרויסזאָגן, וואָס עס וועט זיין שפּעטער.

דערווייל האָט זיך דערהערט אַ האַרצרייסנדיק געוויין פון דער ציג, און באַלד איז עס געוואָרן שטיל. כאָסעפינאַ, אַ באַגאָסענע מיט שווייס און אַ צונטער־רויטע, איז געלאָפן צו אונדז, זיך ווישנדיק די הענט אינעם זוים פון פאַרטוך:

— אַ זכרל און אַ נקבהלע!...

איך מיט אברהמלען זענען צוגעלאָפן צו דער קימפּעטאָרן מיט אירע קינדערלעך, און געקוקט, געקוואָלן.

דאָס זיעלע איז געווען אַ ווייסינקע, אַ קאַפּעטשקע געלאָקט, מיט אַ שוואַרצן פלעק צווישן די אויערלעך און מיט אַ שמאָל שוואַרץ מאַרדעטשקע. דאָס זכרל — אַ טונקל ברוינס, ווי געשוירענער פליוש, מיט אַ שניי־ווייסן פלעק צווישן די אייגעלעך און מיט אַ שוואַרץ פאַריסן עקעלע.

די חייהלעך האָבן געשאַרט מיט די פיסלעך אינעם גראָז און לייכט געציטערט. די מאַמע־ציג האָט געמאַכט מיט אירע פיס אַ רינג אַרום אירע קינדערלעך, זיי צוגעטוליעט צו זיך,זיי אַרומגעלעקט און געוואַשן מיט איר צונג. די ציגעלעך האָבן געשטופּט די מאַרדעטשקעס צו אירע בריסט־וואָרצלען.

אברהמל איז אַוועק און געבראַכט אַ שיסל מיט געפּאַרעטע קלייען און אַ בלעכל מיט מילך. די ציג האָט אַ לעק־געטון די קלייען, און זיך ווידער פאַרטיפט אין אירע זאָרגן פאַרן קליינוואַרג. זי האָט אַלע מאָל אַ צאַפּל געטון פון אומרו. אַ גאָלדענע שיין האָט שימערירט אין אירע אויגן. מיין בלומע האָט זיך מיט אַלע כוחות געריסן צו די ציגעלעך, האָב איך זי אַוועקגעזעצט אויפן גראָז און זי האָט זיי געגלעט און אַלעמאָל געפּאַטשט מיט די הענט־לעך, קוקנדיק צו דער פויערטע.

— מען טאָר נישט, מיין קינד, אָפּרייסן די באַשעפענישן פון זייער מאַמען. עס איז אַ זינד צו שטערן דאָס גליק פון אַ קימפּעטאָרן. ווען דיין קליינע וועט געווינען דעם צוטרוי פון די באַשעפענישן, וועלן זיי איר נאָכ־לויפן און דער הויף וועט ווערן פול מיט זייער פרייד און מיט זייער שיינ־קייט. — האָט די פויערטע קוועלנדיק גערעדט צו מיר.

עס האָט געשלאָגן פון איר מיט חשיבות און דערהויבנקייט. ליכטיקייט

האָט געדרוט צווישן די קאַרבן פון איר ברייטן שטערן. אָט, ווי זי אַליין וואָלט באַרוואָס אויפגעשיינט אינעם גליק פון באַרייכערן די גרויסע מענטשן־משפּחה.

אברהמל איז געווען אומרויִק ווי אַ יונגער גליקלעכער טאַטע. ער האָט אָנגעכאַפּט דער אַלטערס הענט און זיי צוגעדריקט צו זיין אייגעפּאַלענער ברוסט זאָגנדיק:

— כאָסעפּינאַ! איר זענט באַשאַפן געוואָרן צו זיין אַ מאַמע. איך האָב עס דערפילט פון דעם ערשטן טאָג אָן, ווען מיר האָבן זיך באַקאַנט. קומט, מיר וועלן מאַכן אַ לחיים לכבוד דער פאַרגרעסערונג פון אונדזער משפּחה!... איצט וועלן מיר האָבן פאַר וועמען צו זאָרגן, וועט דאָס לעבן זיין אָנגענעמער, האָבן מער אינהאַלט. נישט אַזוי, דינעלע? — האָט ער אָנגעשטעלט אויף מיר אַ צעשוימטן בליק.

די אַלטע האָט געשמייכלט. אירע גרויסע קאַשטאַנען־אויגן האָבן אויסגעדריקט פרייד. זי האָט אַרויסגעצויגן אירע הענט פון זיינע און מיט אַ מילדן טאָן פון חוזק געזאָגט:

— דו, אַבראַמסיטאַ, ביסט פילבאַר ווי אַ פרוי און דאָס איז נישט קיין גרויסע מעלה פאַר אַ מאַנסביל... אַ חוץ דעם, ביסטו שוין נישט קיין יונגיטשקער, און ווי אַ געבוירענער אין אַ דאָרף, וואָלסטו אַליין געדאַרפט זיך קענען געבן אַן עצה און קומען צו הילף אַן אָרעם באַשעפעניש... נישט אַזוי, דיניטאַ?... יעדער מענטש, מיין קינד, מוז קענען פאַרטרעטן דאָס אָרט, וואָס ווערט אים צוגעטיילט פון דער השגחה... פאַרוואָס, דיניטאַ, זעסטו אויס אַזוי געריררט און צעשראָקן? יאָ, שכנים וווּנדערן זיך וואָס דו האַלטסט זיך אַזוי אָפּגעזונדערט. זיי זענען אויך אייפערזיכטיק אויף אַבראַמסיטאָס פריינטשאַפט, און זיי וועבן מעשהס אַרום דיר... איך וויל, אַז דו זאָלסט היינט אַריינקומען צו מיר פייערן דעם יום־טוב פון אונדזער באַקאַנטשאַפט און דעם געבורט פון די באַשעפענישן. איך וועל אויך פאַרבעטן אַ פּאָר שכנים, און זאָלן זיי אויפהערן רעדן...

— אָבער, זע ווי צעשראָקן זי איז געוואָרן, די גרינינקע, אַבראַמסיטאַ! — האָט זי אַריינגעקוקט אין זיינע אויגן. — ווען מיין אַלטער וועט זי דערזען, וועט ער באַקומען אַ ניכפּע!... ער איז אַ וויצלער, דער אַלטער, אָבער אָן שלעכטע כוונות. אָט ווי אַלע מאַנסבילן, וועלכע רייבן אָפּ די ציפּערן פון זייערע פּאַספּאָרטן... — האָט זי זיך זאָרגלאָז צעלאַכט.

אברהמל האָט געבראַכט אַ פלאַש מיט היימישן סליוויניאַק מיט דריי גרויסע בעכערס פון ווייסן האָלץ, און מיר האָבן אויסגעטרונקען אַ לחיים.

די אַלטע האָט אויסגעטרונקען דריי מאָל און איז אַריין אין דער ראָל פון אַ דערפאָלגרייכער הייבאַם. אירע אויגן האָבן געלויכטן מיט גרויס־האַלטערישקייט.

— איצט וועלן מיר געבן נעמען די ניי־געבוירענע! — האָט זי געזאָגט.

— דעם זכר וועלן מיר רופן אַבראַמסיטאַ, און די זיעלע — דינאַ!

— און די מאַמע־ציג — האָט אברהמל צוגעשטימט, — וועלן מיר רופן — כאַסעפאַ.

— זאָל זיין מיט גליק! —האָט די אַלטע געווישט דעם שווייס פון שטערן און געשמייכלט. —די ערשט־געבוירענע וועלן אונדז ברענגען מזל! דאָ האָט זיך באַזיצט די געטלעכקייט, און מיר דאַרפן זיך באַהעפטן מיט איר. די זון און די ביימער האָבן פיינט דעם טרויער. דו הערסט, דינאַ?... ביז שפּעטער, מיר וועלן וואַרטן אויף אייךביידן.

***

יאָ, עס איז געווען טשודנאַ, מאַדאַם! עס האָט אויסגעזען ווי די ערשט־געבוירענע באַשעפענישן און דער אַלטערס מילדקייט האָבן געווירקט צום גוטן אויף מיין געמיט. אין מיר האָבן זיך ווי אויפגעבונדן אַלע שלייפן און קניפּלעך פון דער נשמה און באַפרייט די געהאַמעוועטע פרייד.

איך האָב צוגעגרייט אַ היימישן אָנביסן, אַ מאַמעליגע מיט קעז, סמע־טענע און פוטער. אברהמל האָט געבראַכט ניס, טרוקענע פרוכטן און אַ פלאַש מיט סליוויאַק. די סעודה האָבן מיר געפּראַוועט אויפן גראָז אונטער דעם פייגנבוים. דאָרט איז אויך געווען די ציג מיט אירע קינדערלעך. זיי האָבן געדרימלט אין אַ שיינענדיקער רויקייט. אַרום איז געווען שבועותדיק גרין. אינעם זומערדיקן ווינטל האָבן זיך געוועבט מחייהדיקע ריחות פון ווייס־בלויען צוויט מיט פיאַלקע. פון די בלויע הימל־ראַנדן האָבן זיך אַראָפּגע־גאָסן צעבערס מיט גאָלדענער שיין און געלויכטן איבער אונדז, און ווי בעכערס מיט האָניק זיך געוויגט צווישן די בלעטער פון בוים. דאָס קינד איז געלעגן אין גראָז און געקוקט אויף די יונגע באַשעפענישן. עס האָט אויסגעזען, ווי אויך זי וואָלט געווען באַווירקט פון אינערלעכער רויקייט.

יאָ, עס האָט געשמעקט מיט יום־טוב, מיט מנוחה, ווי די וועלט וואָלט, ענדלעך, אויסגעלייזט געוואָרן פון אומעט, פון שווערער דאַליע.

איך האָב זיך דערמאָנט ווי מיין דיאַדיושקאַ פלעגט אָפט זאָגן: — די נאַטור, דינאָטשקאַ, איז אונדזער איינציקער פריינט, זי פאַרשטייט און זאָרגט

פאַר אונדז, ווי אַ מאַמע. עס מאַכט גאָרנישט אויס, וואָס דער נאַראָד פאַר־שטייט נישט איינס דעם אַנדערן. ווען מיר וועלן פאַרשטיין די נאַטור — וועט דער וועג פון לעבן נישט זיין שווער. דער עיקר איז דאָך צו לערנען זיך פון קליינע קינדער, ווי צו ליבן דעם מיטמענטשן און די נאַטור.

עס האָט מיך אַרומגענומען אַזאַ טיפע ענדלאָזע פרייד און אַ באַגער צו ליבן די וועלט, אַזאַ ווי זי איז, און זי אויסצוואַשן און לייטערן אין דעם קוואַל פון ריינקייט, וואָס האָט פּלוצים אַרויסגעפּראַלט פון מיין געמיט, זיך געגאָסן, געפּלייצט פון אַלע אברים, זיך געטראָגן איבער מיר און מיט מיר, און מיך געוואַשן, געפּלאָסן ווי עס פּלייצן לויטערע וואַסערן איבער די ברעגעס פון אַן איבערגעפולטן טייך.

אברהמל האָט אַריינגעקוקט אין מיינע אויגן. ער האָט אויפגעשיינט און געזאָגט:

— דינעלע! איר זענט געראָטעוועט!... אָט אַזאַ האָב איך אייך געוואָלט זען! אָט אַזאַ!...

עס איז געווען די אומוואַנדלונג פון מיין געמיט. אברהמל האָט ווידער געזאָגט:

— דאָס לעבן, דינע, איז נישט אַזוי גרינג ווי מיר אַליין ווילן זיך אין מינוטן פון שוואַכקייט איינריידן. לאָמיר לעבן מיט דעם היינט, וועט דער מאָרגן שיינען מיט מער צוזאָג, און מיר וועלן זיך נישט שרעקן פאַר דעם וואָס ווערט געבוירן אין אונדזער פאַנטאַזיע.

ער האָט געבראַכט זיין פאַסטוך־פייפל, זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן מיר אויפן גראָז און האָט פאַרצויגן אַ ניגון, אַזאַ קלאָרן, אַזאַ בענקענדיקן, אָט ווי עס זענען געווען די בענקענדיקע ניגונים פון אונדזערע פרומע מאַמעס און באָבעס, ווען זיי האָבן אין די שבתדיקע פאַרנאַכטן געזאָגט — „גאָט פון אברהם!”...

און באַלד האָט ער אויפגעשפּילט אַ דוינע. זיין פּנים איז געוואָרן דורכלויכטיק בלייך, זיינע פינגער האָבן געציטערט און אויסגעכישופט ניגונים ווי פון אַ דורותדיקן אומעט. איך האָב דאַן דערזען פאַר זיך די ברייטע פעלדער פון מיין בעסאַראַבישן דאָרף און געהערט דאָס רוישן און ברומען פון דעם ווינט אינעם אומענדלעך־גערדיכטן און טונקעלן וואַלד.

איך האָב דערזען דעם אַלטן ייִדישן פאַסטוך צווישן די הונדערטער שאָף הינטערן דאָרף. איך האָב געזען זיין צערונצלט פּנים מיט די ווייסע ברעמען איבער די ליכטיקע אויגן, זיין ווייסע לאַנגע באָרד. ער איז אָנגע־טאָן אין אַ כאַלאַט פון גראָבן ווייסן לייוונט מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ.

דער פּאַסטוך שפּילט. די שאָף זענען צעוואָרפן אין די פעלדן פון די גרינע בערגלעך, זיי בלאָנדזשען און גייען אַוועק ווייט. איבער זיי הענגט אַ טיפער הימל ווי פון בלויען סאַמעט, דורכגעקנייטשט מיט דינינקע כמאַ־רעלעך ווי ווייסע און געלע פעכערלעך מיט זיידענע סטענגעס און קרוזשע־וועס פון פייערדיק רויטן גיפּיור. טראָלדן ווי שטיקער בורשטין מיט ברי־ליאַנטן פאַלן אַראָפּ פון די הימל־ראַנדן און גיסן זיך אויף די בלעטער, אויף די צווייגן פון הויכע גרינע ווערבעס אַרום די ראַנדן פון טייך.

די כוואַליעס זענען לויטערע, דער הימל שפּיגלט זיך אין זיי. גרויסע לאַנגע פיש שווימען אום הין און צוריק, שפּילן זיך מיט קליינע ווייסינקע פישעלעך. עס קומט אָן אַ מיין טיאַטיאַ, אַ בלייכע ווי די פּאַרנאַכטיקע זון, זי איז אָנגעטאָן אין אַ ווייס קלייד מיט אַ שוואַרצער שאַרפע ביז איבער די קני. נאָך איר גייען מחנות אַלטע ווייבער און יונגע מיידלעך, אַלע אין לייכטע קליידלעך און איינגעהילטע אין שוואַרצע באַפרענדזלטע טיכער און מיט סידורים אין די הענט.

די פרויען זעצן זיך אויס אונטער די ווערבעס לעבן וואַסער און זאָגן תשליך. דער פּאַסטוך קוקט אויף זיי מיט ענדלאָזן מיטלייד, און ער שפּילט און שפּילט.

פּלוצים ווערט דאָרט איין גרויסע סטאַדע שאָף... זיי בלאָנדזשען און מעקען, און רופן און לויפן אַראָפּ אַלץ נידעריקער, אַלץ טיפער אין טאָל און צו די ברעגעס פונעם וואַסער. זיי דרענגען זיך צונויף אין אָן ענגן קנויל און זייערע קולות ציטערן אין דעם ווינטיקן רוים.

צו די צעשראָקענע שאָף נידערט אַראָפּ דער פּאַסטוך. זיין טראָט איז געמאָסטן, רויק. דאָס ווינטל וואַשט און שויבערט זיין שניי־ווייסע באָרד און צעפּאָכעט די פּאָלעס פון זיין לאַנגן בגד. די טענער פון זיין פייפל בינדן זיך אויס אין פאַרשיידענע קאָלירן, פאַרבן, וועלכע בלענדן און ציטערן צווישן די בלעטער, און לייגן זיך אויס איבער די געקנייטשטע רוקנס פון דער צעשראָקענער סטאַדע שאָף.

פּלוצים לויפן אַרויס פון וועלדל עטלעכע פּאָגראָמשטשיקעס באַוואָפנטע מיט העק, מעסערס, און שטיקער אייזן, און זיי וואַרפן זיך אויף די שאָף צו מאַכן אַ שחיטה. אָבער דער פּאַסטוך וואַקסט אויס ביז צום הימל און ער שפּילט אויף זיין פייפל, שפּילט אָן אַ קאָניעץ. די מערדער ווערן דער־ציטערט, וואַרפן אַוועק זייערע מעסערס און העק און לאָזן זיך אַראָפּ אין וואַסער.

דער פּאַסטוך שיינט אויף, ער נעמט צונויף די אָוועקגעוואָרפענע וואָפן און פאַרוואַנדלט זיי באַלד אין פעלד־מכשירים. און ווען עס איז שוין מער נישטאָ פאַר וועמען מורא צו האָבן, ווייל דאָס געווער איז צעבראָכן און די מערדער־מילדע שאָף, שפּילט דער פּאַסטוך ווידער אַמאָל, שפּילט אַזוי זיס, אַזוי הימליש, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט פּלוצלינג געוואָרן אַ גן־עדן...

און אָט דערזע איך גאָר דעם אַלטן הינטערהויף... טיסעראָ הייבט אויף אין דער לופטן מיין אַבראַשענקאָן, און דער נאַראַד רינגלט זיי אַרום ווי די שאָף דעם פּאַסטוך, און אַבראַשענקאָ שפּילט. פון זיינע געשלאָסענע אויגן טריפט עס מיט טרערן און בלייך איז ער ווי אַ זומערדיקע נאַכט. און דער נאַראַד שרייט און פּאַטשט מיט די הענט: — זאָל לעבן דער פּראָפע־סאָר! הוראָ!

אַבראַשענקאָ שפּילט „כל נדרי״, נאָכדעם לערמאָנטאָווס „וויכאָזשו אָדין יאָ נאַ דאָראָגו״ און איך ווער דערטרונקען אין אַ וועלט פון קלאַנגען, און ווי קעגן מיין אייגענעם ווילן שריי איך: אַבראַשאַ! אַבראַשענקאָ דאָראָגאָי!...

**
*

אברהמל האָט אויפגעהערט שפּילן אויף זיין פייפל, און האָט מיך אָפּ־געגאָסן מיט זיין ליכטיקן בליק:

— איר האָט מיך גערופן, דינעלע? — האָט דער שמייכל אויפגע־ציטערט אַרום זיין מויל. — איר ווילט עפּעס?

איך האָב אים דערציילט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב נאַרוואָס געזען. איז זיין שמייכל געוואָרן נאָך מילדער און זיין קאָפּ, ווי אַ שוואַרצער שעפּס, מענטשלעכער און זיכערער.

— דאָס איז אַ סימן, דינעלע — האָט ער מיר אַריינגעקוקט אין פּנים, אַז מיר דאַרפן גיין צו דער פרייד פון לעבן. די פרייד איז דאָ אין אייער האַרץ. נאָר איר האָט מורא פאַר איר, איז דאָס אַ זינד, דינעלע! — האָט ער געוואָרנט און געשטראָפּט מיט אַ טאָן פון אַן עלטערן ברודער. — טונ־קעלע נשמות האָבן נישט קיין ליכטיקע זעונגען... געדענקט עס גוט!...

די קליינע האָט זיך אויפגעהויבן און צוגעגאַנגען צו אים. פון איר האָט עס געשטראַלט מיט ענדלאָזער פרייד. זי האָט אַרומגעוויקלט די הענטלעך אַרום זיין האַלדז און שמייכלענדיק גערופן:

— פּאַפּי, פּאַפּי!...

אברהמל האָט זי אַרומגענומען מיט אַ צערטלעכן בליק. עס האָט פון

דעם בליק אַרויסגעלויכטן מיט דאַנק צום גורל, וועלכער האָט אים איבער־געגעבן צו דערציִען מיין קינד, און מיט פריידיקן נצחון, וואָס זי דערמאָנט מער נישט דעם יונגס נאָמען.

— דינע, דינעלע! — האָט ער גערעדט, — לאָמיר זיך לערנען ביי קליינע קינדער ,ווי אַזוי צו פאַרגעסן אונדזערע ווייטיקן, און דאַנקבאַר צו זיין דעם לעבן. יאָ! דאַנקען פאַר די דריבנע קרישקעלעך פרייד, וואָס ווערן אונדז צוגעוואָרפן. וואָס ווינציקער מיר וועלן טראַכטן, אַז דאָס לעבן האָט אונדז באַעוולט, אַלץ לייכטער וועט אונדז זיין אויף דעם געמיט...

— קוקט נישט אויף מיר ווי אויף אַ נאַריש יינגל! — אין אָט דעם גן־עדן, — האָט ער געוויזן אויף דעם צעגרינטן אַרום, — טאָר נישט זיין קיין קאַפּעלע אומצופרידנקייט. צי וואָס זיך פּייניקן? זעט די נאָרוואָס געבוירענע באַשעפענישן, ווי זיי געניסן פון לעבן, וועט איר פאַרשטיין, אַז עס איז די העכסטע צייט נישט צו פאַרשעמען דעם גאָלדענעם היינט...

עס איז געוועזן טשודנאָ ביז גאָר, מאַדאַם! זיין פרייד, זיין באַגייסטערונג האָט מיך נישט מיטגעריסן. איז ער געוואָרן שטילער און באַנגיק געזאָגט:

— דינעלע! מען טאָר נישט פאַרומערן דאָס לעבן נישט זיך און נישט די נאָענטסטע... עס איז אַ זינד!

ער האָט צוזאַמען מיט מיין קינד זיך אַראָפּגעלאָזט צו די ציגעלעך, און בשעת אירע הענטלעך האָבן אַרומגעטאַפּט, געצערטלט זייערע אויער־לעך און די מאָרדעטשקעס, האָט ער פאַרליבט אַריינגערעדט אין דער זיעלעס פּנימל און געוואָרנט מיט אַ פינגער:

— דו ביסט שוין אַ פאָלנער מענטש, דינעלע! און דו דאַרפסט מאַכן אַ שפּאַציר איבערן גאָרטן. מען טאָר נישט מורא האָבן צו שטיין אויף די פיסלעך!...

ער האָט דאָס ציגעלע גענומען אויף די הענט, זי צוגעדריקט צו זיך און זי געקושט און געצערטלט. ער האָט זיך נאָכדעם אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, און איר אַ פּאַטש געטון אין הינטן. איז דאָס באַשעפעניש אַוועק פאָרויס, זיך געהוידעט אויף די הויכע פיסלעך און געמעקעט.

אַ מיטגעריסענע פון זיין יום־טובדיקער שטימונג האָב איך אויפגע־הויבן דעם זכרל און אים אַ קוש געטון אין מאָרדעטשקע, רעדנדיק פאַרשעמט:

— דו, אברהמל, ביסט שוין אַ פאָלנער מוזשטשין, וויל איך נישט דו זאָלסט זיין אַזאַ ציטערדיקער. גיי דיר געזונטערהייט דיין וועג! לעב דיר לויט דיין אייגענעם ווילן, און דיין שוועסטערל וועט דיר נאָכגיין...

**
*

פאַרנאַכט האָב איך צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן מיין ניי קליידל פון ווייסן באַטיסט מיט גרינע קוויטלעך. אַן אָנגעקליבן מלבושל מיט קורצינקע געקליבענע אַרבעלעך און מיט אַ קיילעכיקער דעקאָלט. איך האָב אָנגעטאָן אַ געבלימט טיכל אויפן קאָפּ און ווייסע שיכלעך אויף די באָרוועסע פיס.

מיין בלומעלען האָב איך אויך אָנגעטאָן אַ קליידעלע פון דעם זעלביקן שטאָף, אַ מלבושל מיט שמאָלינקע שליאַרקעס פון אויבן ביז אַראָפּ אויס־געבונדן מיט ברייטע שלייפן, און אַ ראָזן שלייף צווישן אירע גאָלדענע לאָקן, האָט זי אויסגעזען ווי אַ צעבליט רויזן־צווייגל פון אונדזער גאָרטן.

אברהמל האָט זיך אָנגעטאָן אַ בלויע ספּאָרט־העמד, ווייסע הויזן און ווייסע שטרויענע שיך. ער האָט אויסגעזען ווי איינער פון מיינע אַמאָליקע יונגע פריינט. איידלקייט האָט גערוט אויף זיין בלייך פּנים, און דער קאָפּ — ווי אַ שוואַרצער שעפּס — האָט געשיינט.

איבער אונדז האָט גערוט די טיפקייט פון בלויען הימל מיט זיינע ראָזע דינע כמאַרעלעך און אַ זומערדיק ווינטל האָט געוואַשן און געשוי־בערט די באַגילדעטע רויזנקעפּ און די בלעטער פון דעם פייגנבוים. עס איז געווען אַזוי לייכט, אַט ווי עס וואָלט גאָרנישט פאַרגעקומען... דער היימישער שבועות האָט זיך אָפּגעזעצט אין יעדן ווינקל אויף דער געבענטשטער ערד...

פירפאַ מיט אַ קרענצל בלומען אויפן האַלדז איז געשפּרונגען אַרום מיר, געלעקט מיינע פיס און ווי משוגע פאַר פרייד געלאָפן פאַרויס. אברהמל האָט פאַרוואָרפן אַ שטריקל אַרום די הערנער פון דער ציג און זי אַרויס־געפירט פון גאָרטן. די קליינע באַשעפענישן זענען איר נאָכגעלאָפן צעשראָ־קענע, מיט פאַריסענע מאָרדעטשקעס האָבן זיי געמעקעט, געבעקעט און זיך געפּלאָנטערט לעבן דער מאַמעס באָקעס און זיך געהוידעט אויף די הויכע שוואַכינקע פיסלעך. זיי האָבן געוועקט אין מיר אַזוי פיל באַוווּנדע־רונג, אַזוי פיל שיינקייט.

אברהמל האָט זיי געגלעט און צערטלעך געוואָרנט:

דו, דינעלע, ביסט שוין אַ פאָלנע סעניאָריטאַ, דאַרפסטו זיין קלוג און גיין אויף דעם אויסגעטראָטענעם סטעזשקעלע. און דו, גרויסער בחורל, קוק נישט אַזוי תמעוואַטע! גיי לעבן דיין שוועסטערל!...

בלומעלע האָט אָפּגעלאָזט מיין האַנט און איז אַוועק פאַרויס לאַכנדיק און שרייענדיק:

— פּאַפּי, אברהמעלע, פּאַפּי!...

און די שליאַרקעס פון איר קליידעלע, די שלייפן אויף אירע אַקסעלעך האָבן זיך געוואַשן אינעם זומערדיקן ווינטל, זיך אויפגעהויבן, צעיאָגט ווי

די בלעטער, ווי די דינינקע סטראָגערלעך צווישן מיט רייזעלעך אויף די יונגע, גרינע צווייגעלעך.

פון אַלע אָפענע וועגן, גרינע גערטנער און שכנישע שטיבלעך האָט עס געשלאָגן אויף אונדז מיט ריחות פון צייטיקע פּירות, ווייס־בלויען צווישן און זוניקייט פון מענטשלעכער מי און דערפרישער מנוחה. עס האָט אויס־געזען, ווי אברהמלס פרייד וואָלט פון אומעטום אַראָפּגעשיינט און פּאַ־מעלעכקע אַריינגעטריפט אין מיר...

די קליינע באַשעפענישן זענען גיך געוואָרן מיד. זייערע יונגע קנעלעך האָבן זיך געבויגן צו דער ערד. האָט אברהמל אויפגעהויבן דאָס זיעלע, געקושט די מאָרדעטשקע און גערעדט צו איר:

— אַז דו וועסט זיך אויפפירן שלעכט, וועל איך דיך פיינט האָבן, דו הערסט, דינעלע איך האָב פיינט צערעמאָניעס!... אַז דו וועסט דיר נאָכ־געבן דער שוואַכקייט — איז אויס מיט דיר. ביי אונדז, יידן, שטייט גע־שריבן: איבער געוואַלד ביסטו געבוירן און איבער געוואַלד וועסטו לעבן! און איך זאָג —איבער געוואַלד וועסטו היינט מאַכן דעם שפּאַציר!...

— און איבער געוואַלד שטאַרבן! איך ווייס עס אברהמעלע! — האָב איך צו אים געזאָגט. — די יידישע לערע איז ביי מיר אין האַרצן, נאָר נישט תמיד קען איך זי פאָלגן...

— ניין, ניין! — האָט ער מיטן פינגער אַ קלאַפּ געטון איבער דער ציגעלעס נעזל. — אין אַזאַ זוניקן טאָג טאָר מען נישט טראַכטן וועגן שטאַרבן!... און ווען די טעג זענען פאַרוואָלקנט, כמאַרנע — דאַרף מען וואַרטן אויף דער זון, וואָס וועט זיך ענדלעך באַווייזן! די גאַנצע שיינקייט, דינעלע, באַשטייט דאָך נאָר אין וואַרטן, שטרעבן און קוקן ווייט און טיף אין דער זון אַריין!...

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געשלונגען מיט זיי די גאָלדענע בלויקייט. ער האָט דאַן אויסגעזען אַזוי איידל, אַזוי דורכלויכטיק, ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ שטיק זון.

**
*

— אין וועמען פון אייער משפּחה זענט איר געראָטן? — האָב איך אים געפרעגט. ער האָט פאַרלאַנגזאַמט די טריט און גייענדיק ביי מיין זייט האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן און עפּעס אַזוי לייכט, ווי ער וואָלט זיך געשפּילט מיט כוואַליעס פון אַ לויטערן וואַרעמען וואַסער:

— מיין זיידע, דינעלע, איז געווען אַ ייִד, אַ שברי־כלי, אַ קליינער, אַ דאַרער אַזוי ווי איך. ער איז געווען אַ בלייכער ווי אַ רויִקע לבנה־נאַכט. ער האָט געהאַט לאַנגע דינע הענט, אַ לענגלעך פּנים און אַ ברוין שמאָל בערדעלע, אַ ייִד ווי אַלע ייִדן!... נאָר אויגן האָט ער געהאַט טיפע, ברוינע און ווייט־זעעוודיקע... זיי זענען געווען פול מיט אַ דינעם הומאָר, מיט בטחון, גלויבן. און ליב געהאַט האָט ער זיינע ייִדן, געליבט מיט אַ געפיל פון רחמנות און אויך מיט פאַרדרוס. דער זיינע האָט אויך געקענט זינגען און אויפשפּילן אַ דוינע־שפּיל מיט האַרץ, מיט געפיל. איך האָב דעם זיידן קיינמאָל נישט געזען קיין טרויעריקן!...

— ער איז געווען דער בורר צווישן ייִדן אין דעם דערפל, שוחט, און אין די יום־טובים געדאַוונט פאַרן עמוד. די פּויערים האָבן אים ליב געהאַט. זיי האָבן אים גערופן „דער הייליקער נחום", און די ווייבער זענען געקומען צו אים נאָך סגולות צו האָבן אַ זכר, אָדער צו אַ לייכטן קימפּעט... געווען איז ער אָבער אַ קבצן ביז צו דעם נאַקעטן ביין... אָבער מיר, די אַכצן אייניקלעך זיינע, די קינדער פון זיינע זין און טעכטער, האָבן אים ליב געהאַט און פאַרגעטערט.

— איין מאָל, איך געדענק עס ווי היינט, — האָט אברהמל אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, און זיין בליק האָט געבלאַנדזשעט ערגעץ ווייט־ווייט, — דאָס איז געווען, ווען דער צאַר ניקאָלאַי האָט באַפוילן אַרויסצוטרייבן אַלע ייִדן פון די דערפער, האָט זיך פון ערגעץ אַראָפּגעיאָוועט איינער אַ פאַרשוין, אַן אוקראַינער, אַ האַידאַמאַק ווי א ריז, אַ פאַרשוין מיט אַ רויטער קודלע, מיט אַן אַנגעגאָסענעם קאַרק און מיט קליינע כיטרע אייגעלעך. גערופן האָט מען אים מיקיטאַ און געווען איז ער אַ ווייצלער, אַן אויסגעלאַסענער, און ער איז אָפט אַריינגעקומען צום זיידן. אָבער אין דאָרף האָט אָנגעהויבן צו שמעקן מיט פּאָגראָמען. אַ סך מאָל, ווען דער פאַרשוין איז געווען שיכור, האָט עס געשלאָגן פון אים מיט תקיפישן שטאָלץ און מיט פּויערישער כיטרעקייט. זיינע קליינע אייגעלעך אונטער דעם פאַרכמאַרעטן שטערן זענען אומגעלאָפן ווי מייזעלעך. ייִדן האָבן זיך פאַר אים געשראָקן.

— עלנט האָט מען דעמאָלט אויסגעזען און ווי פאַרלאָזט פון גאָט און פון לייט. בלויז דער זיידע איז תמיד געווען רויִק, פריילעך ווי גאָרנישט. אין די בלויע אויפדערנאַכטן, ווען די ייִדן האָבן זיך אויסגעטאָן פון באַטאַגיקן רעש, פון האָרעוואַניע, איז מען זיך צונויפגעקומען אין זיידנס גרויסן פאָדערהויז, זיך אויסגעזעצט אויף זעקלעך מיט תבואה, און דער זיידע אינעם לייב־צודעקל אויפן העמד און מיט אַ קליין יאַרמעלקעלע אויפן שפּיץ

קאָפּ, האָט דערציילט מעשהס וועגן שדים, גוטע ייִדן און, איבערהויפּט, וועגן לעבן פֿון די אַמאָליקע ייִדן, וועגן זייער בטחון און וועגן זייער כוח צום וואַרטן און צו איבערגוברן די מורא... דערציילט האָט דער זיידע מיט האַרץ און מיט געפֿיל אַזוי, אַז פֿון יעדן וואָרט איז געוואָרן אַ בילד, אַ געשע־עניש, אַן איבערצייגונג.

איין יענע טעג האָט אונדז דער זיידע נחום דערציילט וועגן דעם אוקראַיִנישן גזלן באָגדאַן כמעלניצקי. דער זיידע האָט געהאַט אַ פּנקס מיט דאַטן און ציפֿערן וועגן די אומגליקן, וואָס יענער גזלן האָט געבראַכט אויף די ייִדן פֿון אוקראַיִנע און פּוילן.

באָגדאַן כמעלניצקי מיט זיינע צעיושעטע מערדער האָבן אַרויסגעריסן די עופּהלעך פֿון שוואַנגערע ייִדישער ווייבער, און אָנגעשטאָפּט די ליידיקע מוטער־טראַכט מיט גערשטן און מיט אָפּפֿאַל... ייִדיש בלוט און טרערן האָבן זיך געגאָסן ווי וואַסער. ס׳האָט געשרפֿט ייִדיש האָב־און־גוטס. כמעלניצקי מיט זיינע מערדער האָבן געשאָכטן און געשניטן שטיקער פֿון ייִדישע קינ־דער... לעבעדיקערהייט האָט מען זיי געוואָרפֿן אין טייך.

— איז וואָס איז געוואָרן, זיידעניו? — האָב איך מיט שרעק אויסגע־שריען. — און ווו איז געווען גאָט? און פֿאַרוואָס איז כמעלניצקי געוואָרן אַ גזלן?...

דער זיידע האָט געשמייכלט און מיט אַ פֿינגער גערדרייט פֿאַר מיין פּנים — באָגדאַן כמעלניצקי, — קינד מיינס — איז געווען אַ שוואַרצער שליח פֿון אַשמדאַי. זיין נאָמען איז אויף אַלע אייביקייטן פֿאַרשאָלטן, און יעדער מענטש, מיין קינד, וועלכער האָט אין זיך אַ טראָפּן בלוט פֿון דעם גזלן כמעלניצקי, וועט, מיט גאָטס הילף, אונטערגיין. קללות פֿון גאָט זאָלן קומען אויף יעדן באַשעפֿעניש, וואָס וועט אים אַמאָל דערמאָנען צום גוטן, און ייִדן דאַרפֿן וואַרטן און האָפֿן...

— דאָס שלעכטע, דאָס פֿאַרדאָרבענע, מיין קינד, מוז אָפּגעבראָכן ווערן. די ערד וועט עס צודעקן און זייער געדעכעניש וועט בלייבן ווי אַ צייכן פֿון פֿינצטערקייט. ייִדן, מיין קינד, האָבן איבערגעלעבט און וועלן, מיטן איי־בערשטנס הילף, איבערלעבן אַלע כמעלניצקיס און אַלע באָגדאַנס. ער וואַרט לאַנג און צאָלט גוט... — האָט דער זיידע געקנייטשט דאָס פּנים און מיטן פֿינגער געוויזן דעם הימל.

— אַנטקעגן וואָס, אברהמל, די דאָזיקע מעשה? מיינט איר, אַז מיין דיאַדיושקאַ האָט אונדז, מיר מיט אַבראַשען, גאָרנישט דערציילט וועגן יע־נעם גזלן? מיינט איר, אַז מיר האָבן ווינציק געטרויערט?...

— אָט, גלאַט אַזוי, דינע!... איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין זיידן, און אין זיינע מעשיות — האָט אברהמל זיך געאײלט מיך צו באַרויִקן— און איך האָב אייך נאָך אַ סך צו דערציילן, נאָר נישט איצט... נישט איצט! — איז ער אַוועק פאַרויס און איך נאָך אים.

די אַלטע כאַסעפאַ איז אונדז אַנטקעגן געקומען, האָט אונדז אויפגענו־מען ווי גרויסאַרטיקע געסט. זי האָט געשלעפּט פון די ברייטע קעשענעס אין איר פאַרטוך גרויסע קאָקאָשעס, ווייסינקע, אָפּענע און מיט פּיסקעלעך ווי פון גאָלד. זי אַליין האָט גענאַשט און אויך נישט פאַרגעסן אָן מיר און מיין קינד.

— איצט, דיניטאַ, געפעלסטו מיר גאַנץ גוט. דו ביסט אַזוי רויִק, גע־מיטלעך, און נעם נישט פאַר שלעכט מיין אַלטנס געוואַגטקייט. ער האָט ליב צו מאַכן אַ הלצהלע, אָבער ער האָט ריינע כוונות. איך קען אים צו גוט, מיין אַלטן! האָסט געמעגט לייענען זיינע בריוו צו מיר אין איטאַליע. ער איז דאָ שיעור אומגעקומען פון בענקשאַפט... און איצט, מיינסטו, פראַ־ווּעט ער נישט פאַר מיר קיין בחורישן אָנשטעל?... די מאַנסבילן האָבן פיינט צו זען די אָפּגעריבענע ציפערן פון זייערע אַלטע פאַספּאָרטן!... — האָט זי אַ לאַכנדיקע איבערגעחזרט דאָס דאָזיקע וואָרט.

— דו זעסט די אַלע קינדער? — האָט זי צענומען די הענט און אָנ־געוויזן אויף דער מחנה אַרום אונדז. — זיי וויסן שוין, ווער דו ביסט, און אַלע וואַרטן דיך צו דערקענען נענטער.

קליינוואַרג האָט דערוויל אַ גלעט געטון דאָ אין ציגעלע דאָ דאָס צווייטע און געשטופּט זיי אין די פּיסקלעך שטיקעלעך ברויט, צוקערלעך און גרינע גרעזלעך.

מיר האָט זיך אָנגעהויבן אויסוויזן, אַז דער גורל האָט זיך געשטעלט מיטן פּנים צו מיר... אַלץ וועט זיך איינשטעלן. עס איז נאָר נייטיק, ווי אברהמל זאָגט, זיך נישט אונטערצוגעבן און, אויף צו להכעיס דעם גזלן, דווקא וועלן לעבן און איבערלעבן, און גיין אַפילו מיט וואַקלדיקע טריט, אָט ווי דאָס ברעקעלע ציגעלע, אָבער גיין און נישט בלייבן זיצן אויף עמיצנס קאַרק... נישט פאַרומערן דאָס לעבן פון די נאָענטע...

דער גורל איז אָבער אַ צווייפּנימדיקער, און דאַן ווען מיר טרוימען און נויטיקן זיך אַמערסטן אין זיין השגחה, דרייט ער זיך אויס מיטן רוקן צו אונדז!... אַזוי איז עס, מאַדאַם, און איר מעגט עס וויסן!... — האָט זי ביטער געזאָגט און באַנגיק געשמייכלט.

איך בין מיטגעריסן געוואָרן פון דער פריינטלעכקייט פון דער פאַמי־

ליע. איך בין איניינעם מיט זיי אַלעמען צוגעגאַנגען צו אַ קאַרוסעל, וואָס האָט זיך געדרייט ערגעץ לעבן אַ נאָענטן פּאַרק. דאָרט זענען געווען שמאָלע שטיינערנע בענק און אַ סך שיטערע הויכע ביימלעך. איך האָב מיך אַוועק־געזעצט אויפן גראָז, און די מאַמע ציג מיט אירע קינדערלעך האָט אַרומ־געשפּאַצירט און זיך פּאַמעלעכקע געפּאַשעט. אַרום אונדז האָט זיך געביל־דעט אַ רעדל פון מענטשן, עפּעס ווי זיי וואָלטן געזען ווער ווייסט וואָס פאַר אַ וווּנדער... עס האָט פון די מענטשן געשטראַלט מיט קינדישער פרייד און מיט גוטקייט...

דער אַלטער האָט אָנגעהויבן העפּען, צוקנאַקן מיט די פינגער און זינגען אַ טאַראַנטעלאַ צום טאַקט פון דער מוזיק פון דער קאַרוסעלע, וואָס האָט געגרילצט און געגרילצט אין די אויערן.

שפּעטער איז דער אַלטער, אַ צעפלאַכטענער ווי אַ הייסער קוילעטש, אַוועק צו דער קאַרוסעל און האָט זיך יינגליש פלינק אַרויפגעכאַפּט אויף איר. מיט איין האַנט האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אין אייזערנעם שטאַנג, און מיט דער אַנדערער דורכויס געוואָלט אַרויסרייסן דעם שליסל, וואָס איינער פון די באַלעבאַטים האָט אויף אַ געשיקטן אופן געדרייט אינעם הילצערנעם קלעצל, געדרייט הין־און־צוריק. קינדערשע הענטלעך, אייגעלעך, צעפּעלעך און שפּיצן פון פּאַטשיילקעס און גרינע זון־היטעלעך מיט ברייטע דאַשיקלעך האָבן ווי טויבן געפלאַטערט אין דער לופטן און זיך געריסן אָנצוכאַפּן דעם גליקלעכן שליסל, כדי צו קענען נאָכאַמאָל פאָרן אומזיסט. דער אַלטער האָט זיי אַלעמען באַזיגט — ער האָט געכאַפּט דאָס גליק...

די קאַרוסעל האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, איז ער אַראָפּ און גענומען מיט זיך זיין ווייב און מיין בלומעלען. דער נאַראַד, וואָס האָט אַרומגעשפּאַצירט אין פּאַרק, האָט זיך נייגעריק אַרומגעשטעלט אַרום דער קאַרוסעל, ווי מיטגעריסענע פון די קינדערישע קולות און פון זייער בראַוואָ־פּאַטשעריי, וועלכע האָבן געשפּאָלטן דעם אַרום:

— היפּ־ראַ! היפּ־ראַ! דער זיידע מיט דער באָבען!...

אברהמל איז געשטאַנען לעבן מיר און געקוקט און געקוואָלן פון מיין בלומעלען. זי האָט געפּאַטשט מיט די הענטלעך, זיך אונטערגעהויבן און גערופן צו אונדז. זי האָט געשיינט פון גליק. אַזאַ פרייד, אַזאַ הימלישע שיינ־קייט האָב איך נאָך ביז דאַן נישט געזען...

דערווייל איז צו די ציגעלעך, וועלכע האָבן זיך געפּאַשעט אינעם גראָז, צוגעקומען עפּעס אַ פּאַרשוין פון אַ יאָר דרייסיק. אַ הויכער, אַ בלייכער מיט אַ מידן בליק. ער האָט געפירט פאַר די הענטלעך צוויי קינדער, אַ יינגעלע

מיט אַ מיידעלע, אין שניי־ווייסע מלבושים און היטעלעך מיט גרינע דאַ־שיקלעך. די קינדער האָבן אָנגעהויבן נאָכלויפן די ציגעלעך, זענען זיי אַריין צווישן נאַראַד, און דער פאָטער איז זיי נאָכגעגאַנגען פּאַמעלעך, גע־שמייכלט און געקוואָלן פון זיינע קינדערס פרייד.

ווען ער איז צוגעקומען לעבן אונדז, האָט ער אויפגעהויבן דאָס פּנים און זיין מידער בליק האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט מיינעם. זיין בליק האָט מיך צערודערט און פול געמאַכט מיט אומרו. אַ שווערער פאַרגעפיל האָט מיך באַהערשט.

דער מענטש האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר מיטן רוקן און האָט ווי עס איז איינגענומען זיינע קינדער. דערווייל איז די קאַרוסעל געבליבן שטיין, און די מוזיק האָט אויפגעהערט. ער האָט זיך אַריינגעזעצט מיט זיינע קינדער אין אַ שיפעלע הינטער די אַלטע לייט. ער האָט ווידער אַ קוק געטון צו מיר, דאַן האָט ער זיך איינגעבויגן צו די אַלטע און זיי עפּעס אַריינגערוימט אַ סוד... די אַלטע האָבן אויפגעהויבן צו מיר די בליקן פולע מיט נייגער און אומגלויבן. דער אַלטער האָט מיטן עלנבויגן איר אַ שטורכע געטון און האָט דערביי געקראַגן אַן אומפאַרשעמטן אויסזען...

זי האָט אַן אויסגעשעפּטע געווישט דעם שוויס פון שטערן, — דער נאַראַד, די קינדער און די קאַרוסעל אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ברענענדיקע אויגן, אויגן וועלכע האָבן געחוזקט, געשטראָפט און אַפילו געוואָרנט. די מוזיק האָט ווי גערעדט: זאָלסט זיך נישט אַריינרייסן צווישן אָרנטלעכע לייט, זאָלסט נישט נאַרן, ווייל מען וועט עס דיר נישט לאָזן. אומזיסט, אומזיסט איז דיין גלויבן אין נאַראַד!... און טיסעראַ, זיין מאַמע אַלסיראַ מיט סאַנמאַרטינאַן האָבן זיך מיטגעדרייט מיט דעם קאַרוסעל, גע־פּאַטשט מיט די הענט, און ווי טויטנמאַסקעס זיך באַוועגט אַהין און צוריק, און מיך גערופן, גערופן, געצויגן אין זייער מיט און מיך מיטגעשלעפּט... און אַבראַשענקאַ מיט די אויסגעצויגענע הענט ביז צום פּאַל האָט זיך פּאַ־מעלעך געהוידעט אויפן שטריק און פון זיינע אַרויסגעשלאָגענע אויגן האָט געטריפט מיט פּחד און מיט שוידער... בלויז דאָס פּנים זיינס איז געווען איידל און געהייליקט, און ער האָט גערעדט צו מיר:

— דינעלע! זאָלסט נישט פירן אונדזער בלומעטשקען צווישן נאַראַד!... זיי וועלן זי אוניטשטאָזשען!...

ווען אברהמל האָט אַ פרייליכער מיר צוגעבראַכט מיין קינד, האָב איך אים אָנגעקוקט ווי אַ פרעמדן, — איך האָב געזאָגט:

— אוי, אַבראַשענקאַ! דו ביסט אויך דאָ?...

אברהמל האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט, און האָט מיר אַריינ־געקוקט טיף, טיף אין די אויגן.

עס זענען צוגעקומען די אַלטע. זי איז געווען פאַרווירט. פון אירע אויגן האָבן אַרויסגעפינקלט מאָדנע פייערלעך. זי האָט געקוקט דאָ אויף מיר, דאָ אויף אברהמלען און געשמייכלט. דער אַלטער איז געוואָרן אַן איינגעשרומ־פּענער ווי אַ בעל־עבירהניק, וואָס וואַרגט זיך מיט די זינד, און זיי קריכן אַרויס פון אים, אָט אַזוי ווי עס קריכן אַרויס די ווערים פון אַ צעפּרעסענער פרי... זיינע אויגן זענען געוואָרן ברייטער, פול מיט אומפאַרשעמטקייט. זיי האָבן זיך געריסן פון די טיפע אויגן־שניטן, געשוועבט איבער מיר, מיך געפרעסן, אויסגעטאָן נאַקעט פון קאָפּ ביז צו די פיס...

— נו, איצט קומט אַריין צו אונדז! — האָט ער מיט אַן אומערלעכן טאָן געזאָגט צו אברהמלען. — קומט, וועלן מיר אַ ביסל פאַרברענגען און עפּעס אַ נאַש־טון. שכנים וואַרטן אויף דעם גאַסט...

אברהמל האָט אויף אים בייז אַ קוק געטון און איז געוואָרן בלייך. ער האָט זיך געלאָזט צו דער ציג, אַרויפגעוואָרפן איר דאָס שטריקל אויף די הערנער, און מיר זענען מיט די קליינע ציגעלעך נאָכגעגאַנגען. זיי האָבן זאָרגלאָז געציפּט די גרעזעלעך און אַלע ווײלע געבליבן שטיין און געקוקט מיט די נאַרישע אייגעלעך.

בלומעלע האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן. זי האָט זיך געריסן צו־ריק צום קאַרוסעל. איך האָב אָפּט, ווי קעגן מיין ווילן, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צוריק, און געזען יענעם מאַנספאַרשוין מיט די קינדערלעך זיינע שפּאַצירן לעבן אַ יונגער ברונעטקע. זי האָט אים געהאַלטן אונטערן אָרעם. ביידע זענען געווען שיין.

לעבן מיר איז, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגעוואַקסן יענץ פּריצייטיק יינגל, און מיט אַן אָפענעם פרעכן בליק מיר אַריינגעקוקט אין פּנים, און גערעדט מיט אַ טאָן פון אַ דערוואַקסענעם:

— וואָס גייט אייך אָן דאָס פּלאַפּלען פון מענטשן?!

— גיט מיר אייער קליינטשינקע — האָט ער זיך אויסגעצויגן האַרט לעבן מיר, און מיט זיין מויל אָנגערירט מיין אַקסל. איך האָב אָבער פאַר־גיכערט די טריט און זיך געמאַכט נישט־הערנדיק. ער איז מיר הינטיש נאָכגעלאָפן און גערעדט און גערעדט און איך בין געלאָפן ווי אַ געיאָגטע פון מיין גורל. דאָס קינד האָט געוויינט און אברהמעלע, וואָס איז אַוועק פאָרויס, האָט אויפגעמאַכט דאָס טירל און געוואַרט מיר זאָלן אַריינגיין.

פּירפּאָ איז מיר אַקעגנגעלאָפן, געשפּרונגען אַרום מיר, געלעקט מיינע הענט און די סלינע איז אים גערונען פון מויל. די אויגן זענען געווען אָנגעגאָסן מיט פייכטקייט ווי טרערן.

***

אויפדערנאַכט, נאָכן אָונטברויט, האָבן מיר אָוועקגעזעצט רוען אונטערן פייגנבוים. אַ גרויסער לאָמטערן איז געהאַנגען צווישן זיינע געדיכטע בלעטער. דאָס ליכט איז געפאַלן אַרום אונדז, און האָט זיך צעשפּליטערט אינעם פּייערל, וואָס האָט געטליִעט לעבן שטאָם. אַ טשייניק וואַסער האָט זיך געזוואַרעמט אויפן פייער. אברהמל האָט דערלאַנגט מאַטע. די אינזעקטן אין גראָז האָבן אין זייער טויזנט־שפּראַכיקן לשון גערעדט צו אונדז. פון די בלויע הימל־ראַנדן מיט די שטערן אַרום אַ גילדענער לבנה האָט זיך געגאָסן אַ נאַכטיקע רויִקייט.

בלומעלע איז געזעסן אַ פאַרגאַפטע לעבן דער ציג מיט אירע באַשעפעניש. אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּל אויף אירע הענטלעך האָט זי געקוקט אויף זיי, און פרייד האָט געשטראַלט פון איר, געפלאָסן ווי פון טויזנט אויפגעריסענע קוואַלן. זי האָט אַלע ווײלע גערופן סיי מיך און סיי דעם כאַפּי.

אברהמל האָט אַ גלעט־געטון די זיעלע און אַריינגערעדט צו איר אין מאַרדעלע.

— דו, דינעלע, האָסט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין מיין לעבן!... זע, ווי בלימעלע שיינט! עס האָט זיך אָפּגעטון פון איר די שרעק און די שלעכטקייט... און איך בין געוואָרן אַ מאַן מיט פליכטן, מיט אַ לעבן פול מיט אינהאַלט... טו נאָר אַ קוק וויפל ענדערונגען עס קאָן ברענגען איין קליין לעבן באַשעפעניש...

און ער האָט צוגעדריקט צו זיך דאָס ציגעלע און עס געקושט...

מיין קליינינקע האָט אַוועקגעלייגט איר גאָלדן קעפּעלע אויף זיין קני און אַרויפגעקוקט צו אים מיט צוטרוי. זי האָט געקוקט מיט אַ בליק פון אַ מענטשן, וואָס איז זאַט און זאָרגלאָז.

— איך מוז אייך זאָגן, מאַדאַם, אַז אין ערנסטע פאַלן איז דער מוזשטשין אַ סך אומבאַהאָלפענער פון אַ פרוי. אברהמל האָט עס פּולשטענדיק באַשטעטיקט. — האָט זי אויפגעהויבן צו מיר אַ מידן בליק און האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין אירע געדאַנקען, פּונקט ווי איך וואָלט גאָרנישט עק־

זיסטירט, נאָר זי האָט זיך אויפגעדעקט פאַר זיך אַליין און אַן אויסגעלייזטע זיך אַוועקגעלאָזט איבער די חורבות פון איר לעבן. זי האָט ווידער גערעדט, געזיפט יעדעס וואָרט, נישט געאײַלט, ווי זי וואָלט געציילט זעלטענע פערל:

אברהמל איז נאָך אַלץ געווען צערודערט און אונטערן שווערן איינדרוק פון דער באַגעגעניש מיט יענעם „איידעלן" מאַן דאָרטן ביים קאַרוסעל. ער האָט טאַקע אויסגעזען רויִק אָבער איך האָב געפילט, אַז ער ליידט און איז אומגליקלעך צוליב מיר...

איך האָב מיך באַמיט צו זיין פאַרשטענדלעך, און מער נישט מאַכן קיין טראַגעדיעס פון זאַכן, וועלכע מוזן דאָך סוף־כל־סוף קומען און פאַר־נעמען זייער פאַרדינטע אָרט... איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין: נישטאָ קיין פלאַץ צו באַהאַלטן זיך פון דער פאַרדינטער שטראָף!... און ווען עמיצער וויל זיך יאָ באַהאַלטן, וועט מען עס נישט דערלאָזן... אָט איז געקומען אַ מוזשטשין, וואָס האָט, ווייזט אויס, גענאָסן פון מיין לייב, און ער האָט מיך דערקענט... האָט אַן איידעלע פרוי מיט צוויי טייערע קינדערלעך. און ער וויל נישט אָט דער איידעלער מאַן, אַז מיין קינד זאָל זיצן לעבן זיינע, און זיך פרייען אומשולדיק ווי עס האָבן זיך געפרייט זיינע קינדער און ווי עס פּאַסט פאַר קינדער פון אַן איידעלער מאַמען, ווי זיין פרוי איז... ער וויל נישט, יענער איידעלער מאַן, אַז אַזאַ ווי איך זאָל פאַרנעמען דעם אויבנאָן, דאָרטן צווישן נאַראָד, ביים קאַרוסעל, און איך זאָל זיין דער גאַסט ביי די אַלטע לייט, דאָרט ווו ער מיט זיין פרוי און קינדערלעך פאַרנעמען אַ בכבו־דיקן פלאַץ...

האָט ער דען נישט קיין רעכט צו וועלן אָפּהיטן זיין כבוד? די ריינ־קייט פון זיין פרוי און קינדערלעך? איז ער דען מחויב צו זוכן אין מיר דעם צעטראָטענעם מענטשן? — אויף דעם, מאַדאַם, מוז מען דאָך, פריִער פון אַלץ, האָבן אַ גרויס געפיל, אָט אַזאַ ווי עס האָט געהאַט אברהמעלע — אַ לעבן צו זיין אָנדענק!...

ניין! איך האָב דאַן נישט געפילט קיין כעס צו יענעם פאַרשוין, וועמען איך האָב אַפילו רעכט נישט אָנגעקוקט און נישט געקענט, נישט פריִער און נישט שפּעטער... ער איז געווען גערעכט, ווייל ער האָט דאָך געהאַט די ריינסטע באַווייזן... וואָס האָב איך דען געקענט האָבן צו אים? נישט אַזוי, מאַדאַם? די הויפּטזאַך ביים נאַראָד זענען דאָך די אויסערלעכע באַווייזן, די קאַלטע בוכשטאַבן.

אויף אברהמלען האָט מיך יאָ פאַרדראָסן! וואָס הייסט, אַ מענטש נעמט

זיך עס אַזוי צום האַרצן!? מיט וואָס, איך בעט אייך, האָב איך עס פאַר־דינט ביי אים, אַ?...

זיין אומרו האָט מיך געקוועלט, זיין גוטסקייט האָט מיך ווידער אָנ־געהייבן צו דערנידעריקן, אָט ווי עס דערנידעריקט דעם אָרעמאַן דעם גבירס צוגעוואָרפענע נדבה...

איך האָב דעם פאַרדרוס נישט געקענט דערשטיקן אין זיך:

— אברהמל! —האָב איך געזאָגט צו אים— אייער גוטסקייט, אייער פּחד פאַר דעם, וואָס מען וועט זאָגן, טרייבט מיך פון דאַנען; איך פיל מיך עלנט ווי קיינמאָל אין מיין לעבן!...

ער האָט אויפגעהויבן צו מיר זיין שוואַרצן שעפּסענעם קאָפּ, און זיין ריינער בליק האָט מיך אַרומגענומען. עס איז געווען מוראדיק שטיל. עו האָט זיך גאָר געהערט דאָס רוישן פון ווינטל צווישן די בלעטער, און פירפּאָ, אונדזער געטרייער הונט, וואָס איז געלעגן לעבן מיינע פיס, האָט געפּירט מיט זיינע הינטישע אויגן פון מיר צו אברהמלען און צוריק, און עפּעס אַזוי אומרויִק צוגעקלאַפּט מיטן טרוקענעם עק אויפן גראָז און אנטערגעוואָרטשעט ווי ער וואָלט געקרעכצט פאַרויספילנדיק, אַז מיר וועלן אים פאַרלאָזן.

איך בין געוואָרן טרויעריק, און האָב זיך ווידער אָנגערופן:

— אברהמל! פייניקט מיך נישט! גענוג! די געשעעענישן האָבן אויגן, זיי קוקן איצט אויף אונדז און זיי האָבן באַשטימט...

— וואָס האָבן זיי באַשטימט? — האָט ער אומרויִק אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט און צודריקנדיק צו זיך דאָס קינד, צערטלעך אַריינגערעדט אין אירע אייגעלעך:

— טייערע, גאָלדענע דינעלע! גאָט האָט דיך צוגעשיקט פאַר מיינעט־וועגן!...

אָבער מיך האָט עס דערמאָנט אָן מיין אַבראַשענקאָן... די תליה האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעהייבן וויגן הין און צוריק. איך האָב פאַרלוירן דעם גע־דאַנק און, דאַכט זיך, אויפגעהויבן אַ פויסט...

— גענוג, גענוג! —האָב איך געשריִען— איך וויל מער נישט קיין אומגליקן!... איך וויל מער נישט זיין קיין מלאך־המוות!... איך וועל אייך פאַרלאָזן!...

— אָבער פאַרוואָס? — זענען זיינע אויגן געוואָרן ברייט און פול מיט שרעק. — ווייסט איר, דינע, אַז איר זענט נישט ביים קלאָרן פאַרשטאַנד?

און ווו בין איך? ווו איז בלימעלע?... זעט, ווי זי שיינט! פאַרוואָס זענט איר אַזוי עגאָיסטיש?...

ער האָט אַרײַנגעכאַפּט מיין האַנט אין זיינער און טרייסלענדיק זי אַהין און צוריק, מיך געמוסרט:

— איר ווילט אומברענגען בלומעלען! וואָס האָט איר צו איר?!...

דאַן האָט זיך אין מיר עפּעס איינגעבראָכן, און אַ קוואַל פון טרערן האָט אָנגעהייבן צו פלייצן פון מיינע אויגן. איך בין געוואָרן ווייכער. זיין אויסזען האָט מיך גערירט. דאָס געפיל פון אַ מאַמען האָט מיך באַזיגט... אברהמל האָט געלאָזט איך זאָל זיך אויסוויינען, און עס איז מיר געוואָרן אַ סך לייכטער. איך האָב מיך אַרײַנגענומען אין די הענט, און געזאָגט צו אים:

— אברהמל! צוליב מיין בלומעלען, צוליב איר פּאַפּאַשאַ, מוז איך דאָך אַוועקגייך פון דאַנען!... צי מעג איך דערלאָזן, אַז זי זאָל אויסוואַקסן אָט דאָ, צווישן אָט די מענטשן?... זיי וועלן זי אוניטשטאָזשען!... איר מאַמעס פאַרגאַנגענהייט וועט איר דאָך שטענדיק נאָכגיין!... זי וועט פאַראַכטן מיך און אייך אויך... מיין קינד מוז האָבן אַ היים. איך ווייס עס אַזוי גוט ווי איר, און שוין צוליב דעם אַליין מוז איך וואָס פריער אַוועק פון דעם דאָזיקן ווינקל... דער גורל, אברהמל, איז צוויי־פּנימדיק... כדי צוצובינדן זיין קרבן טוט ער אים אויך אַמאָל אַ שמייכל, וואַרפט אַמאָל צו אַ גלעט, און שפּעטער!... נו, איר האָט דאָך דאָס היינט געזען...

— דינעלע! דאָס איז אָבער אַ סימן צום גוטן! — האָט ער שמערצלעך געגלעט דאָס קינד. — איך האָב אָט־ערשט דערפילט, ווער איר זענט, און וואָס צווישן אונדז ביידן האָט זיך געשאַפן...

איך האָב אים איבערגעשלאָגן:

— איך צווייפל גאָרנישט אין אייער אויפריכטיקייט!... עס וועט אייך אָבער נמאס ווערן... און איר, אברהמל, זענט יונג. איר זענט אַ וווּנדער־לעכער מענטש. גייט אייער אייגענעם וועג! שלעפּט נישט קיין פרעמדע פּעק אויף אייערע שוואַכע פּלייצעס...

— איך בין נישט שוואַך, דינע! — האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. — איך בין נישט מער ווי אַ מענטש, וואָס פילט... און אפשר איז גאָר אייער ווירקונג אַזאַ?... נו, צו וואָס זיך צופיל גריבלען! איך האָב עס פיינט, עס איז אומגעזונט!...

— זייט נישט בייז, אברהמל, איך וויל און מוז זיין אָפנהאַרציק, און איר זענט גאָרנישט מחויב צו פאַרשטיין דאָס לעבן פון אַזאַ פרוי... די

גאַנצע צייט פון מיין זיין דאָ טראַכט איך וועגן אייער צוקונפט. דאָ איז וווּנדערלעך צו לעבן און פאַר אייך איז עס זייער צוגעפּאַסט, ווייל איר האָט ליב די נאַטור. דאָ קענען אַרומלויפן אייערע קליינע קינדערלעך, און איר קענט דאָ שפּילן פאַר אייער יונגער פרוי... איר פאַרשטייט עס גוט...

— אוודאי פאַרשטיי איך! — האָט ער ווי צוריקגעוואָרפן מיינע רייד — וואָלט עס נישט געווען ווי איך זאָג, וואָלט דאַך געווען זינלאָז צו דרייען זיך אַרום אָן ענין, וואָס גייט מיר גאָרנישט אָן. איך אַליין האָב ליב די פרייהייט מער ווי מיין לעבן, און איך האָב אויף אייך גאָרנישט אַרויפגעצוווּנגען. אָבער איך וועל אויך נישט דערלאָזן, איר זאָלט צעקלאַפּן מיין געדאַנק און מיך אָנשרעקן ווי מען שרעקט אַ קינד...

— ערלעכקייט, דינעלע, איז אַ גרויסע מדרגה. אָבער ווען זי גרענעצט זיך מיט אומנאָרמאַלקייט, ווערט זי שעדלעך... געדענקט עס גוט!... געדענקט, אַז איך האָב צו אייך גאָרנישט דערלייגט און אייך גאָרנישט געשענקט. דאָס אַלץ איז נישט מיינס, נאָר גאָטס און פרעמדס!... — האָט ער געוויזן אויף דעם אַרום, און דערביי איז ער געווען אַזוי איידל און באַטריבט, אַז ווי עס וואָלט אים געגאַנגען אין לעבן מיך צו איבערצייגן.

— איר האָט מיר צוגעהאָלפן פלעגן דעם גאָרטן. איר האָט אָנגעצונדן אין מיר אַ געפיל פון אחריות און ליבשאַפט צום לעבן. דאָס אָפּגעבן זיך מיט אייך און מיט אייער קינד איז דאָך פאַר מיר זעלבסט אַ באַנייוּנג. איר זענט ווי קילע טראָפּנס רעגן אויף דעם דאָזיקן גאָרטן... איך בין אייך שולדיק אַ דאַנק, דינע. אונטער אייער ווירקונג האָב איך אָנגעהייבן שפּילן אויף מיין פייפל, שפּילן מיט האַרץ, מיט געפיל...

— זאָגט, אַז עס איז נאַריש, אָדער יינגליש. איך האָב זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן מיט ענדלאָזער ליבשאַפט צו מענטשן, מיט אַזוינע געפילן, וועלכע מען קען נישט אויסדריקן מיט ווערטער. איך האָב די געפילן אָנגעבאָטן וועמען איר ווילט נאָר, אָבער... אינערלעכקייט מוז האָבן אויף זיך אַ מבין... האָט איר דען נישט דערציילט, טייערע דינעלע, אַז אייער אַבראַשאַ האָט אייך דערקענט ערשט נאָך דעם אומגליק?... צי ווייסט איר, גוטע דינעלע, אַז איך האָב אייך דערפילט מער מיט מיינע חושים, מיטן האַרצן ווי מיט דעם קלאָרן שכל?... איך וואָלט מיך דערפילט אָפּגענאַרט און באַליידיקט, ווען איר זאָלט מיך שלעכט אויסטייטשן!...

ער איז געווען מיטגעריסן פון זיין געפיל, און די רייד האָבן געשטראָמט פון אים ווי פון אַ קוואַל. ער האָט ווייטער גערעדט:

— איך וויל נישט, איר זאָלט פאַלן אין אָפּגרונט, נאָכדעם ווי מיר

האָבן בײדע מיט אַזוי פיל מי אויפגעבויט אַ וואַרעם נעסטעלע. עס קלעפּט זיך נישט צו מײן געדאַנק, אַז איר ווילט מיך פאַרלאָזן... און צוליב וואָס? צוליב מורא פאַר לײטן ? ווער דאַרף זײ? אָט האָבן מיר אונדזער געזעל־שאַפט !... — האָט ער אַ קוק געטון צו פירפּאָן און צוגעטוליעט צו זיך דאָס ציגעלע, זי געקושט און געצערטלט:

— דינעלע ! לעמעלע מײנס ! דו ווײסט דאָך מיר נישט איבערלאָזן, אַ?...

און צו מיר האָט ער ווידער גערעדט מיט אַ באַלײדיקטן טאָן:

— צי איז אַ בהמה פילבאַרער פון אַ מענטשן ? זעט, דינע, ווי איבער־געגעבן אַ שטומע באַשעפעניש איז ! ווי אומדערשראָקן, ווײל עס איז נישט קרענקלעך־איבערגעשפּיצט...

— נײן, נײן, אַברהמעלע ! איך וועל נישט דערלאָזן, איר זאָלט מיך אַזוי שלעכט אויסטײטשן ! איר ווײסט דאָך גוט, וואָס מיך דערוואַרט !... צו וואָס זאָלט איר אַ גאַנץ לעבן אָפּקומען צוליב מיר ?...

— אָפּקומען הײסט, ווען מען צעברעכט אין זיך דעם אמת ! ווען מען לײדט פון אַ קרענקלעכער שרעק... וועמען האָט איר, דינעלע, אָפּגענאַרט ? וועמען אַראָפּגעפירט פון גלײכן וועג ? איך, דינעלע, בין נישט קײן פילאַנט־ראָפּ און וועל אײך, פאַר קײן פאַל, נישט אַוועקשענקען מײנע האָפענונגען, מײנע געפילן... איך האָב זײ פאַרזײט אין אײך און אין בלומעלען, און איצט וואַקסן זײ, הײבן זײ אָן בליִען, ווײל איך אַלײן זײן דער שניטער פון מײן פאַרזײ...

איך מוז אײך זאָגן, מאַדאַם, אַז ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סך מענערישקײט, גײסטיקע קראַפט, און מיך האָט עס שטאַרק געפרײט, ווען איך האָב עס אַנטדעקט. עס האָט מיך אויך שטאַרק געפרײט, ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער פאַרמאָגט גאָרנישט. ער האָט עס מיר פריִער נישט געוואָלט אויסזאָגן, מורא האָבנדיק, אַז איך וועל נישט וועלן נעמען זײנע באַשײדענע געשאַנקען פאַר מיר מיט מײן קינד.

יאָ ! ווען אַ מענטש האָט שוין נישט וואָס אָנצוווערן, ווערט ער אויס פּחדן ! שטעלן אין קאָן דאָס לעבן פון אַ פרײנט — איז אָן ענין פון געוויסן. אַזוי האָב איך געטראַכט און נישט געהאַט אים וואָס צו ענטפערן.

דערווײל האָב איך דערהערט עמעצן רופן און פּאַטשן מיט די הענט. עס האָט מיך אַ וואָרף געטון. איך בין געווען זיכער, אַז די אַלטע מיט איר מאַן זענען געקומען אונדז רופן, און דערבײ אויסשנאַפּן דעם גרינטלעכן אמת...

אברהמל איז אויפגעשפּרונגען און איז אַוועק צו דעם טירל. פירפּאָ

האָט געוואָרטשעט און מיט זיין לאַנגן און דאַרן עק צווישן זיינע הויכע הינטערשטע פיס אַוועק פאַרויס.

איך האָב געכאַפּט מיין קינד און בין אַריין אין אברהמלס חדרל. דאָרט איז געווען פינצטער. דאָס פענצטערל מיטן טירל זענען געווען פאַרהאַנגען מיט שטיקער געלן לייוונט. איך האָב מיך אַריינגערוקט אינעם ווינקל, ווו הינטער אַ פאָרהאַנג זענען געהאָנגען אברהמלס מלבושים. דאָס קינד האָט זיך אַ דערשראָקנס געוועדט און אָנגעהויבן וויינען. האָב איך באַגראָבן איר קעפל צווישן מיינע ברוסטן און האָב זי געשראָקן מיט קלעפּ.

— אוי, גאָט! ביז ווען וועסטו מיך שטעלן פאַר ביטערע פּרוּוון! — האָב איך גערעדט צו זיך אַליין. — פאַרוואָס שטראָפסטו מיך, פאַרוואָס שטראָפסטו נאָר די שוואַכע, נאָר די, וועלכע בייטיקן זיך אין דיר?...

**
*

איך האָב געהערט, אַז אברהמל איז געקומען צוריק. ער האָט מיך גערופן:

— דינע! דינעלע! ווו זענט איר? מיר האָבן געסט. מענדל דער שניידער מיט זיין פאַמיליע...

און צו זיי האָט ער געזאָגט אין אַ לייכטן געמיט:

— וואַרט צו אַ רגע, זי איז אַוודאי פאַרטון אין איינשלעפן די קליינע, אָדער אפשר לייענט זי גאָר!...

ווען ער איז אַוועק אין מיין קאָמנאַטקע, האָב איך געהערט ווי די שניידערן רעדט צו איר מאַן:

— עס וואָלט געווען כדאי צו דערגיין ביי אים, צי זי רעדט אַ מאָל פון יענעם יונג? צי עס ציט זי צוריק?...

— לאָז צורו! וואָס דיר פאַלט איין! — האָט זיך דער שניידער גע־בייזערט. — עס איז אַ זינד צו פאַרגיסן בלוט פון אַ יידישער טאָכטער. זאָלסט נישט דערמאָנען מיט קיין איין וואָרט!

— דער יאָלדעוואַטער בחור זעט אויס צו זיין אין זיבעטן הימל! זאָל מיך גאָט נישט שטראָפן פאַר מיינע רייד... וואָס זאָגסטו נישט צו דעם, מענדלשי קרוין? זע נאָר וואָס דאָ טוט זיך! אַ פּולוואַרק, אַ גן־עדן, אַ מזל פון אַ נאַפקע!...

— לאָז צורו! זאָל אַ פאַרוואָגלטע יידישע טאָכטער אַרויסקריכן פון איר פינצטערער דאָליע, ווייל איז מיר נעבעך!...

— טאַטעשי! ווו איז בלימעלע? — האָט בונימל געפרעגט. — זאָג מיר, טאַטעשי, דינעשי האָט חתונה געהאַט מיט אברהמלען?...

— דו מיש דיך נישט אין אַזוינע זאַכן! — האָט די שניידערן אָנגע־שריען אויף איר ייִנגל, און צום מאַן האָט זי ווייטער גערעדט: — ווי מיינסטו, מענדלשי, זיי האָבן דאָ געפאַסט תעניתים? זאָלן מיינע שונאים אַזוי לעבן!... נישקאָשע, עס מאַכט נישט אויס, איך בין אַ מבינטע אויף אַזוינע זאַכן... האָסט געזען אברהמלס אויערן — שטיקער פייער!... טו נאָר אַ קוק, ווי איז מיר נעבעך, אָט ליגט דאָך אַ רעדנע, דאָרטן אונטערן בוים... אונטערן לאָמטערן, אונטערן פרייען הימל! — טפו!

— נו, וואָס? — עס איז דען אַ זינד?... אויף דעם האָט דאָך דער אייבערשטער באַשאַפן די וועלט...

— זי איז אַ ווייבל, אַ קאָזאַק, אַ ברען!... און מיין אָרעמען קוזין האָט זי דען נישט פאַרדרייט דעם קאָפּ?... און דער שגץ איז דען נישט געגעריקט געוואָרן צוליב איר?... אַ מזל פון אַ נאַפקע!... אַ שגץ ווי די זון!... וואָסי, ער האָט דען נישט געקענט קריגן קיין שענערס?...

— האָסט דאָך מיר צוגעשוואָרן צו האַלטן ס׳מויל!... עס איז דאָך אַ חרפה פאַר די קינדער... גיי, בונימשי, שפּאַצירן מיט דיין שוועסטערשי, גיי!... — און צו דעם ווייב האָט ער ווייטער גערעדט: — עס איז אַ זינד צו וואַרפן בלאָטע אויף אַ געפאַלענעם, ווי איז מיר נעבעך!...

די שניידערן האָט אָבער ניט נאָכגעלאָזט: — מענדלשי קרוין, ווייסט, מיטן אייבערשטנס הילף, זען, ווער עס האָט געהאַט רעכט. מיין האַרץ איז אַ זייגער: זי וועט דעם יאָלדעוואַטן אברהמל אָפּשפּילן אַ חתונה, זי וועט אים באַנעמען ביז צו די שליפּעס, אַז ער וועט זיך האָבן צו קראַצן... ער וועט נאָך האָבן צו אונדז אַ טענה. ביי אַזוינע ווייבלעך שפּילט עס גאָר קיין ראָליע נישט... איך קען מיך אויף די דאָזיקע לייט...

אברהמל איז צוגעקומען און זיך אָנגערופן:

— דינע מוז אַוודאי זיין אין מיין חדרל, ווייל די קליינע האָט אַ טבע צו פאַרקריכן צווישן די מאַטראַצן, וואָס ליגן אין ווינקל. זי ווערט דאָרט איינגעשלאָפן...

— וואָסי, איר האָט באַזונדערע צימערן? — האָט אים די שניידערן איבערגעשלאָגן.

— דערווייל יאָ!... — האָט אברהמל קאַלט געענטפערט.

— און שפּעטער?

— אַלץ איז באַלאַנגט אין דינעלען...

— נו, מענדלשי, האָב איך געהאַט רעכט, צי ניין? איך האָב דיר געזאָגט, אַז אברהמשי האָט אַ גאָלדן האַרץ. ער וועט נישט לאָזן אַ מענטשן פאַלן ווי אַ שטרוי... עס איז, טאַקע, אַ רחמנות...

— עס איז גאָר פּונקט פאַרקערט, סעניאָראַ!... ווען דינעלע זאָגט מיר אָפּ, וואָלט געווען דער גרעסטער רחמנות אויף מיר... וואָס האָב איך צו איר צוגעלייגט? . . .

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. דערנאָך האָט דער שנײַדער געזאָגט:

— עס וואָלט געווען כדאי, איר זאָלט אײַך פריִער גוט איבערלייגן... וואָס איז דאָס כאַפּעניש?...

— רב מענדל! אַלץ איז אָנבאַלאַנגט אין דינעלען. איך קען זי שוין הונדערט יאָר... איך בין ווי געבוירן געוואָרן אײנײנעם מיט איר...

— טאַקע? טאַ־טאַ־טאַ! — האָט די שנײַדערן צוגעקלאַפּט מיט דער צונג. — זאָל עס זײַן מיט גליק!...

איך בין צו זײ אַרויסגעגאַנגען. בלימעלע האָט זיך געריסן פון מײַנע הענט. איז צוגעלאָפן צו בונימלען און האָט געלאַכט און געוויינט פון פרייד.

זײַן שוועסטערל האָט מיך באַקוקט פון קאָפּ ביז צו די פיס, געקוקט מיט מיטלייד און פאַרשעמונג. זי האָט מיר דערלאַנגט דאָס הענטל און האָט נישט דרייסט געזאָגט:

— דינעשי! מײַן ברודערל, בונימשי, האָט געזאָגט, אַז ווען אײער בלומעשי וועט אויסוואַקסן, וועט ער זי מיט אײַך אַרײַננעמען אין זײַנע שטיבן... ער וועט זײַן אַן אינזשיניער...

— ער האָט מײַן האַרץ!... — האָט זיך די שנײַדערן אויסגעצויגן אין איר גאַנצער לענג, און קוועלנדיק געגלעט איר זונס קרויזן. — און אַ קאָפּ צום לערנען האָט ער, זאָלן מיר אַלע האָבן אַזאַ יאָר!... איך האָב געקענט חופה שטעלן מיט אַ געלערנטן מאַנספאַרשוין, האָב איך מיך גאָר פאַרליבט אין מײַן מענדלשי... — האָט זי גדלותדיק פאַרצויגן איר באַחנט נעזל.

— ווען נישט זי, וואָלט איך פאַרזעסן געוואָרן אַ בחור!... — האָט דער שנײַדער נאַכגיביק געשמייכלט, און האָט זיך געווענדט צו מיר, כדי צו ראַטעווען זײַן ווײַב פון נאַרישקייטן. אײער טאָכטערשי, דינעשי, שײַנט, קיין בייז אויג, ווי דאָס שטערנטיכל פון אַ רביצן... איך זאָג אײַך, זי איז ווי אַ טראָפּן וואַסער געראָטן אין דער מאַמען...

— עס זאָל זיך עס אָנהייבן!... — האָט די שנײַדערן פאַרצויגן די ליפּן. — איך האָב תמיד געזאָגט, אַז די קליינע איז אינגאַנצן אַרײַנגעראָטן אין איר גאָטזעליקן טאַטעשי, איר צו לאַנגע לעבעדיקע יאָרן!... אַן אײ־

דעלער מענטש געווען אייער אַבראַשעשי, אַ געלערנטער, אַ שטילער חכם, אָבער אַ קליינער בעל־פּרנסה... און דאָס האָט נישט געטויגט, ווײ איז מיר געבעך!... מיין מענדלשי, — האָט זי אַ זייטיקן קוק געטון צום מאַן, — ער איז טאַקע נישט מער ווי אַ פּשוטער שניידער, טאַקע אַ קליינער פילאָ־זאָף, אָבער איך באַקלאָג מיך נישט... שטיבער האָב איך ווי די פעלדער פולע מיט לופט, מיט זון און מיט שמעקעכץ, קיין בייז אויג ניט!... מען וועט זיך איבערמאָרדעווען נאָך אַ פּאָר יאָר, וועט מען, מיטן אויבערשטנס הילף, זיין מיט לייטן צוגלייך...

בשעת זי האָט אַזוי גערעדט און דערווייל געשנאַפּט מיט איר חנוודיק נעזל, האָט איר מאַן געהאַלטן אין איין אַראָפּקוקן צו די שפּיצן פון זיינע שיך. עס איז געווען קענטיק, אַז זיין ווייבס טענות האָבן אים געקוועלט.

אברהמל האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, און האָט אָנגענומען מיין מינדסט פינגערל, מיך אַ צי געטון פאָרויס. צום ערשטן מאָל, מאַדאַם, האָב איך דערפילט זיין באַטענטקייט. דער באַריר פון זיינע פינגער האָט מיך געטרייסט און ווי דערהויבן. ער האָט מיר ווי צוריקגעגעבן די חשיבות פון אַ פרוי...

איך האָב געטריי איינגעשלאָסן זיינע פינגער אין מיינע, אָט אַזוי ווי איך וואָלט זיך דאַן אָנגעכאַפּט אין אַ רעטונגס־גאַרטל, כדי נישט צו ווערן אומגעשליידערט פון דער שניידערנס נאַרישקייטן...

פירפּאָ האָט אויפגעהויבן זיינע געצונדענע בליקן, געקוקט אויף די געסט און באַלד צו מיר און צו אברהמלען, ווי באַווייזנדיק זיין גרייטקייט צו רייסן שטיקער פון יעדן איינעם, וואָס וועט אונדז וועלן טון עפּעס שלעכטס...

אַ דאַנקבאַר באַשעפעניש איז אַ פיר־פיסיקע חיה! הלוואי אויף דעם באַראָד געזאָגט געוואָרן. נישט אַזוי, מאַדאַם?...

**
*

בונימל האָט געריסן פלוימען פון די ביימלעך און גענאַשט. זיין שוועס־טערל האָט אָנגעריסן בלומען און זיך געמאַכט אַ בוקעט און אים אונטער־געטראָגן דער מאַמען. נאָך דעם האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן גראָז און געגלעט די קליינע באַשעפענישן. פירפּאָ האָט געשנאַפּט אַרום די קינדער, זיך געהוידעט אויף זיינע הויכע פיס און געוואָרטשעט און זיך געבייזערט.

— דינעשי! — האָט דער שניידער אַ פריילעכער זיך געווענדט צו

מיר: — איך בין אייך אויף אַן אמת מקנא, ווי איך בין אַ ייִד! איר וועט, מיט דעם אייבערשטנס הילף, דאָ ווערן אַ שיינע באַלעבאָסטע, אַזאַ יאָר זאָל איך האָבן!...

און ער האָט פאַרלייגט די הענט אויף זיין ברוסט, און זיך אָפּגעזיפצט, ווי עס וואָלט אים אַראָפּ פונעם האַרצן אַ דריקנדיקע לאַסט. די שניידערן האָט זיך געהוידעט אויף די פיס און געשנירעוועט די ליפּן:

— אַז מיר וועלן, מיטן אויבערשטנס הילף, אויסמאָלן אונדזערע שטיבער, וועלן מיר זיי פאַרקויפן... און קויפן אַ גוט מיט אַ פולוואַרק... מיר וועלן אויסבויען אַ פּאַלאַץ... קינדער, קיין בייז אויג, וואַקסן... קינדער לערנען... מוזן מיר זיי האַלטן מיט לייטן צוגלייך. ניט אַזוי, דינעשי?...

— נישקאָשעו! דאָ איז פאַראַן פּלאַץ, קיין בייז אויג, סיי פאַר דערוואַקסענע, סיי פאַר קינדערלעך... — האָט איר דער שניידער אַריינגעקוקט אין פּנים. — איך פאַרלאָז מיך שוין אויף אברהמלען.

— איך בין דאָ נישט מער ווי אַ ציטווייליקער אויפזעער. — האָט אברהמל אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. — איך בין אַהער געקומען מיט אַן עלטער פאַרפאַלק פון איטאַליע, איך בין געווען זייער גאַסט, און שפּעטער דער פאַרקויפער פון זייערע בלומען. די אַלטע לייט זענען געפאָרן צוריק קיין איטאַליע אויסצופאַרקויפן זייער פאַרמעגן און ברענגען אַהער די חתונה־געהאַטע פיר זין מיט זייערע פאַמיליעס.

ער האָט אַראָפּגענומען דעם לאַמטערן און האָט געפירט די געסט אָנקוקן דעם גאָרטן, די קאַמערלעך מיט חזירים, גענדז און אינדיקעס. די שניידערן האָט געשושקעט דעם מאַן אין די אויערן: — איצט, מענדלשי, פאַרשטיי איך שוין אַלץ: ער איז דאָך אַ קבצן ביז צום נאַקעטן ביין און דערצו אַ שברי־כלי... האָסט געזען ווי געל ער איז געוואָרן, ווען איך האָב דערמאָנט דעם אָרעמען אַבראַשעשי?...

דאָ האָט אברהמל מיר אַ טרעט געטון אויף די שפּיצן פינגער, און ער האָט זיך אָנגערופן צו דער שניידערן:

— פריִער, איידער איך האָב געקענט דינעלען, האָב איך נאָך נישט געהאַט קיין באַשטימטן וועג אין לעבן. איצט אָבער האָט זיך אַלץ געענדערט. איך בין אַ מענטש פון דאָרף, וועלן מיר חתונה־האָבן אינגיכן און אַוועקפאָרן אויף דער פראָווינץ און וועלן ווערן ערד־אַרבעטער.

— שיין, שיין! — האָט דער שניידער געריבן אַ האַנט אין אַ האַנט, און די שניידערן האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: — נו, וועלן מיר טאַקע עסן לעקעך!...

— מיר וועלן אויך אַהער־ברענגען מײַנע זעקס שוועסטער! — האָט אַברהמל צוגעגעבן. — אונדזער לעבן הייבט זיך ערשט אָן. אונדזער וועג איז אַ לאַנגער, אַ שווערער, אָבער אַ זיכערער. די יסודות פון ערלעך לעבן זענען די ליבע און דאָס שאַפן. און אויף דעם זענען מיר, איך מיט דינעלען, נישט הינטערשטעליק. מיר האָבן נישט קיין טענות צו דער נאַטור!... אָבער לאָמיר בעסער אײַך מכבד זײַן מיט היימישער קאַלטער זויערמילך און אַ פֿריש שטיקל מאַלאַי מיט מאָן — מײַן דינעלעס פּראָדוקציע.

— אַ שיינעם דאַנק אײַך! — האָט זיך די שנײַדערן אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג און געוויזן מיט די בליקן צו די פּרוכט־ביימעלעך. — איך וועל ליבערשט אָפּרײַסן אַ ביסל פֿלײַמלעך און קאַרשעלעך. עס דער־מאָנט מיר דאָ אין מײַן זיידעשיס פּאָלוואַרק הינטער כעלעם. מײַן זיידעשי האָט געהאַנדלט מיט פּרוכטן. איז בײַ מיר געווען דער גרעסטער פֿאַרגע־ניגן אומצוגיין צווישן די ביימעלעך און ציפּן קאַרשעלעך, ווײַנשעלעך און פֿלײַמעלעך און זיי וואַרפֿן אין מויל.

— גיי, גיי! און זאָל עס דיר ווויל באַקומען! — האָט דער שנײַדער געשמייכלט און צו אונדז זײַטיק געווונקען מיטן אויג.

זי האָט אים געפֿאָלגט און אַרויסגעשריען פֿון צווישן די צעוויגטע צווייגלעך:

— מענדל! מענדלשי! ברענג מיר נאָר אַהער אַ גרעסערע כלי! אָסור, צי עס וועט דאָ אַרײַנקומען דער דלות. די ביימלעך זענען באַשאָטן פֿון קאָפּ ביז צו די פֿיס...

אַברהמל האָט אַראָפּגענומען פֿון צווײַג אַ גרויסן אַלטן קאַפּעליוש פֿון געלן שטרוי און האָט אים דערלאַנגט זײַער טעכטערל:

— גיב עס דער מאַמען, און זאָל זי אים אָנפֿילן!...

ווען די קליינע איז אַוועק און בונימל מיט מײַן קינד אויף די הענט איז געווען פֿאַרטון מיט די ציגעלעך, האָט דער שנײַדער פֿרײַער אָפּגעאָ־טעמט. ער האָט זיך אָפּגערופֿן:

— איך הייב גאָרנישט אָן צו פֿאַרשטיין אײַער אײַלעניש. ווער יאָגט אײַך צו לויפֿן אין דער פּראָווינץ? וואָסי, די שטאָט איז שוין צו קליין? דאָ האָט איר פֿריינט. יעדער אָנהייב איז שווער — אַזוי שטייט עס בפירוש געשריבן... — און ווײַכע באַנגיקע שמייכעלעך האָבן זיך אויסגעלייגט אויף זײַן פֿאַרמאַטערט פּנים. ער האָט געפּירט מיט די בליקן פֿון מיר צו אַברהמלען, און ווען ער האָט זיך נישט דערוואַרט אויף קיין ענטפֿער, האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פֿון אַ באַוועלטן:

— איר דאַרפט נישט זיין ברוגז אויף מיר. איך בין שוין אַ דורכגע־מאַכטער מענטש. איך ווייס, אַז פון די גרויסע ראָטשילדן זענט איר — אַ דאַנק דעם אייבערשטן ,נישט. און דאָ אין דעם גן־עדן איז שיין! — האָט ער געוואָרפן אַ בליק אַרום זיך. — ווער, אברהמשי, וועט אייך שטערן צו בלייבן דאָ? ווי איך זע, זענט איר און, אפשר, אויך דינעשי — גרויסע אויסטויגערס! ווער וועט דען זאָגן, אַז איר זענט נישט די באַלעבאַטים פון דעם גוט? ווער?

— אין דעם גייט עס דאָך! — האָט אברהמל געענטפערט מיט אַ לייכט געמיט. — מירביידע אַרבעטן דאָ ווי די פערד... ווילן טאַקע מיינע באַלע־באַטים ווילן, מיר זאָלן דאָ בלייבן אויף תמיד, און דאָס איז אַ קליין גליק, אַ קליינע ברכה, צו זיין אייביקע קנעכט... יעדער מענטש מיט שכל זוכט אַן אייגן ווינקל, אַן אייגענע היים...

— אָבער עס גייט דאָך נישט אין דעם! — האָט דער שניידער צעפירט מיט די הענט. ער איז געוואָרן מאָדנע פילאָזאָפיש געשטימט:

— איך וואָלט נאָר געוואָלט הערן דינעשיס ערלעכע מיינונג. פאַרוואָס זאָלט איר איינער אַליין באַשטימען? עס איז נישט פון די גרויסע זאַכן: אַ דין חתונה־סיגנעטל... ווען אָבער מען איז איבערגעאיילט, טויג עס אויף ניינציק כפרות... דאַן ווערט דאָס חתונה־סיגנעטל אַ שווערע קייט אויף דעם האַלדז... און דער וועג אויף צוריק איז ביטער און פינצטער...

— איז דאָך גוט! — האָט אים אברהמל איבערגעשלאָגן מיט אַ שמייכל.

— ווען מען פילט אויף זיך קייטן הערט מען אויף צו טראַכטן פון זוכן גליקן, און מען גייט זיך אין שפּאַן שאַ־שטיל... צי זענען דען דאָ אויף דער וועלט אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן מורא פאַר אָט אַ די קייטן?...

— לאָזט געמאַך! — האָט דער שניידער פאַרלוירן אַ מאַך געטון מיטן האַנט. — שטעלט דאָ אַוועק אַ ברייט בעט, דאָס חופה־סיגנעטל וועט וואַרטן...

— עס איז אַ געדאַנק! — האָט אים אברהמל אַנגענומען אונטערן אָרעם. — אַ שניידער מיט אַן אייזערנעם קאָפּ! איר וואָלט געקענט ווערן אַ מיניסטער... אַ ראַטגעבער אין ענגלישן פּאַרלאַמענט... נישט אַזוי, דינע?...

**
*

די שניידערן איז געקומען צוריק. זי האָט געטראָגן פאַר זיך אַ פולן קאָפּעליוש ווײַנשל רויטע ווי בלוט. איר מויל און דאָס פּנים איז געווען

מיט שפּריצעלעך רויטע זאַפט. איר מיידעלע האָט געהאַט אַ פולן פאַרטעכל מיט פרוכטן און פולע אויגן מיט קינדערישער פרייד און זשעדנעקייט.

דער שניידער האָט גוטמוטיק געזאָגט:

— עס פעלן אויס פּירות אין בוענאָס איירעס? אָדער מען גרייט זיך, טאָמער וועט ווערן אַ מבול, חלילה! מען וועט נישט קענען אַרויס פון שטוב צום איינקויפן עפּעס? וואָס זאָגסטו נאָר צו דעם, מיין ווייב?...

— זי, דיין טאָכטערשי!... — האָט די שניידערן אַ קוק געטון צו דער קליינער, — אָסור, צי איך האָב עס באַדאַרפט... עס האָט גאָרנישט געלוינט די מי, און וואָס, מענדלשי קרוין, וועל איך מאַכן מיט דעם ביסל קער־שעלעך? ווי אַזוי וועל איך זיי פירן אַהיים?... וואָס שמייכלסטו, מענדלשי!? וואָס בין איך ביי דיר, אַ ווייב אָדער אַ ווייס איך וואָס?...

אברהמל האָט מיר תמיד געזאָגט, אַז די שניידערן איז אַ האַרציקע אָבער אַ באַגרענעצטע און אַ קליינשטעטלדיקע. אַפילו איר לשון איז אייגנ־אַרטיק: עס פאַרמאָגט די צונויפגענומענע דיאַלעקטן פון אַלע שטעטלעך אין פּוילן. אויך דער שניידער האָט נישט געהאַט קיין אייגענע אויסשפּראַך, נאָר אַ צונויפגעקליבענע, ערגעץ אין די שטעטלעך.

אברהמלען האָט תמיד שאָקירט איר רייסן זיך צו די הימלען און איר שטאָלצירן מיטן גרויסן יחוס: מיט איר זיידנס פּולוואַרק און מיט דער באָ־בעס שטערנטיכלעך, געהאַפטענע מיט גאָלד און מיט פּערל. אָבער ער האָט געשעצט אין איר די געטריַיע מאַמע און נאָך געטרייערע ווייב. ווען ער האָט אָבער יענעם אָוונט זי געזען אַזאַ פאַריסענע, אַזאַ שטאָלצע מיט איר ווייבערישער צניעות, האָט ער זיך אַ נעם געטון צו איר גאָרנישט לויט זיין שטייגער פון שווינגען דעם מיטמענטשן:

— פון וואָס פאַר אַ שטאָט שטאַמט איר, סעניאָראַ? — האָט ער אַריינ־געשטאָכן די בליקן אין איר קליין ברוין היטעלע אויפן שפּיץ קאָפּ. אַ היטעלע מיט ווייסע און בלויע קווייטלעך און אַ באַזעצטע מיט פליגנ־פינטעלעך.

— יאָך בין פון הינטער וואַרשע!... — האָט זי אויסגעצויגן די ווערטער.

— יאָ. מען זעט עס טאַקע פון דעם מאָדעל היטעלע, וואָס איר טראָגט... און פון דער יאַקע מיט די פעדערלעך אַרום קראַגעלע. איר האָט אַ וווּנדערבאַרן געשמאַק, סעניאָראַ. בראַוואָ!...

— איך האָב דיר געזאָגט נישט אָנצוהייבן זיך מיט אברהמטשין!...

— ווער האָט אָנגעהויבן?... וואָסי, מען טאָר נישט נעמען אַ פּאָר קערשעלעך?!...

— מען מעג! — האָט אברהמל געשמייכלט. — און פאַרט אַהיים און באַקט אָפּ גוטע פּירעשקעס. זעט דאָס טייג זאָל זיין געקנעטן אויף האָניק מיט פּוטער, ווי דינעלע האָט ליב, ווען מיר קומען צו אייך אַ נאַש טון...

— זואָסי, איר האָט דאָ נישט קיין קיין אויוון? אָדער דינעשי קען נישט די מלאכה?...

— וואָס אַרט עס אייך, אַז איר ווערט זיך אָפּגעבן מיט דער אַרבעט? מיין דינע גיט זיך אָפּ מיט דער ווירטשאַפט און מיט נייען מלבושים פאַר אונדזערטוועגן. איז עס גענוג. איר זענט דאָך אַן אַלטע באַלעבאָסטע, אייך קומט עס אָן גרינגער.

— אַן אַלטע בין איך?... — האָט זי אויסגעגלאָצט אויף אים אַ צע־שראָקענעם בליק.

— נישט מער זאָלן שונאי־ישראל קרענקען! — האָט אברהמל געלאַכט, און זי האָט ברעכנדיק פּיסקעס געזאָגט צו איר מאַן:

— מענדל, מענדלשי! וואָס שטייסטו ווי אַ נעכטיקער? ביסט אַ מאַנס־פּאַרשוין אָדער — נישט דאָ געדאַכט — אַ לונג און לעבער, ווייי איז מיר, נעבעך!... ווער, מענדלשי, האָט געהאַט רעכט?...

— אי, ליובעניו! אי, האַרצעניו! — האָט דער שניידער געקוואָלן פון זיין ווייבס רוגז. — דו ביסט מיר עס תמיד די גערעכטע...

— אייער ווייב, רב מענדל, האָט אויגן ווי האַרבע פעפערלעך! — האָט אברהמל פאַרגעזעצט. — מען באַדאַרף זיין אַ מבין!...

— נו, מענדלשי! צי האָב איך עס אַמאָל געהערט פון דיר?... אַז אַ מאַנספּאַרשוין איז תמיד אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט, איז דאָס ווייב נישט מער ווי זיין סטרוזש... איך וועל עס מער נישט דערלאָזן!...

—נו, גוט! — האָט זי דער שניידער אַרומגענומען מיט זיין וואַרעמען בליק. — אַז דו האָסט חרטה, קענען מיר מאַכן אַ בייט!...

— אָסור, צי איך בין גרייט אויף דעם! — האָט אים אברהמל איבער־געשלאָגן. — איך האָב מורא פאַר אַ סטראַזשניק, פאַר אַ גאָראָדאָוואָי און פאַר אַ זשאַנדאַר... זאָל לעבן די פרייהייט!... — האָט ער שפּאַסיק צעפּירט מיט די הענט. — קום אַהער, בונימל, און זע ווי דיין מאַמע זעט אויס. נעם אַראָפּ אַ מוסטער, ביסט דאָך אַ גוטער צייכענער...

אַלע האָבן זיך צעלאַכט! די שניידערן האָט געוואָרפן קאַרשן אין מויל און מיט אַ נאָכגיביקן קול געזאָגט:

— איך האָב גאָרנישט געוווסט, אברהמטשע, אַז איר האָט אַזאַ לייכט געמיט... פון מיינעטוועגן קאָנט איר מיט דינעשין האָבן אַ גאָלדענע דאָליע

און איך װעל שױן מײן מענדלשין אױסלערנען װי צו זײן אַ לײטישער מאַן. נישקשה, איך טױג מיך אױס צו אים. אָן מיר װאָלט ער געהאַט אַ פּנים, דאָס מזל מײנע שונאים!... און איר מעגט נעמען דינעשין מיט בלימעלען און קומען זען מײן שטוב. עס װערט ליכטיק אױפן האַרצן... און אַלץ איז פאַרהאָרעװעט מיט מײן הילף... אַ קאָפּ באַדאַרף מען האָבן און הענט צו דער אַרבעט!... דאַן איז װױל און ליכטיק צו לעבן אױף דער װעלט...

זי האָט װידער געװאָרפן קאַרשעלעך אין מױל. אירע שײנע אױגן האָבן זיך געליכטיקט און אױסגעטײלט פון די טיפע און טונקלע אױסשניטן, און באַלױכטן דאָס קלאָרע פרישע פּנימל מיט די ראָזע בעקלעך.

װען די געסט זענען אַװעק, זענען מיר לאַנג געשטאַנען לעבן דער פאַרצױמונג און זײ נאָכגעקוקט. איך האָב דערפילט אַ מאָדנע לײדיקײט אין האַרצן און אַ װילן צו אַנטלױפן פון זיך אַלײן און פון דער שנײדערנס רײד, װאָס האָבן װי שװאַרצע פעדערן געװײעט איבער מיר.

אברהמל האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, אױפגעהױבן בלימעלען, פאַרפלאָכטן מײנע פינגער אין זײנע און געזאָגט:

— פּטור!... אַ ידענע מיט אַ צונג װי אױף שרױפן, כאָטש דװקא נישט קײן שלעכטע. אָבער דער רוח װײסט, װאָס עס װאַלגערט זיך אין איר מיסט־קאַסטן, טפו!...

— אברהמעלע! —האָב איך אים איבערגעשלאָגן— איך װיל, מיר זאָלן אױסבאָדן די קלײנע. זי איז אױסגעשעפּט פון אַרומלױפן, פון צופּיל גדולה. נאָך דער באָד װעט זי האָבן מער אַפּעטיט צום עסן און װעט אױך שלאָפן רויק...

— צו װאָס אַזאַ לאַנגע פאַרעדע, דיגעלע?

אברהמל איז אַװעק מיט דער קלײנער אין באָד־קעמערל און איך בין אַװעק ברענגען אַ האַנטוך מיט אַ נאַכט־העמדל. װען איך בין צוריק געקומען איז שױן דאָס קינד געזעסן אינעם קלײנעם װאַנעלע, אַ פולס מיט מולענעס װי אױסגעשלאָגענע װײסלען פון אײער. אברהמל האָט געװאַשן אירע לאָקן, דעם אױבערשטן טײל פון איר קערפּערל, און זי האָט געלאַכט און אים באַשפּריצט מיט מולענקעס.

אַ ביסל זײף־װאַסער איז איר אַרײַן אין די אױגן, און זי האָט געמאַכט אַ געװאַלד. מיר האָבן זי גיך אַרױסגעכאַפּט פון דער װאַנע, און איר אױסגע־װישט די אױגן. נאָכדעם זי אַרײַנגענומען אין אַ גרױסן האַנטוך, אָפּגעװישט, באַשפּריצט מיט פּערפום און אײַנגעשאָטן מיט שמעקנדיקן פּודער.

איך האָב זי אַװעקגעטראָגן אין מײן כאַטקע, אַװעקגעלײגט אין איר

בעטל און איר געגעבן אַ פלאַש הייסע מילך. דאָס קינד האָט געזשלאָקעט און טראָפּנדלעך שוויס האָבן אַרויסגעשלאָגן אויף איר קליין ליכטיק פּנימל. מיר ביידע, ווי צוויי אַלטע נאַראָנים, זענען געשטאַנען ביים בעטל און גע־קוקט, געוואָרט ביז זי האָט צוגעשלאָסן אירע אייגעלעך.



מיר זענען אַרויס פון כאַטקע און אַוועק באַוואַסערן דעם גאָרטן.

מיר זענען געגאַנגען זיך האַלטנדיק ביי די הענט, און קילע וואַסער־שטראָמעלעך האָבן געריזלט פון די וואַסער־קישקעס, וועלכע מיר האָבן נאָכ־געשלעפּט איבער דער גאַנצער לענג פון גאָרטן. עס איז געווען שטיל און אָנגענעם צו קוקן אויף די בערגלעך ערד, וואָס דאָס וואַסער האָט אונטער־געשווענקט און געשוימט מיט פרישקייט און מיט כוח.

מיר האָבן שפּעטער אַרומגעקוקט די ביידלעך זען צי עס פעלט עפּעס אַ חיהלע. פּירפּאָ מיט זיין לאַנגן דאַרן עק צווישן די הינטערשטע פיס איז אונדז נאָכגעגאַנגען טראָט ביי טראָט, האָט זיך צופרידן געוויגט הין און צוריק און אונדז אויף זיין הינטישן אופן אַרויסגעוויזן זיין ליבע און פריינטשאַפט. ער האָט זיך געקוילערט אויפן רוקן, געצויבערט מיט די פיס אינדערלופטן, געבילט, אונטערגעשפּרונגען און געלעקט אונדזערע הענט.

אברהמל האָט געגלעט דעם הונט איבערן קאָפּ:

— ווען איך זאָל אים נישט צערטלען וואָלט ער אַוועקגעפּגרט... דער הונט איז פון אַ בעסערער ראַסע. וואָס שייך זיין דאַנקבאַרקייט, הלוואי אויף צוויי־פיסיקע חיות געזאָגט...

ער האָט אים אַריינגעלאָזט אין ביידל און דערלאַנגט אַ שיסעלע מיט איבערבלייבעכץ פון אונדזער עסן. פּירפּאָ האָט מיט זיינע ברייטע נאָזלעכער אַריינגעשנאפּט אין שיסעלע און זיך געישובט, צי זאָל ער עסן. אברהמל האָט דערווייל אויפגעהויבן אַ ציגעלע, עס צוגעדריקט צום האַרצן און אַריינגע־רעדט אין אירע ווייסע נאַרישע אייגעלעך און אין דער שמאָלער חנוודיקער מאָרדעטשקע:

— דינעלע! אַ באַרישניע אין דיינע יאָרן דאַרף שוין נישט אויספּרעסן דאָס לעצטע ביסל חיות פון דער מאַמעס ברוסטן. איך וויל דו זאָלסט ווערן אַ ביסעלע פעסטער, זאָלסט שוין אַליין שטיין אויף דיינע אייגענע פיסעלעך... זאָלסט אַרומשפּאַנען אין דעם דאָזיקן גן־עדן און פייפן אויף דער וועלט... וויל לייטן, דינעלע, האָבן דרך־ארץ נאָר פאַר די וואָס גיבן זיי צען פייגן...

זיין מיטגעפיל האָט מיך דערבּידעריקט. מיך האָט באַהערשט אַן אומעט און אַ מורא, אַז ער איז באַהערשט פון רחמנות צו מיר, און פריער אָדער שפּעטער וועט ער חרטה האָבן אויף דער אַזוי מאָדנער פאַטעטישער רעדע און אויף זיין ליבעס־דערקלערונג אין דער אַנוועזנהייט פון די געסט.

איך האָב נישט געוואָלט ער זאָל באַמערקן מיין דערשלאָגנקייט, האָב איך אויף שנעל געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" און בין אַוועק אין מיין קאַטקעלע. איך האָב געפילט אויף מיר זיינע בליקן פולע מיט פאַרערונג און ענדלאָזן אומעט.

***

איך האָב מיך אַוועקגעזעצט ביים קינדס וויגל און מיט דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די הענט געקוקט אויף מיין קינד. זי האָט אין שלאָף אַלע מאָל אַ צי געטון פונעם מיזוקל און אַ ליכטיק זאַטער שמייכל האָט גערוט צווישן די גרויסע טראָפּנדלעך שווייס אויף איר ראָז פּנימל און אַרום איר געטאָקט מיילעכל.

אַרום איז געווען האַלב־טונקל. דער קנויט אינעם לעמפּל אויפן נאַכט־טישל איז געווען אַראָפּגעדרייט און די הויכע בלומען־שטענגלעך הינטערן פענצטער האָבן זיך געוואָשן, באַוועגט און געהוידעט אונטער דער זילבערנער שיין, ווי עס האָבן זיך געהוידעט און תפילה־געטון אַמאָליקע פרומע ייִדן, בשעת זיי האָבן מחדש געווען די לבנה.

איך האָב נישט געקענט שלאָפן. איך האָב דעריבער אויסגעטאָן דאָס קליידל, אַראָפּגענומען פון פּאָליצע עפּעס אַ ביכל און זיך געוואָלט פאַרטיפן און לייענען.

פון די אותיות זענען געוואָרן שוואַרצע פליגן מיט שפּיזיקע רויטע און גרינע אייגעלעך און צווישן זיי האָט זיך אומגעדרייט אין אַ וויכערדיקן טאַנץ בונימלס מאַמע. דאָס קיילעכדיק שטרויען היטעלע, ווי אַ לאָקשן־טעפּל אויף איר קאָפּ, און דאָס ברוינע וואָלעכל מיט די פאַרשטויבטע קניפּעלעך פון ווייכינקן סאַמעט האָט זיך געקלעפּט צו איר חנוודיק נעזעלע. זי איז געווען מאָדנע יונג און שיין.

— דינעשי! — האָט זי אַריינגעשעפּטשעט אין מיין אויער — אייער גדולה וועט נישט אַנהאַלטן קיין סך... אברהמטשע איז אַן ערלעך קינד און פול מיט רחמנות... אָבער איר מוזט אָפּקומען ביים לעבן... איר האָט געהאַט דעם גאָלדענעם שליסל צו אַלע טויערן פונעם גן־עדן, און צו אַלע שיינע וועלטן, האָט זיך אייך געגלוסט פליגעלעך אין דער נאָז... איר האָט באַגראָבן דעם

ליכטיקן אַבראַשעשי, ווי איז מיר נעבעך!... איז וואָס איז אין דעם שולדיק דער אָרעמער אברהמטשע?... דער אייבערשטער, דינעשי, פירט גוט זיין בוכ־האַלטעריע... און די וועלט שלאָפט ניט... און לייטן וועלן ניט דערלאָזן, מע זאָל זיי אייביק נאַרן, אייביק אַרויסשטעלן פייגן...

איך האָב זיך דערשראָקן פאַר דער בייזקייט פון איר קול. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עס איז געבליבן שטעקן אין מיין אָפּגעסמט האַרץ און עס רעדט אַרויס פון מיר.

עס האָט מיר אויסגעפּעלט לופט, און אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַדעקט. איך האָב פּלוצים דערפילט די ריחות פון יענעם הינטערהויף און פון דעם שאַרפן פּערפום, וואָס טיסעראַ פלעגט באַנוצן. זיין געלאָק־טער קאָפּ האָר, זיינע שוואַרצע אויגן ווי ברענענדיקע אָפּגרונטן האָבן גע־לויכטן צו יענעם ווינקל אין זאַל, און די פּעטליע מיט מיין אַבראַשענקאַן האָט זיך געהוידעט הין און צוריק, הין און צוריק.

אַרום איז געווען אַזוי פינצטער, אַזוי קלאָגעדיק שטיל ווי אין אַן אָפּענעם קבר. די פליגן און די שניידערן האָבן געזשומעט אַרום און אַרום, און זייערע שפּיציקע גרינע און רויטע בליקן האָבן געשטאָכן מיין לייב...

איך האָב געוווּסט, עס איז אַזאַ אָנפאַל פון נערוון... האָב איך מיר גע־וואָלט שטאַרקן. דערצו האָב איך מיך געשעמט פאַר מיין קינד און פאַר אברהמעלען. איך האָב דאָן שוין געוווּסט אַז די דאָזיקע אָנפאַלן אויפּטש־טאָזשען מיך ביז צום גרונט פון דער נשמה, און נאָכדעם דויערט עס טעג מיט נעכט, ביז איך נעם מיך ענדלעך צוריק אין די הענט אַריין. איך האָב געוואָלט ווערן פריי פון יענער פּלאָג, האָב איך מיך צוגעבויגן צו מיין קינד און דורך ביטערע טרערן אַריינגערעדט אין איר שלאָפעדיק פּנימל:

— בלומעטשקע! דו ביסט אַ גאָלדן מלאכל און אַ שטיק פון דיין איי־דעלן פּאַפּאָטשקע, און איך האָב מורא פאַר דיין שפּעטערדיק לעבן... איך בין גאָרנישט ווערט צו זיין דיין מאַמע. צוליב מיר, בלימעלע, ביסטו אַזוי יונג געבליבן אַ יתומהלע. צוליב מיר האָט די שניידערן געקוקט היינט אויף דיר מיט אַזוי פיל רחמנות. ווען דו וועסט אויסוואַקסן, וועט זי נישט דער־לאָזן, אַז בונימל זאָל זיך מיט דיר שפּילן... עס וועט איר נישט אָנשטיין, זי וועט מורא האָבן, טאָמער וועל איך ווערן איר מחותנתטע...

— ווי מיינסטו, בלימעלע מיינס, איז די שניידערן גערעכט מיט איר וואָרענונג נישט צו ווערן אברהמעלעס ווייב? צי איז טאַקע דער גורל אונדזערער אַזוי צוויי־פּנימדיק? צי וועלן מיר טאַקע אויסשטעלן אברה־מעלען צו אומזיסטע ליידן און אייביקער שאַנדע?...

— און איך, קינד מיינס, האָב נישט קיין כוח צו שטאַרבן, ווייל דאָס לעבן אין מיר איז שטאַרקער פון אַלע מיינע צרות. און דו, בלימעלע, דאַרפסט דאָך האָבן אַ היים, און אברהמעלע האָט אַ ריין האַרץ און האָט דיך ליב. ער וועט שטרעבן צו מאַכן אונדז גליקלעך.

איך געדענק עס נאָך ווי היינט, מאַדאַם. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז בלימעלע האָט אויפגעמאַכט אירע אייגעלעך, און געוועזן זענען זיי גאָר — אַבראַשענקאָס. עס האָט געטריפט פון זיי מיט ענדלאָזן ווייטיק און יסורים.

— דער נאַראָד וועט אים אוניטשטאָזשען — האָט עמעצער גערעדט אין מיר. — זיי וועלן אויסגיסן אויף אים אַן אָנגעזאַמלטע שלעכטסקייט. ווייל דער נאַראָד דאַרף האָבן אַ קרבן וועמען צו טויטן, און אויף וועמען שפּעטער צו האָבן רחמנות. און זייער רחמנות קומט נישט פון ריינעם האַרצן, נאָר פון דער מורא פאַר שטראָף... און דו טאָרסט נישט דערלאָזן צו דעם...

אברהמל האָט דיר צוריקגעגעבן די קרוין און דעם שטאָלץ פון אַ געליבטער פרוי. ער האָט דיר צוריק אָנגעטאָן דעם שלייער, וועלכן טי־סעראָ און דער גרינער האָבן אַרונטערגעריסן פון דיר, דיך געלאָזט נאַקעט און באַשפּיגן ביז צום ביין... טאָרסט נישט אויסנוצן אברהמעלעס גוטס־קייט, זיין רחמנות און זיין איידלקייט אברהמעלע וועט זיין פאַר מיר אַלץ וואָס איך דאַרף... ער איז עס שוין!...

— ניין, ניין, בלימעלע! גאָלדן מיידעלע מיינס! פאַרטרייב מיך נישט! פּייניק מיך נישט! — האָב איך ביטער געקלאָגט. — לאָז מיך לעבן! לאָז מיך אויסוויטיקן די שולדיקייט קעגן דיר און דיין פּאַפּאָטשקע! הער נישט וואָס די שניידערן זאָגט. זי איז אייפערזיכטיק אויף אברהמעלעס ליבשאַפט צו מיר און צו דיר... און דאָס איז אַ גוטער סימן, בלימעלע! דו ביסט מיין בלוט און פליייש!... איך וויל נישט, דו זאָלסט מיך פאַראַכטן און זיך שע־מען מיט מיר. דו ביסט די טאָכטער פון דעם איידעלן אַבראַשענקאָ. טאָרסט נישט דערלאָזן, איך זאָל זיין געפאַלן ביי זיך. טאָרסט נישט!...

— און וויסן זאָלסטו, גאָלדן מיידעלע מיינס, אַז הינטער אונדז שטייט אַ נאַראָד פול מיט זינד און מיט געמיינקייט, און נאָר די כיטרע, די פּי־פּיקע, נאָר די געוויסנלאָזע, זיי לעבן זיך אויס אין פולשטענדיקער איינ־שטימיקייט מיט די נאַרישע טעג, וואָס דער גורל האָט זיי צוגעטיילט. זיי וועלן נישט אוניטשטאָזשעט און נישט אויפגעפרעסן פון געוויסנביסן. און גראָד זיי זענען די שטרענגסטע. זיי גראָד פאַרורטיילן און ווילן קיינמאָל נישט פאַרגעבן און נישט פאַרשטיין... — נישט אמת, מאַדאַם? — איר

פאָרט דאָך אַרום, איר קומט דאָך צווישן אַ סך מענטשן — האָט זי פאַר־לוירן געשמייכלט, און ווי אַ מיטגעריסענע ווידער דערציילט:

איך האָב אָנגענומען בלימעלעס הענטל און מיט ציטערנדיקע אויגן זי געלאַשטשעט, אָבער נישט געוואָגט זי צו קושן, צו זוכן ביי איר אַ קאָפּעטשקע טרייסט.

עס איז געווען טשודנאָ ביז גאָר, מאַדאַם, עס איז אויסגעקומען ווי איך וואָלט גאָר געזוכט ביי מיין קינד אַ באַשטעטיקונג צו מעגן לעבן... און קינדער זענען דאָך נישט ווערט אַזאַ כבוד, גלייבט עס מיר. איך ווייס וואָס איך זאָג און איר מעגט עס אויך וויסן...

ערשט מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך באַנומען, אַז איך בין דעמאָלט נישט געווען ביי מיין קלאָרן פאַרשטאַנד. איך געדענק ווי היינט די שוואַכ־קייט פון מיין ווילן און די אומענדלעכע מורא פאַר מיין קינדס מיינונג וועגן מיר. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איר פּנימל איז געוואָרן קאַלט און אויסדרוקלאָז. אַז זי האָט פּאַמעלעך אַרויסגעצויגן אירע הענטלעך פון מיינע און גערעדט צו מיר מיט אַ טאָן פון אַ בייזן ריכטער, און דאָס קול איז גאָר געווען דער שניידערנס:

— גיי דיר פון דאַנען! צי ווילסטו טאַקע אויף אַלע אייביקייטן פאַר־וויסטן מיין נאָמען און דאָס געדעכעניש פון מיין ליכטיקן פאָטער?... צי ווילסטו אויך אונטערטאַשטשען אברהמעלען? צוליב דיין אָוועקרייסן מיך פון אים וועל איך ווידער בלייבן אויף דער גאַס!... דיין פאַרגאַנגענהייט, מאַמע, וועט ביז מיין טויט הענגען איבער מיר... מיך ווערסטו, מאַמע, נישט נאַרן! ניין, ניין!...

— וואָלסטו געהאַט אין דיר, מאַמע, אַ קאָפּעטשקע בושה און פאַר־שטאַנד, וואָלסטו דערוויזן אברהמעלען זיין טעות... דיין אָרט איז ביי דער מאַמע אַלסיראַ... זי באַוויינט דיך, זי בענקט נאָך דיר און זי וועט דיך צוריק אויפנעמען ווי אַ געהויבענעם גאַסט, ווי אַן אוצר. ביי איר וועסטו נישט באַדאַרפן בעטלען רחמים. זי וועט דיר אַלץ גלייבן און צו אַלץ צו־שטימען. אירביידע וועט טראָגן בלומען אויף טיסעראָס קבר, ביידע אים באַוויינען און פאַרגעטערן ווי ביים לעבן... דו מיט אַלסיראַן זענט קנעכט מיט הינטישע נשמות... אַ מאַמע וואָס ליידט אויף אַ סעקרעטנער קראַנקייט איז אַ שלאַנג, אין די ערד וועט זי אַרויסוואַרפן און דער ים וועט זי אויסשפייען...

— אַ, דו ציטערסט? שרעקסט זיך פאַר דער שטראָף, וואָס דיך דער־וואַרט? אָבער מיך אַרט עס נישט!... דו ווילסט מען זאָל דיך ליבן ווי אַ

מאַמען? — און איך פאַראַכט דיך. איך בין אַבראַשענקאָס קינד און נישט דיינס!...

— גענוג. גענוג! — האָב איך מיט די הענט זיך פאַרשטעלט די אויגן און אויערן, און די הויט פון מיין לייב האָט זיך צונויפגעצויגן און גע־שטאָכן ווי מיט טויזנטער שפּיציקע נעדעלעך. אַרום מיר האָבן זיך געדרייט מוזשטשינעס, עפּעס אַזוינע נמאוסע צעקרימטע ברואים מיט לאַנגע הענט און ביינערדיקע פיס. יעדער פון זיי האָט מיך געריסן צו זיך, און זייערע געלעכטערס האָבן מיך געדריקט צו דער ערד.

איך בין צוגעלאָפן צו דער וואַנטשאַפע און אַ ציטערדיקע, כמעט אומ־באַוווסטזיניק, גענומען איבערוואַרפן פעק מיט אַלטע שמאַטעס, זשורנאַלן, צעריסענע ביכער, ביז איך האָב געפונען מיין אַלטן אויסשטאַט: די שיכלעך מיט אויסגעהוילטע קנעפּעלעך, די ברייטע יובקע מיט דעם ברייטן זשילעט און מיין אַלטן היימישן געבלימטן שאַל מיט פראַנדזן.

איך האָב מיך גיך אויסגעפּוצט און איינגעוויקלט אינעם שאַל, אים אַריבערציִענדיק איבערן קאָפּ כמעט איבער די אויגן און אַ געטריבענע פון שגעון ביז איך אַרויסגעלאָפן אין גאָרטן.

אַ רויטע לבנה ווי אַן אָפענער ברענענדיקער גלאָק האָט באַלויכטן דעם גאָרטן. די נאַכט האָט געדרוט איבער די קרוינען פון די ביימער. די בלויע הימל־ראַנדן ווי זיידענע פּרוכתן האָבן גענידערט צום האָריזאָנט און באַלויכטן די שמאָלע סטעזשקעלעך צווישן די ביימלעך און קוסטעס, און די פיס האָבן מיך געטראָגן ווייטער און ווייטער אַליין נישט וויסנדיק וווהין.

דער געטרייער פּירפּאָ האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געבריל און נאָך אים — אַלע חיות. עס איז געוואָרן אַ גערודער, אַ געמיש פון קולות, און אברהמל איז אַרויסגעלאָפן פון זיין כאַטקע, ער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ גרויסן אָנגעצונדענעם פאָנאַר און באַלייכטנדיק דעם אַרום האָט ער אויס־געשריִען:

— ווער איז דאָרט?! קאַראַמבאַ! איך וועל שיסן!...

איך בין געבליבן שטיין ווי אַ געליימטע.

פּירפּאָ איז צו אים צוגעלאָפן, האָט אָנגעהויבן שפּרינגען אַרום אים, בילן און וואָרטשען, זיך דורכגעקאַטשעט פאַר זיינע פיס, ווידער אויפגע־שפּרונגען און איז אַוועקגעלאָפן צום ווינקל, וווּ איך בין געווען.

דער הונט איז צוגעפאַלן צו מיינע פיס, זיי געלעקט, שווער געסאָפּעט און געסלינעט מיט זיין לאַנגער אַרויסגעשטעקטער צונג. אברהמל האָט

אויפגעהויבן דעם פּאַנאַר און מיך באַלויכטן. זיין דערשראָקענער בליק האָט ווי אַ שטיק פייער אַראָפּגענידערט ביז צום גרונט פון מיין אויפגעציטערט האַרץ און איז דאָרט געבליבן שטעקן ביז צום היינטיקן טאָג.

ער האָט שווייגנדיק אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל און מיך געפירט צוריק. פירפּאָ מיט דעם נאָכגעלאָזטן עק צווישן די הינטערשטע פיס איז אַוועק פאָרויס. מעריצנדיק געוואָרטשעט האָט ער אויף זיין הינ־טישן שטייגער מיך געשטראָפט און געוואָרנט, איך זאָל מער אַזוינס נישט טאָן...

אין כאַטקעלע איז געווען אַזוי מחיהדיק שטיל און לופטיק. דער קנויט פון דעם קליינעם גאַז־לעמפּל אויפן נאַכט־טישל האָט געוואָרפן אַ בלייכע שיין אויף בלימעלעס פּנימל. זי איז געשלאָפן רויק און געשמאַק, און אַ גליקלעך שמייכעלע האָט געשוועבט צווישן די טראָפּנדלעך שווייס אַרום איר קליין זאַפטיק מיילעכל.

אברהמל האָט אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט דעם אויסגעלאָשענעם לאָמ־טערן, האָט אַראָפּגענומען פון מיר דעם שאַל און אים אַוועקגעוואָרפן עפּעס ווי אַ שטיק נבלה. דאַן האָט ער זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויפן ראַנד פון בעט. זיין שיינער קאָפּ, ווי אַ שוואַרצע שאָף, האָט זיך מאָדנע אויסגעטיילט פון דער קרענקלעכער בלייכקייט אויף זיין איידעלן פּנים מיט די רויטע פלעקן און די אָפּגעצערטע באַקן. ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין פּנים אויף די הענט, עטלעכע מאָל זיך אָפּגעהוסט, און פּלוצים האָבן צוויי שמאָלע שטראָ־מעלעך בלוט גענומען ריזלען פון זיינע צונויפגעשלאָסענע מויל־ווינקלען. די נאָזפליגלען האָבן אָנגעהויבן ציטערן און טראָפּנס שווייס האָבן זיך גע־גאָסן פון אים, ווי ער וואָלט נאָרוואָס אַרויס פון אַ שוויצבאָד...

איך האָב עפּעס ווי נישט געוואַגט זיך צו רירן פון אָרט, צוצוגיין צו אים... איך בין נאָך אַלץ געווען אונטערן איינדרוק פון יענע אויסגעלאָסענע בילדער. אברהמעלעס בליק איז געוואָרן פאַרנעפּלט און זיין קאָפּ איז, ווי אַ געשאָכטענער קאַלב, צוגעפאַלן צום קישן. איך בין געקומען צו זיך, צוגע־לאָפן און האָב מיטביידע הענט פאַרזיכטיק אונטערגעהייבן זיין קאָפּ און וויינענדיק געגעדט:

— אברהמעלע, איך בעט אייך, זייט מיר מוחל! איך האָב עס נישט געמיינט... גלייבט מיר, איך בין נישט שולדיק... עס איז געווען אַן אָנפאַל, אַ קאָשמאַר...

זיינע ליפּן האָבן זיך אַ קרים־געטון אין אַ שוואַכן שמייכל. עס איז מיר געווען שווער צו וויסן, צי ער האָט געוואָלט וויינען אָדער זיך פרייען...

ער האָט אויפגעהויבן אַ האַנט און מיר אַ גלעט־געטון איבערן קאָפּ, זיך אויסגעצויגן אויפן בעט, האַלטנדיק מיך ביי די הענט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז איך וועל אים פאַרלאָזן.

— אברהמל, וואָס איז מיט אייך?! — האָב איך געציטערט פון שרעק. איר זענט, חלילה, קראַנק, אָדער עס איז פון אויפרעגונג?... וואָס זאָל איך איצט טון? שווייגט נישט, איך בעט אייך! ווי געל איר זענט איצט!... און פון וואַנעט קומט דאָס בלוט?...

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו זיין רויק. מיט דעם זוים פון זיין פּידזשאַמע האָט ער אויסגעווישט די ווינקלען פון זיינע ליפּן, און האָט מיך צוגעצויגן גאָר נאָנט צו זיך, זאָגנדיק מער מיט די צעפּיבערטע אויגן ווי מיט דעם געשלאָסענעם מויל:

— שרעק דיך נישט, דינעלע, עס איז גאָרנישט געשען. מסתמא האָב איך היינט צופיל פאַרבראַכט אונטער דער ברענענדיקער זון. איך בין דאָך נאָך נישט געוווינט צו די אַרגענטינער היצן...

— אברהמעלע! — האָב איך צוגעטראָגן זיינע ברענענדיקע פינגער צו מיינע ליפּן און האָב זיי געקושט. — זאָגט מיר, איז עס ביי אייך דאָס ערשטע מאָל?...

— גיב מיר, דינעלע, אַ ביסעלע זיס וואַסער, וועט עס גלייך אויפ־הערן... שרעק דיך נישט.

איך האָב אים געבראַכט אַ גלאָז וואַרעם זיס וואַסער. ער האָט עס אויסגעטרונקען. נאָכדעם מיך ווידער צוגעצויגן צו זיך, אַרויפגעלייגט אויף מיין אַקסל זיין שוואַכע איידעלע האַנט און, פאַרמאַכנדיק די אויגן, האָט ער איינגעשלאָסן מיינע פינגער אין זיינע און אָנגעהייבן צו דרימלען.

איך האָב צוגעלייגט מיינע ליפּן צו זיין ברענענדיקן שטערן און מיך האָט אַרומגעכאַפּט אַן ענדלאָזער פּחד, טאָמער, חלילה, ווער איך אים אויך אָן. איך האָב דערפילט צום ערשטן מאָל, אַז ער איז מיר אייגן, און איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין לעבן, פאַר זיין ביסעלע געזונט און פאַר דער האָפענונג, וואָס ער האָט מיר אָנגעטרויט...

איך האָב דערפילט, אַז אַ נייער כוח האָט זיך צו־ביסלעך אַרויסגע־שפּאַרט פון מיין געביין און האָב עס פאַרשטאַנען ווי אַ סימן צום גוטן... איך האָב מיך אויסגעצויגן נאָנט לעבן אים און מיט דער האַנט געגלעט זיין פאַרשוויצטן שטערן...

פּירפּאָ האָט זיך אויסגעצויגן לעבן בעט און האָט געקוקט צו אונדז

מיט זיינע האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן און אָפּט אונטערגעזיפצט, בייזלעך געוואָרטשעט, ווי ער וואָלט מיר נאָך אַלץ נישט פאַרגעבן די זינד, וואָס איך בין שיעור באַגאַנגען קעגן אים און קעגן אברהמלען...

**
*

ווען דער האָן האָט דעם ערשטן קריי געטון בין איך אויפגעשטאַנען און אַרויס אין גאָרטן. עס איז געווען קיל. מחיהדיקע ריחות פון אַלערליי רויזן און פלאַנצן מיט פרוכטן זענען געהאנגען אין דער שאַרפער געדיכטער לופט. אַ זון ווי אַן איידעלער רויטער קרישטאָל האָט לייכט געציטערט צווישן די שטייפע מיט טוי באַפּערלטע בלעטער פון דיביימער און פון רויזן ווי געשניטענע פון זייד און פון סאַמעט...

איך האָב צעפראַלט אַלע ביידלעך און אַרויסגעלאָזט די חיות, זיי גע־געבן עסן און טרינקען, און ווען זיי האָבן געזעטיקטע זיך אַ לאָז־געטון איבערן גאָרטן, בין איך אַריין אין אונדזער באָד־חדר, זיך אָפּגעבאָדן און אָנטוענדיק אַ ריינעם ווייסן אַרבעטס־פאַרטוך האָב איך גענומען צוגרייטן די קאַווע. איך האָב דערלאַנגט אַ הייס פלעשל מילך בלימעלען, און נאָכדעם זיך איבערגעבויגן איבער אברהמעלען. כ׳האָב אים אָפּגעווישט זיין פאַר־שוויצט פּנים און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, מיך אָנגעקוקט מיט אַ צע־שטרייטן בליק און באַלד זיך געפּרוווט אויפהייבן, רעדנדיק צעשראָקן:

— דינעלע, דו האָסט מיך געלאָזט איבערנעכטיקן דאָ?... פאַרוואָס האָסטו מיך נישט אויפגעוועקט צו דער אַרבעט?...

— עס איז נאָך גאָר פרי, אברהמעלע — האָב איך אים באַרויִקט און געווישט דעם שוויס פון זיין שטערן — טרינק אויס אַ גלאָז מילך מיט אַ געלכל פון אַן אייעלע און שלאָף נאָך אַ קאַפּעטשקע. דו האָסט געהאַט אַ שווערע נאַכט...

ער האָט געטרונקען האַלטנדיק דאָס גלאָז איניינעם מיט מיינע הענט. איך האָב געפילט די שוואַכקייט און דעם ציטער פון זיינע איידעלע הענט און מיין האַרץ איז געוואָרן פול מיט ליבשאַפט צו אים און מיט אַן ענדלאָזער געטרייקייט, אָט ווי ער וואָלט געווען מיין איינציקער גערואָטענער בן־יחיד.

אברהמעלע האָט נאָכדעם ווידער געכאַפּט אַ לייכטן דרימל. איך האָב גענומען מיין בלימעלען און בין מיט איר אַוועק אין גאָרטן. אונטערן גע־דיכטן פייגנבוים האָב איך צוגעגרייט אַ געלעגער פון גרינעם גראָז, וואָס איך האָב אָנגעשניטן מיט אַ שאַרפער קאָסע. אויף דעם גראָז האָב איך

אויסגעשפּרייט אַ גרויסן טעפּיך, טאַקע זיינס, אברהמעלעס, היימיש פאַר־מעגן. איך בין צוריק אַריין אין צימער און אים אויפגעוועקט:

— קום, אברהמל, וועסט זיך אויסרוען אין גאָרטן, וועסטו זיך מחיה זיין...

ער האָט מיך געפאָלגט, און איז אַרויס מיט מיר אין גאָרטן און זיך אויסגעצויגן אויפן צוגעגרייטן געלעגער. בלימעלע איז געזעסן ביי זיינע פיס און זיך געשפּילט מיט איר גרויסער קוקלע, און פירפאַ מיט די ציגעלעך האָבן זיך אויסגעלייגט אַרום אים, ווי זיי וואָלטן דערמיט באַוויזן זייער גרויסע פריינטשאַפט, וואָס איז אַזוי נייטיק אין צייטן פון יסורים.

איך האָב באַוואָסערט די רויזן און נאָכדעם צוגעגרייט מיטיק. אברהמל האָט ווידער אויסגעטרונקען אַ גלאָז וואַרעמע מילך מיט אַ געלעכל. דאַן האָט ער גענומען מיין קינד אויף די הענט און עס אויפגעהויבן אין דער לופטן.

— זעסט, דינעלע, ווי געזונט און שטאַרק איך בין?...

— איך ווייס, איך ווייס, אברהמעלע! דו דאַרפסט עס מיר נישט דער־ווייזן! — האָב איך צוגענומען די קליינע פון זיינע הענט.

— איך בין באַלד, ווי איך האָב אויסגעטרונקען דאָס זיסע וואַסער, ווידער געוואָרן אַ פאָלנער מענטש... דו האָסט דיך אומזיסט דערשראָקן... איך קען אַפילו איצט צעאַקערן אַ שטיק פעלד...

— מאָרגן ,מאָרגן, אברהמעלע, וועסטו ווידער אַרבעטן. היינט וויל איך האָבן די פרייד דיך צו באַדינען. ביי מיר איז עס אַ שפּילעכל...

— און מיר קומט צו אַ שטיק געזונט, ווען איך זע דיך אַזוי אַרומ־שמייען. עס דערמאָנט מיך אָן מיין מאַמען, ווען זי פלעגט אין די פרייטיקן זיין פאַרלייגט מיט אַרבעט. זי האָט זיך געאיילט צוצוגרייטן דעם טשאָלנט מיטן שבתדיקן קוגל. מיין מאַמעס מאכלים, דינעלע, אירע יום־טובים און שבתים זענען מיר געבליבן אָט־דאָ־אָ!... —האָט ער צוגעטראָגן די האַנט צום האַרצן— קיינער וועט זיי נישט אַרויסרייסן!...

אין דער צייט וואָס ער האָט אַזוי גערעדט, זיצנדיק מיט די פיס אונ־טער זיך, האָט זיך די גאָלדענע זון געוויקלט אַרום זיין האָלדז און אַרום זיין קאָפּ, און ער האָט אויסגעזען ווי אַ צעבאַלעוועט יינגל, אַ קינד, וואָס מאַכט זיך קראַנק, כדי נישט צו גיין אין חדר...

איך בין אים געווען דאַנקבאַר פאַר זיין נישט אויספרעגן מיך, זיין נישט וועלן וויסן, וווהין איך האָב נעכטן געוואָלט לויפן. דאַנקבאַר פאַר דעם אויפוועקן אין מיר דעם באַגראָבענעם געפיל פון אַ מאַמען, פון אַ

פרוי און אַ שוועסטער, פון אַ געליבט ווײַב, וואָס איז מסוגל גליקלעך צו מאַכן אירע מיטמענטשן...

זײַן באַרימען זיך, וועלן באַווײַזן זיך מיט זײַן מענערישער גבורה, כדי מיר צו געפעלן, אויסצוגעמען, האָט געוועקט אין מיר סײַ שטאָלץ פון אַ געליבטער פרוי און סײַ ענדלאָזן מיטגעפיל צו אים. ער איז געווען אַזוי אומבאַהאָלפן אין זײַן וועלן באַווײַזן זיך מיט זײַן שטאַרקייט, און דווקא אָט די שוואַכקייט האָט מיך צוגעבונדן צו אים.

— אברהמעלע! איך האָב תמיד מורא געהאַט פאַר די צו־שטאַרקע... זיי האָבן שוואַכע געפילן... אַלץ מוז זיך, מיינען זיי, דרייען אַרום זייער אייגענער פערזאָן און דאָס טויג נישט... לעבן צווישן די צו־שטאַרקע, די פולקאָם־געזונטע און צופרידענע — איז נישט גוט, עס קען זיך נישט צעוואַקסן דער פרוכטבוים אין אונדז...

— אַ מאַנצביל, דינעלע, מוז זײַן שטאַרק, אַפילו ווען ער איז עס ניט... דאָס לעבן, דינעלע, איז אַ שווערער באַרג־אַרויף!... — האָט ער בראַווירט מיט אַן אָנגעביילטער פויסט.

— נישט תמיד איז עס אַזוי... אַמאָל קאָטשעט עס זיך באַרג־אַראָפּ!...

— גיין שוין, גיי! — איז ער געוואָרן סמוטנע און האָט אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט.

— טרייב מיך, טרייב, אברהמעלע! — האָב איך מיך געשעמט צו קוקן אין זײַנע קלוגע אויגן. — עס וועט דיר סײַ־ווי נישט העלפן!...

ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט, און פירנדיק מיט די פינגער איבער די רויזן פונעם טעפּיך האָט ער גערעדט ווי צו זיך:

— דינעלע! איך וויל נישט דו זאָלסט האָבן רחמנות... עס טוט ווײ אָט־אָ דאָ... — האָט ער צוגעלייגט אַ האַנט צו זײַן ברוסט. — עס מאַכט קראַנק... אַ פרוי האָט ליב אַ געזונטן מאַן. איך ווייס עס...

— ניין, דו ווייסט עס נישט!... —האָב איך פּראָטעסטירט— זאָל איך שטאַרבן דאָ אויפן אָרט, צי עס איז אויס רחמנות, אָדער אויס פּראַקטישער אויסרעכענונג. עס איז אַזוי, ווי עס האָט געמוזט זײַן!... זאָכן, אברהמעלע, מוזן דאָך קומען צו אַ ברעג, צו אַ טאָלק... איך האָב דאָך נישט געוואָגט... נו, דו מוזט דאָך פאַרשטיין!...

— צוליב דעם אַליין, דינעלע —האָט ער מיך אָפּגעגאָסן מיט אַ ליכ־טיקן שמייכל,— וואָלט איך געוואָלט זײַן קראַנק כאָטש עטלעכע טעג... און דו וועסט זיך צוגעווינען, וועסט שלום־מאַכן מיט דעם געדאַנק... כאָטש איך ווייס, דינעלע, אַ פרוי מוז האָבן דעם געפיל, אַז הינטער איר שטייט

דער שטאַרקער מאַן... אַ צופעליקע קראַנקייט פון אַ מאַן קען טאַקע אויס־פיקען צייטווייליק דעם העכסטן געפיל פון שיינקייט אין האַרצן פון אַן אײדעלער פרוי, אָבער שפּעטער מוז ווידער קומען די קעגנזייטיקע אָפּ־פּערוויליקייט... אַ מאַן מוז קענען באַגליקן זיין פרוי! נישט אַזוי, דינעלע?...

— זאָל זיין, ווי דו זאָגסט! קיין פרוי וויל אוודאי נישט זען קראַנק איר מאַן. עס זענען אָבער פאַראַן צייטן אין לעבן פון יעדער פרוי, ווען זי מוז זיין דורכויס מאַמע... זי מוז פאַרגעסן אָן זיך, איר בליק מוז פאַר־לויפן דעם וועג, אים אויסבעטן מיט טרייהייט, מיט בלומען, כדי זי מיט איר מאַן און קינדער זאָלן שפּעטער געניסן פון דעם דאָזיקן אײדעלן גאָרטן, וואָס עס דאַרף זיין די היים...

— אָבער, ער דאַרף עס ווערט זיין... אַרויסרופן אין איר די דאָזיקע שיינקייט, נישט אַזוי, דינע ?

— ביי מיר האָסטו באַלד פון אָנהייב אויסגענומען —האָט ער אויס־געמיטן מיינע בליקן— פון דיין וואונדערלעכער שיינקייט האָט געצויבערט מיט צניעות פון אַ יידישער מאַמען און מיט אומשולד. איך האָב אין דיר געפונען מיין אידעאַל...

— הלוואי זאָלסטו, אברהמעלע, מיך תמיד זען אַזאַ, ווי דו זאָגסט!... עס איז דאָך שרעקלעך אויפצונעמען קרבנות פון אַ מענטש, וועמענס לעבן מען פילט נישט אויס ביז צום גרונט. מיין אַבראַשענקאַ האָט עס דערפילט... און ער איז געווען אומבאַהאָלפן... ווען ער האָט מיך גרינטלעך דערזען, איז שוין געווען שפּעט, צו־שפּעט!...

— איך וויל דיך נישט זען טרויעריק!... טרויער, דינעלע, שאַדט צום געזונט... זע, ווי אַלץ שיינט דאָ און זינגט ! — האָט ער צעפירט די הענט און געוויזן אויף דעם אַרום — דאָ גייט אום גאָט!...

— יאָ, דאָ איז וואונדערלעך — האָב איך נאָכגעגעבן — איך וואָלט מער קיינמאָל נישט וועלן אַרויסגיין פון דאַנען, אַפילו נישט ביז יענער זייט טויער... דאָ איז אַלץ אַזוי הייליק און דערהויבן...

— און איך, דינעלע, האָב נישט מורא פאַר גאָרנישט... מיט דיר אינ־איינעם וועט מיר אומעטום זיין גוט... דו האָסט אין מיר אָנגעצונדן אַ געוואַלדיקן מוט. איך בין דאָך איצט אַ טאַטע פון צוויי גאָלדענע מיידע־לעך... נו, לוינט זיך דען נישט צו לעבן און צו ליידן?! אַלץ דינעלע, באַ־לאַנגט איצט נאָר פון דיר...

איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזט אויפן טעפּיך, אַוועקגעלייגט מיין קאָפּ אויף זיין שויס, צוגעצויגן זיין קאָפּ צו מיינעם און אַזוי ווי צוויי איינגע־

פלאָכטענע שעפּסן, האָבן מיר געקוקט צו די פּאַסמעס רויטע און געלע זון־בענד צווישן די צווייגן פון בוים.

דאָס ווינטל איז אומגעלאָפן צווישן די גראָזן און האָט געזונגען און געטרילערט. און בלומע האָט שפּילעוודיק געזויגן דעם גראָבן פינגער פון איר רעכטן פוסעלע.

***

דער בריוונטרעגער, אַ יונגערמאַן מיט שוואַרצע נייגעריקע אויגן, האָט געבראַכט אַ בריוו. אברהמל האָט אים ליבלעך געזאָגט

— מאָרגן וועל איך דיר געבן אַ שיינעם טרינקגעלט!... איצט גיי.

דאָס יינגל איז געבליבן שטיין.

אברהמעלע האָט אויפגעריסן דעם קאָנווערט און אָנגעהויבן לייענען דעם בריוו. איך האָב אַ פאַרשעמטע צורעכט־געמאַכט מיינע צעוואָרפענע האָר, און דער בריוונטרעגער האָט געהאַלטן אויף אונדז זיינע צעשמייכלטע אויגן און זשעדנע געשלונגען די סלינע... אברהמל האָט אים נאָכאַמאָל גע־הייסן גיין, איז ער אַוועק צום טויער, אונטערפייפנדיק זיך אַ ליבע־לידל.

איך בין געוואָרן אומרויִק. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב אים שוין אַמאָל געזען... ער האָט מיך דערקענט...

אברהמל האָט געענדיקט לייענען און אויפגעהויבן צו מיר זיינע אויגן פול מיט קינדישן גליק און איבעראַשונג.

— דינעלע! אין גיכן וועלן מיר דאָ ווערן אַ גרויסע משפּחה! — האָט ער אויסגערופן אַ צופרידענער, און האָט מיט די פינגער געקלאַפּט איבערן בריוו. — נאַ, לייען! מיינע באַלעבאַטים וועלן אינגיכן קומען אַהער אײנ־איינעם מיט זייער גאַנצער משפּחה ביי די צוועלף פּערזאָן. אָ! וואָס ביסטו אַזוי סמוטנע, אַזוי פאַרביטן?!... האָסט מורא פאַר מיינע פריינט? זיי זענען ווונדערלעכע מענטשן, דו וועסט זיי ליב באַקומען! מיר וועלן מער נישט האָבן אויף זיך אַזאַ גרויסן עול. עס איז דאָך נישט קיין קלייניקייט צו זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַט דעם גן־עדן —האָט ער מיט די בליקן געוויזן אַרום און אַרום, און האָט מיך צוגעצויגן צו זיך— וואָס איז מיט דיר, דינעלע? זאָג, שעם דיך נישט!...

— דער נאַראָד, אברהמעלע, וועט זיי אַלץ דערציילן... איך האָב מוראַ!...

— וואָס גייט עס אונדז אָן? —האָט ער אומרויִק אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט און איז געוואָרן פּילבאַר ווי אַ זון־שטראַל אויפן פאַרנאַכטיקן

הימל— דו וועסט זיין ביי זיי ווי אַ שוועסטער, ווי אַ קינד, אַט פּונקט ווי איך בין עס געווען ביי זיי פון דעם ערשטן טאָג אָן. זיי וועלן דיך באַוווּנ־דערן. דיין ליבשאַפט צום גאָרטן וועט ביי זיי אויסנעמען ביז גאָר.. — האָט ער גערעדט שטיל און באַזאָרגט.

— נייִן, נייִן, אברהמעלע! —האָב איך גערעדט ווי צו אַ קינד, וועמען מען וויל נישט וויי־טון— עס איז נישט, ווי דו מיינסט. דער באַראָד האָט הנאה צו אוניטשטשאָזשענען דעם שוואַכערן... זיי וועלן מיך צווינגען צו אַנטלויפן פון דאַנען!...

— וואָס פאָלט דיר איין, דינעלע־סערדצע?! —האָט ער געשמייכלט מיט ענדלאָזן צער— אויב דיר געפעלט נישט מיין פּלאַן, איז עס דאָך נישט משהס לוחות! מיר זענען יונג. די וועלט איז ברייט און פריי —האָט ער צענומען זיינע שמאָלע כמעט קינדישע הענט— מיר וועלן זוכן אַן אַנדער אַרבעט. מיר וועלן געפינען אַ פּלאַץ, וואָס איז צוגעפּאַסט...

— דו, אברהמעלע, מוזט האָבן דעם גאָרטן מיטן ריינעם וואָזדוך — האָב איך אים געגעבן צו פאַרשטיין— טאָרסט נישט איינשטעלן דיין ביסל געזונט. דו דאַרפסט גוטע פּיטאַניע, אַ סך רויִקייט. איך האָב דאָך נישט מער ווי דאָס העמד אויפן לייב...

— אָסור, צי איך הייב אָן צו פאַרשטיין! וואָס בין איך? אַ קאַליקע אָדער סתם אַ טויגעניכטס? — האָט ער פאַרוווּנדערט געשמייכלט — קראַנק זענען די וואָס האָבן מורא צו שטעלן אַ פוס... די אומגלייביקע, די טויגעניכטסן, אָבער נישט איך!...

— אוי ווי איז מיר! וואָס שרייסטו אַזוי, אברהמעלע? עס וועט דאָך דיר, חלילה, שאַטן. האָסט דאָך אַ גאַנצע נאַכט געברענט אין העלישן פייער!..

— ברעך נישט די פינגער, דינעלע און לייג מיר נישט קיין שטיינער אויפן האַרצן. ווען אַ מענטש רעדט זיך איין אַ קרענק, איז ער, נעבעך, אַ חולה מסוכן... און איך האָב נישט קיין מורא פאַר קראַנקייטן... מיין זיידע האָט געלעבט אַריבער הונדערט יאָר און ער איז נישט פון די ערשטע אין אונדזער משפחה...

נו, האָב איך שוין געשוויגן און זיך געפלייסט צו זיין מונטער. מיר האָבן אָפּגעגעסן אַ לייכטן אָנבייסן, וואָס איך האָב צוגעגרייט, און נאָכן איינשלעפערן די קליינע בין איך ווידער אַרויס צו אים.

ער איז געזעסן אויפן בוים צווישן די צווייגן און האָט אויסגעפּייפט אַ וואָלעכל.

— וואָס האָסטו זיך דערשראָקן, דינעלע! מיינסט איך בין אויפגע־

שטאַנען תחית־המתים? — לאַכט ער און קוקט מיט זיינע אויגן, גלייך אין דער ברענענדיקער זון.

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בוים, מיך צוגעצויגן צו זיך און מיר געוויזן צוויי פינגערלעך, וואָס ער האָט אויסגעפלאָכטן פון ריטעלעך.

— אָט האָסטו דיין חתונה־מתנה! — האָט ער געזאָגט אין אַן ערנסטן טאָן, און נישט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער, האָט ער מיר אָנגעטאָן אַ רינגעלע אויפן פינגער פון דער רעכטער האַנט, און האָט אויף אַ קול, מיט אַ פּאַטעטישן טאָן מיך מקדש געווען.

איך האָב מיך נישט געוועדט, און אברהמעלע האָט נאָכן אָפּזאָגן דעם הרי־את מיך אַרומגענומען, אַ קוש־געטון אין שטערן און געווונטשן מזל־טוב.

נאָכדעם האָב איך אים געבראַכט אַ בייגעלע פּאַפּיר מיט אַ שרייב־פענדל און ער האָט אָנגעשריבן אַ כתובה. מיר האָבן זיך ביידע געחתמעט, און די ציגעלעך מיט פירפּאָן זענען געווען די איינציקע עדות פון אונדזער חתונה.

— שמייכלט נישט, מאַדאַם! אברהמל איז געווען אַ קינד מיט איינ־פאַלן. עס איז געווען טשודנאָ! ער האָט אַריינגעגאָסן טינט אין אַ שאָלעכץ פון אַן איי, האָט דאָרט איינגעטונקט די פּאַדערשטע לאַפּקע פון יעדער חיה באַזונדער און נאָכדעם אַוועקגעשטעלט די לאַפּקעס זייערע אויף דער כתובה. אַ פרייד האָט פון אים געשטראַלט, אַ גדולה ווי פון אַ פאַרליבטן חתן־בחור.

נישט די עדות און נישט די כתובה האָבן מיך איבערצייגט אין זיינע ערלעכע כוונות, נאָר דער מאָדנער נאַיִווער אופן פון וועלן מיך צובינדן צו זיך. איך בין געווען געריררט ביז גאָר, און דאָס איז געווען אַ גוטער סימן...

**
*

אויפדערנאָכט האָבן מיר געפּראַוועט די ערשטע פאַמיליען־סעודה. איך האָב צוגעגרייט די מאכלים אויפן טיש און אברהמעלע האָט באַקראַנצט מיט בלומען, סיי די צווייגן פון דעם פייגנבוים און סיי די קעפּ פון די ציגעלעך און פון פירפּאָן. אברהמעלע האָט זיי נישט אַנדערש געוואָלט האָבן לעבן טיש. האָט ער אַוועקגעשטעלט זייערע הילצערנע טעלער מיטן עסן אויף אַ לאַנגער באַנק לעבן אונדז, און האָט אַלעמאָל מיט צוויי פינגער אַ פּיק־געטון איבערן נעזל פון אַ חיהלע און אַריינגערעדט אין איר צע־שאָקלטן קאָפּ:

— עס געפעלט דיר מיין אויסוואַל?... — זעסט, דינעלע, זי שאָקלט צו מיטן קאָפּ אויף יאָ... טו אַ קוק!...

זיין קאָפּ איז געווען אַרומגענומען מיט דער שיין פון דעם אָנגעצונ־דענעם לאָמטערן צווישן די צווייגן און דאָס אײדעלע פּנים האָט געשיינט, פּונקט ווי עס האָט געשיינט דער אומענדלעך בלויער הימל מיט די פייער־דיקע רויטע און געלע כמאַרעלעך — ווי זיידענע שאַלן צווישן מיליאָנען פינקלענדיקע שטערן.

די ווייסע בלומען־קרענץ, די צייטיקע פייגן, ווי גאָלדענע בעכערלעך מיט היימישן האָניק, זענען געווען באַגאָסן מיט דעם שיין פון דער לבנה, און אַ פרישקייט האָט זיך געהייבן פון אַלע זייטן. די בלעטער פון די בלו־מען־שטענגלעך, די באַקעפּלטע גראָזן האָבן זיך באַוועגט צום ריטם פון דיבינקען ווינטעלע, וואָס האָט ווי אַ לירע געזונגען און געשעפּטשעט טויזנט ברכות, טויזנט פריידן פאַר אונדזערטוועגן.

נאָך דעם עסן האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם טעפּיך אונטערן בוים. בלומעלע האָט זיך געשפּילט מיט די ציגעלעך, זיי אָנגעטאָן און צוריק אויסגעטאָן די בלומען־קרענצלעך. פּירפּאָ האָט זיך ווי אַ בייגל צונויפּ־געדרייט לעבן אירע פיסלעך און און האָט אָפּט אויפגעמאַכט אַן אייגל און אונדז אַרומגעשנאַפּט, ווי ער וואָלט אונדז געהיט, מיר זאָלן אים נישט איבערלאָזן.

אברהמל האָט אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אויף מיין שויס און מיך געהאַלטן פאַר די הענט. איך, מאַדאַם, האָב דאַן אויף אַ ווײלע פאַרגעסן ווי אַזוי איך בין געקומען צו אים. אַ לויטערע כוואַליע, אַ קוואַלנדיקע ריינקייט האָט געשלאָגן פון מיר. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין יונג און אומ־שולדיק און איך פּראַווע אַ דאָרפישן יום־טוב, ערגעץ אין דיאַדיושקאַס גוט... און לעבן מיר זיצט מיין אַבראַשענקאַ, און אַלץ איז אַזוי רויק, ווי די וועלט וואָלט באמת געווען איין גרויסער בלומען־גאָרטן...

אברהמל האָט זיך דאַן צעעפנט פאַר מיר אָט ווי איינער פון די קנאָספּן, וואָס האָבן געשיינט און געבליט אַרום אונדז:

— איך, דינע, וואָלט געבליבן אין דעם ווינקל און אויפגעבויט דאָ אונדזער לעבן. איך האָב ליב דאָס דאָרף און דעם דאָרפישן מענטשן. איך שטאַם פון דור־דורות בעסאַראַבער וואַלד־און דאָרפס־ייִדן.

— מיין טאַטע איז געווען אַ ייִד מיט קענטענישן אין די דראָבנע אותיות און נישט פון יענע בעסאַראַבער, וועמען מען רופט ביי אונדז משה אָדער ברוך „גוי”. אָבער מיין טאַטע האָט ליב געהאַט דאָס פעלד

אין דעם טיפן געדיכטן וואַלד הינטערן דאָרף. ער איז געווען עפּעס העכער פון מיר און ברייטער און געהאַט האָט ער אַ טונקל־ברוינע קיילעכדיקע באָרד און טונקעלע טיפע אויגן ווי וואַרעמע קאַשטאַנען... אויגן מיט צוטרוי און מיט פרומקייט, מנוחהדיקע... ער האָט געקויפט און פאַרקויפט אויפן וואַרט טיטיון, וואָס מיר האָבן אַליין געפלאַנצט און באַאַרבעט. ער האָט אונדז געלערנט צו זיין וואָרט־מענטשן, ליב האָבן דאָס לעבן און זיך פרייען מיטן לעבן...

— מיין מאַמען האָט מען גערופן לאהלע די צדיקת אָדער די שמואל־לייבעכע, לויטן נאָמען פון מיין טאַטן. זי איז געווען אַ קליינע יידענע מיט פרומע, גוטע, בלויע אויגן, און מיט אַ געל ציצן־טיכל, וואָס האָט אַרומ־גענומען איר ווייס, ברייט און פון דער זון עטוואָס צוגעסמאַליעט פּנים. מיין מאַמע איז תמיד געווען פאַרטון און פאַרהאַוועט. אַחוץ דעם באַדינען אונדזער גרויס הויזגעזינט —אַכט שוועסטער האָב איך— און מיך, דעם מי־זיניק, וואָס האָבן איר פאַרשאַפט צרות. זי האָט געקאָכט געשמאַקע מאכלים און געבאַקן בייגעלעך פון קעז און פון קאַרטאָפליעס, קנישעס פון קאַבאַק און מאַסלינקעס מיט לאַטקעס פון פאַפּעשויע־מעל. און יידן וואָס זענען גע־פאָרן אויף ירידים און היימישע פויערים פון נאָענטע דערפער האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן אונדזער קליינער קרעטשמע צו פאַרזוכן פון אירע מאכלים און פון די אַלטע ווייגען און ווישניקן. קיין געלט האָט מיין מאַמע ביי קיינעם נישט גענומען. אַזאַ געוווינהייט איז ביי איר געבליבן בירושה פון מיין זיידן און באָבען.

זי האָט אויך געהאַט איר אייגנס אַ קניפּל, און גבאיטעס פון נאָענטע דערפער און שטעטלעך פלעגן זיין אָפטע געסט ביי אונדז אין שטוב. די מאַמע פלעגט זיך פאַרמאַכן מיט זיי אין אַלקערל, און ווען זי איז פון דאָרט אַרויסגעקומען, איז איר פּנים געווען פאַרפלאַמט, באַזאָרגט און אויך באַ־גאָסן מיט פרייד און האַפענונג. זי האָט אָפט אויסגעלייגן ביי אונדז דאָס חנוכה־געלט, די נאַדיעזנעס, וואָס דורכפאָרער האָבן אונדז איבערגעלאָזט, אָוועקנעמען דעם טאַטן אין אַ זייט און אים איינרוימען:

— שמואל־לייבעניו! עס גייט איצט אין אַ גרויסער זאַך: נדן פאַר צוויי אָרעמע עלטערע מיידלעך און אַ קליינעם חתונה־אויסשטייער...

מיר האָבן דאַן געזען אונדזער טאַטן אַרומגיין אַ יום־טובדיקן, אַ צו־פרידענעם. און די מאַמע האָט אַרויפגעוואָרפן אויף אירע ברייטע פּלייצעס אַ גרויסן שאַל מיט פראַנדזן, אַט ווי זי וואָלט זיך געוואָלט באַהאַלטן פאַר עמיצן, וואָס טאָר זי נישט דערקענען. אַראָפּגערוקט ביז די אויגן דאָס

געלע טיכל אויפן קאָפּ, איז זי אַוועק מיט זייטיקע קרומע סטעזשקעלעך צווישן נידעריקע פּליטלעך מיט ביימלעך און פּרוטיעס, צווישן ביימער, באַשאָטענע מיט ווײַנשל, קאַרשן און אַגרעסן. און ביי דער זייט פון צע־וואַקסענע גאָלדענע זאַנגען פון ווייץ און פון קאָרן אָדער פּאַפּעשויע־פּעל־דער איז די פרומע מאַמע מיינע געלאָפן צו ייִדישע אַרענדאַרעס און קרע־מערס בעטן הילף.

צוריקקומען פלעגט זי אַ באַשטראַלטע. אַ הייליק פייערל האָט גע־ברענט אין אירע טונקעלע אויגן און טויזנט גדולות.

די שטאָטישע גבאיטע איז מיט אַ פרייליך שמייכעלע אויף איר פּנים געפאָרן צוריק אין שטאָט אַריין, און מיט וואָכן שפּעטער זענען געקומען אַנדערע און די געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט.

***

— מיין מאַמע האָט שטאַרק געליטן פון דעם, וואָס איך, איר קדיש, דער אויסגעבעטענער בן־יחיד, האָב בשום־אופן נישט געוואָלט ווערן קיין ישיבה־בחור און קיין רב, ווי עס איז געווען איר אינטימער פאַרלאַנג. איך בין תמיד געווען אין פעלד ביי דער פּלאַנטאַציע. פון קינדוויַיז אָן האָב איך ליב געהאַט צו היטן די ביימער פון אונדזער גאָרטן, און ווען איך בין געוואָרן עלטער האָב איך באַשטימט ביי זיך צו לערנען אויף אַגראָנאָם. איך האָב געחלומט צו בלייבן אין מיין דאָרף און ברענגען נוצן מיינע דאָרפסלייט.

— די מאַמע האָט אָבער געציטערט איבער מיר, איר קדיש. זי האָט נישט געוואָלט, אַז איך זאָל אַוועקפאָרן פון דער היים. אַ סך מאָל האָט זי מיר געזאָגט: — אברהמעלע, מיין קינד, זון מייַנער! אין בוקאַרעשט בושע־ווען די קוזיסטן. איך וויל נישט דו זאָלסט פאָרן אַהין... בלייב לעבן דער מאַמען מיט דעם טאַטן. גאָט וועט דיך דערפאַר בענטשן!...

— איך האָב מיין מאַמען ליב געהאַט ווי דאָס לעבן. האָב איך גע־שוויגן און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט, און ווען די געלעגנהייט איז גע־קומען האָב איך זי אויסגענוצט. איך האָב זיך שפּעטער איבערצייגט, אַז אינגאַנצן אומגערעכט איז מיין מאַמע נישט געווען...

— מיין טאַטע איז געפאָרן אין שטאָט און האָט געבראַכט אַ לערער פאַר מיר מיט די שוועסטער. דער לערער איז געווען אַן איידעלער יונגער־מאַן פון אַריבער די צוואַנציק. ער האָט געהאַט געענדיקט דעם אַכטן קלאַס

גימנאַזיע. געווען איז ער אַן איידעלער, געהאַט אַ שיינע אויסשפּראַך און אַ סך חכמה. ער האָט אויך געהאַט פיינע מאַנירן. מיין שוועסטער האָט זיך גלייך פאַרליבט אין אים איבער די אויערן. אונדזער משפּחה האָט נישט געשטערט און ער איז שנעל געוואָרן מיין שוואָגער.

— אין שטוב איז געוואָרן פריילעכער. מיין שוואָגער האָט שיין געזונגען און געשפּילט פידל. זיינע גרויע אויגן, שוואַרצער קאָפּ האָר און די לאַנגע איידעלע הענט האָבן געצויבערט. מיר אַלע האָבן אים ליב באַקומען נישט אויף קיין קאַטאָוועס. ער איז געווען אַ בעזשענעץ. האָבן מיר אַלע געוואָלט אים האַלטן לעבן זיך, טאַקע ווי אַן אייגן קינד.

— ער איז געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון אונדזער קליינעם פאַרמעגן. געווען דער בוכהאַלטער און אונדזער לערער פון העברעיִש, ייִדיש און רוסיש.

— לאָזט אים פאָרן! זאָל ער לערנען! זאָל ער זיך אַנטוויקלען. ער האָט אַלע שאַנסן דערצו — האָט ער אַ סך מאָל איינגעטענהט מיט מיין פרומער מאַמען, און זי האָט סוף־כל־סוף נאָכגעגעבן.

— מיין שוואָגער האָט אויך געלערנט אייניקע קינדער פון די דאָרפישע פּויערים, אַממערסטן רוסנאַקעס און אוקראַיִנער. דער רוסישער לימוד איז פון דער רומענישער מאַכט געווען שטרענג פאַרבאָטן. מיר האָבן עס נישט געקענט ליידן, ווייל מיר האָבן זיך באַטראַכט ווי רוסישע בירגער, געוואָלט לערנען די שפּראַך, די קולטור און געשיכטע.

— צווישן מיין שוואָגערס תלמידים איז געווען מיינער אַ נישט־ייִדישער יוגנט־חבר, אַ יונג ווי אַ לעמפּערט, הויך־געוואַקסן און געזונט ווי אַ זייער. ער האָט געהאַט אַ רויט באַקלייענט פּנים, אַ ברייט מויל מיט גרויסע ווייסע ציין און קליינע כיטרע אייגעלעך אונטער דעם צו הויכן שטערן. אַ שטערן ווי אַ דאַשיקל מיט רויטע ברייטע סאַמעטקעס פון פליוש.

— פון קינדוויז אָן זענען מיר געווען איניינעם. ער האָט געפּאַשעט זיין טאַטנס טשערעדע לעבן אונדזער פלאַנטאַציע־פעלד, וואָס מיין טאַטע האָט געדונגען ביי זיינעם.

— מיין זיידע פלעגט קומען אין פעלד לערנען מיט מיר ייִדישקייט, און אַנטאָנס זיידע איז געווען אַ שיכור, און ווען ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס איז ער געקומען און זיך געטשעפּעט צו די ווייבער, וואָס האָבן געאַרבעט ביי אונדז אויפן פעלד.

— אַנטאָן פלעגט דאַן שמייכלען און זיינע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט

אונטער דעם דאַשיקל מיט די סאַמעטקעס, ער האָט געביילט אַ פויסט קעגן דעם אַלטן. איין מאָל האָט ער צו מיר געזאָגט

— אבוהמל! איך וויל זיין אַ געלערנטער מענטש, אַזוי ווי דיין זיידע איז. וועל איך נישט שיכורן און וועל נישט שלאָגן מיין ווייב...

— נו, מיין שוואָגער איז דאָך דיין לערער — האָב איך אים געענט־פערט.

— אָבער עס גייט נישט אין קאָפּ אַריין!... דו ביסט מיין חבר, דאַרפסטו מיר העלפן. מיין טאַטע איז בייז, אַז איך וועל זיך נישט אויסלערנען ווי עס דאַרף צו זיין, וועט ער מיך קוילען ווי איינעם פון זיינע חזירים...

— איך האָב אים צוגעהאָלפן, און אויך מיין שוואָגער האָט זיך גע־סטאַרעט אַריינצושלאָגן די תורה אין אַנטאָנס שטומפּיקן קאָפּ. מיט גרויס מי איז אים געלונגען עפּעס דורכצובויערן און אַריינהאַקן אין אים.

אַנטאָנס טאַטע איז געווען אַ בכבודיקער באַלעבאָס און דער רייכסטער פּויער אין דאָרף. ער האָט געהאַט פעלדער און וועלדער, סטאַדאָלעס מיט קי, פּערד, שאָף און רינדער. אָבער — שטומפּיק אויפן קאָפּ... האָט עס אים געברענט ביז דער זיבעטער ריפּ... די דאָרפסלייט, אָרעמערע פון אים, האָבן געחוזקט פון זיין שטופּן זיך אין די הויכע פענצטער. פאַר זיין זוכן איינצוקויפן זיך אין יחוס.

דערפאַר טאַקע האָט ער געוואָלט האָבן אַ געלערנטן זון. ער האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, געהאַלטן תמיד צו אים גוטע לערער, אָבער עס איז נישט געגאַנגען.

ווען איך בין געפאָרן קיין בוקאַרעשט, האָט ער מיר מיטגעגעבן זיין תכשיט און געזאָגט צו מיר אויף זיין רייך־פּויערישן לשון:

— אירביידע זענט אויסגעוואַקסן אינאיינעם. דו האָסט אַן אָפן קעפּל און מיין אַנטאָן האָט דיך ליב... איך שיק אים מיט דיר און בעט דיך, דו זאָלסט אים דאָרט צוהעלפן... איך וועל דיר דערפאַר מיין גאַנץ לעבן זיין דאַנקבאַר!...

אין בוקאַרעשט האָבן מיר ביידע, איך און אַנטאָן, געוווינט אין איין צימערל אויף סטראַדאַ וויקטאָריאַ, אַנטקעגן אַ גרויסן פּאַרק. די ערשטע צייט האָב איך מיך געמוטשעט מיט אַנטאָנען, אים צוגעהאָלפן, און ער האָט זיך געהאַלטן ווי אַ הונט אויף דער קייט... עס זענען אים נאָך געלעגן אין טעם זיין טאַטנס קלעפּ, וואָס האָבן אים צעמאָלן די ביינער און דעם טאַטנס גרויע אויגן, וואָס האָבן אים געשמיסן ווי מיט אייזערנע ריטער...

אַ סך מאָל, נאָכן אָנמוטשען זיך מיט אים, העלפנדיק אים מאַכן די

אוראָקן, פלעגן מיר זיך אַוועקזעצן אין אָפענעם פענצטער און אַראָפקוקן אין פאַרק. צווישן די גרינע סאָסנעס און פאַרשיידנפאַרביקן געפלעכט פון די בלומען אַרום אַ טיפן באַסיין האָבן זיך גרופירט יונגע סטודענטן און סטו־דענטקעס, דאָרט אָפגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען און קוזאַ, זייער אַלטער פראָ־פעסאָר, האָט פאַר זיי געהאַלטן רעטשן, און זיי געוואָרנט קעגן דער יִדישער געפאַר, וואָס קריכט אַריין אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד... וואָס ווילן פאַר־כאַפּן דעם רומענישן אויבנאָן...

נאָך די דאָזיקע מערדערישע רעדעס פלעגן די סטודענטן אַוועק אי־בער די גאַסן פון בוקאַרעשט, שלאָגן יִדישע סטודענטן, ברעכן טירן און פענצטער פון יִדישע הייזער.

אַנטאָן האָט, די ערשטע צייט, נישט געקענט ליידן די בלוטיקע הינט, די קוזיסטן. שפּעטער האָט ער אָבער זיך נענטער באַקאַנט מיט אייניקע פון זיי. איך בין געווען זיכער, אַז אַנטאָן וועט זיך שנעל אָפּקערן פון דעם בינטל. איך בין געווען נאַיִוו, דינעלע!...

אַנטאָן האָט אָנגעהויבן פאַרברענגען מיט יענער חברה. ער האָט אָנ־געהייבן פאָדערן מער געלט ביי זיין טאַטן. די צוגעשיקטע טשעקן זענען געקומען אויף מיין נאָמען. אַנטאָן איז געוואָרן אַלץ חוצפּהדיקער... ביז איך האָב אים אַמאָל געבעטן ער זאָל זיך אַרויסציִען פון מיין צימערל. האָט ער מיר גענומען אויפקלערן.

— האָב נישט קיין מורא! נישט דיך מיינען מיינע קאָלעגן... נישט דיך און נישט דיינע טאַטע־מאַמע... עס זענען פאַראַן גענוג אַנדערע יִדן!... עס זענען פאַראַן!...

אַוודאי האָב איך געפּרוווט אַריינקלאַפּן אַ ביסל פאַרשטאַנד אין זיין שטומפּיקן קאָפּ, אָבער עס איז געווען אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט. ער פלעגט פאַרפאַלן ווערן אויף גאַנצע מעת־לעתן, און ווען ער פלעגט צוריק־קומען איז אים נישט געווען צו דערקענען. ער איז געווען שיכּור, מיד און קריגעריש.

איך האָב וועגן דעם געשריבן צו מיין שוואָגער און געבעטן ביי אים אַן עצה. מיין שוואָגער האָט זיך צונויפגערעדט מיט אַנטאָנס טאַטן, און דער טאַטע האָט באַשלאָסן, לויט מיין שוואָגערס עצה, נישט צו שיקן אים אַזוי פיל גאָלד.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט די צייט פון די עקזאַמענעס. איך האָב געלערנט טאָג און נאַכט. מיינע פּראָפעסאָרן האָבן מיך געמוטשעט, געצאַפּט מיין בלוט, אָבער איך האָב אַלץ געקענט ווי אַ וואַסער, איך האָב

געפּאַכעט מיט דער נשמה אָבער איך האָב געפּייפט אויף זייערע טאַטעס מיט די מאַמעס.

אַנטאָן האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג אויף אַלע מאַטעריעס, און איך האָב קוים געקראָגן אַ צוויי...

ווען מיר זענען אויף פּסח געקומען אַהיים, האָט אַנטאָנס טאַטע גע־בראַכט אַן ערשטקלאַסיקן לערער, וועמען ער האָט באַצאָלט אַ שיינע אַפּו־תיקאַ, און איך מיט אַנטאָנען האָבן זיך ווידער גענומען צום לערנען.

הלוואי, דינעלע, וואָלט עס נישט געווען געקומען דערצו. פֿאַרשטייט זיך, אַז אַנטאָן האָט גאָרנישט געוווסט. האָט אים זיין טאַטע געממיתט, צע־מאָלן. ער האָט צעריסן זיין אויסצייכענונג, אַראָפּגעריסן פון אים די גימ־נאַזיע־אַדיאָזשדא און אים פֿאַרשלאָסן אויף אייניקע טעג אין דער קאַסא מארא.

ביי אונדז אין שטוב איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. די קוזיסטן האָבן אָנגעהייבן פֿאַרפּלייצן בעסאַראַביע, מאַכן פּאָגראָמען, העצן קעגן אונדז די נישט־יידישע שכנים.

— איך, דינעלע בין געווען גליייביק. איך האָב ליב געהאַט אַנטאָנען, און עס האָט מיר געוויטיקט אויס מיטגעפיל צו אים. זיין טאַטע האָט אים געהאַט פֿאַרשלאָסן און קיינעם צו אים נישט צוגעלאָזט. ער האָט געשוואָרן, אַז אויב זיין זון וועט נישט אָנהייבן אַרבעטן און לערנען פֿאַר זיינע איי־גענע פֿאַרדינסטן וועט ער אים קוילען.

איך האָב געוואָלט אַנטאָנען העלפן, אים טרייסטן. בין איך אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט צוגעגאַנגען צו אַ הינטערשטן פֿענצטער פון דער קאַסא מארא, איך האָב אָנגעקלאַפּט און געבעטן זיין טאַטן, ער זאָל מיך אַריינלאָזן. אָבער ווען איך בין געווען אינעווייניק, האָט מיך אַנטאָן אַריינגעשטופּט אין אַ ווינקל און מיך אָנגעהייבן שלאָגן...

איך האָב זיך געווערט מיט אַלע מיינע כוחות. דאָס האָט אים נאָך מער צערייצט און ער האָט מיט באַטשוועקלטן אָפּצאַס פון זיין שטיוול גע־קלאַפּט מיר איבערן האַרצן, איבער די זייטן און איבער די פּלייצעס. איך האָב דאַן דאָס ערשטע מאָל אויסגעגעשפּיגן אַ שטיק בלוט...

אין שטוב האָט מען וועגן דעם נישט געוווסט. איך האָב נישט אויס־געזאָגט, כאָטש איך בין געוואָרן קראַנק. מיין כשרע מאַמע האָט געמיינט, אַז איך בין אַראָפּגעפאַלן פון אונדזער אָגער, וואָס האָט זיך צעפּלאָשעט, און איך האָב מיך אַ ביסל צעקלאַפּט...

מיין שוואָגער איז שוין געווען מער דערפאַרן. ער איז דאָך געווען

אַן אַנטלאָפענער פון אוקראַינע, פון שחיטות אין וועלכע זיין גאַנצע משפחה איז אומגעקומען. ער איז צוגעשטאַנען צו מיר, און איך האָב אים דער־ציילט דעם אמת...

— אברהמל! —האָט מיין שוואָגער מיר געזאָגט— קוזאַ איז נישט קיין נייעס פאַר אונדז. קוק דורך די יִדישע געשיכטע, וועסטו זען... קום, לאָ־מיר אַוועקפאָרן קיין פּאַלעסטינע. מיר האָבן שוין גענוג געדינט צו פרעמדע געטער... מען טאָר נישט וואַרטן ביז דאָס פייער וועט זיך צעברענען... עס וועט געשען, דו וועסט זען!... איך גלייב נישט קיינעם...

כ׳בין פונדעסטוועגן געפאָרן צוריק קיין בוקאַרעשט. כ׳האָב פאַרגע־זעצט לערנען און בין געשטיגן, געוואַקסן, דינעלע, נישט־ווינציקער פון מיין טאַטנס פּלאַנטאַציעס־פעלדער. אָבער די קלעפּ וואָס איך האָב באַקומען פון מיין בעסטן חבר אַנטאָן האָב איך נישט פאַרגעסן. איך האָב ליך די פריי־הייט, דינעלע, און דערפאַר בין איך אַוועקגעפאָרן, און ערשט פון וועג געשריבן צו מיינע טייערע, — האָט זיך אַ מידקייט אַראָפּגעזעצט אַרום זיין מויל.

אויף דער שיף האָב איך מיך באַקאַנט מיט מיינע באַלעבאַטים, און אָט ווי דו זעסט געפין איך מיר דאָ.

— דו פרעגסט, דינעלע, פאַרוואָס אין דער היים האָט מען מיך גערופן דודיק? אַזוי איז טאַקע מיין נאָמען. איך האָב אים אָבער איבערגעענדערט אויף אַבראַם, כדי דו זאָלסט מיך רופן מיט דיין מאַנס נאָמען... און דיר זאָל זיין גרינגער און ליבער מיין דערנענטערונג. איך האָב אַמאָל געלייענט אין אַ ביכל וועגן אַזאַ זאַך, האָב איך עס נאָכגעטאָן, און עס איז אַרויס צום גוטן...

— גענוג, גענוג! — האָב איך אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין מויל. איך האָב מורא געהאַט, אַז דאָס צופיל רעדן, און דערצו נאָך אַזוי באַהאַרצט, וועט אים שאַדן צום געזונט.

***

אינדערפרי האָב מיר זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין. מיר זענען גע־גאַנגען זייט ביי זייט צווישן גרינע לאָנקעס, באַגאָסענע מיט טוי און מיט אַ לייכטן רויטלעכן שטויב. בלימעלע איז געלאָפן פאָרויס און דורכויס גע־וואָלט אָנכאַפּן די זונשפּיצן, וועלכע האָבן זיך ווי רעגנבויגנס געלייגט אי־בער די הויכע גראָזן. דאָס וואַרעמע ווינטל האָט געוואַשן אירע לאָקן.

האָט אויפגעהויבן און געשויבערט די שליאַרקעס פון איר קליידעלע פון ווייסן באַטיסט מיט גרינע קווייטעלעך.

דאָס קינד האָט אויסגעזען ווי אַ יונגע סאָסנעטשקע. עס האָט פון איר געדרויסט מיט אַ ניי לעבן און מיט ענדלאָזער פרייד. אברהמעלע האָט פעסט איינגעשלאָסן מיינע פינגער אין זיינע און האָט געזאָגט:

— בלימעלע איז ווי אַ סימפאָניע. זי איז מוזיק און קאָלירן... אין וועמען, דינעלע, איז זי געראָטן?... דו הערסט נישט, דינעלע? פון וועמען טראַכסטו איצט?

אַרבעטער זענען אַרויסגעקומען פון זייערע הילצערנע כאַטקעס, און האָבן זיך געיאָגט צום אָמניבוס, גריסנדיק אונדז ווי אַלטע באַקאַנטע. די קליינע איז זיי נאָכגעלאָפן, געלאַכט און געשריִען: פּאַפּאַ!...

אברהמעלע האָט זי גענומען אויף די הענט אָפּגעשטעלט דעם אָמני־בוס און איינגעשטיגן. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט און די קליינע אַוועק־געשטעלט צווישן אונדז. דאָס קינד איז געוואָרן ערנסט און מיט ברייטע פאַרזיכטיקע בליקן עפּעס ווי געזוכט צווישן נאַראָד. פּלוצים האָט זי זיך אַ הייב־געטון ווי אויף פליגלען, האָט אויסגעשטרעקט די הענטלעך צו עמיצן און געשריִען מיט טרערן פון פרייד אין אירע אויגן:

— פּאַפּי טיסעראָ... פּאַפּי!...

איך האָב אויסגעדרייט דאָס פּנים און דערזען:

הינטער אונדז איז געזעסן אַ מאַן פון אַ יאָר פינף־און־צוואַנציק. אַ טונקעלער ווי געברענטער טשאַוון. זיינע אויגן האָבן זיך געבאָדן אין אַ ברענענדיקער שוואַרצקייט און די געדיכטע ברעמען, די שוואַרצע וואָנ־צעלעך, די רויטע ליידנשאַפטלעכע ליפּן, זיין שמייכל — אַלץ אין אים האָט מיך טאַקע דערמאָנט אין יענעם יונג... ווי זיי וואָלטן געווען צווילינגס־ברידער. איך האָב נישט געקענט אָפּרייסן מיינע בליקן.

ער האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט און עס אַ קוש־געטון. דאָ האָט זי אָנגעהייבן יעכצן ווי אַ נישט־דערקווילעטע הון; טרערן זענען גע־פלאָסן פון אירע אויגן, פולע מיט אַנטוישונג און ענדלאָזן צער. מיט־פאָרער האָבן זיך אָנגעהויבן איבערקוקן און דער יונגערמאַן האָט איר געוואָלט באַרויִקן, האָט ער איר געגעבן אַ ניקל. אברהמל האָט פעסט געהאַלטן מיינע פינגער. ער האָט זיך נאָכדעם אויפגעהויבן און האָט גענומען צו זיך די קליינע. זי האָט ווייטיקלעך פאַרוואָרפן די הענטלעך אַרום זיין האַלדז און מיט צעמישטע בליקן געקוקט דאָ אויפן יונגנמאַן און דאָ אויף מיר, זיפצנדיק און קלאָגנדיק.

אברהמעלע האָט ווידער אַריינגענומען מיינע פינגער אין זיינע און מיט אַ גלייכגילטיקן טאָן אַ זאָג־געטון: — גיב נאָר אַ קוק, דינעלע, אויפן וועג. זע ווי די פעלדער באָדן זיך אין גאָלד, און ווי אומענדלעך בלוי עס איז דער הימל!... איך וואָלט וועלן, דינעלע, מיר זאָלן, ווייניקסטנס דריי מאָל אין וואָך, פאָרן אין שטאָט אַריין. די קליינע איז דאָך ווי אַן אמתע וואַלד־חיהלע, זי האָט מורא פאַר מענטשן... איז צעטומלט...

זיין פּנים איז געוועז אַזוי איידל־ווייס און האָט באַשיינט דעם שטאָלצן, געקרייזלטן קאָפּ, וואָס איז געוועזן ווי אַ שוואַרצער שעפּס.

אָבער איך בין שוין מער נישט געוועזן קיין באַלעבאָסטע איבער מיינע נערוון. מיין קאָפּ האָט געברענט און די שרעק האָט פאַרטונקלט מיין קלאָרן פאַרשטאַנד. איך האָב מיך געוואָלט אָנכאַפּן אָן אברהמעלען, און עס האָט זיך מיך נישט איינגעגעבן. איך האָב קעגן מיין ווילן אומגעדרייט מיין קאָפּ, געקוקט צו יענעם מוזשטשין און געזען אין אים טיסעראָן... און ער האָט ליבלעך געשמייכלט און געזאָגט צו מיר: — איר האָט אַ גאָלדן מיידעלע, אַן אוצרל...

עס איז צוגעקומען דער קאָנדוקטאָר און דערלאַנגט אברהמעלען צוויי בילעטן. דער יונגערמאַן האָט אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע אַ מטבע און האָט באַצאָלט. ער האָט דערביי ליבלעך געשמייכלט צו אונדז ווי די וועלט וואָלט געווען זיינע...

איך האָב שוין נישט געוווּסט, ווען דער אָמניבוס האָט זיך אָפּגעשטעלט און איז ווידער אַוועק זיין וועג. אַרום מיר האָבן זיך געדרייט גאַסן און געסלעך, גערטנער און פעלדער און פון אומעטום האָבן צו מיר געשמייכלט און געלאָקט טיסעראָס צוויי אויגן, זיינע פאַרשייטע וואָנצעלעך מיט דעם ברענענדיקן מויל.

יאָ, מאַדאַם, עס איז שרעקלעך צו לעבן צווישן שאָטנס פון אַ שוואַר־צער, באַגראָבענער וועלט...

אברהמעלע האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט גענומען די קליינע אויפן האַנט און האָט מיך אַ שלעפּ־געטון פאַר די פינגער. איך האָב אויפגעהויבן די אויגן.

— דינעלע! מיר זענען שוין ביים שפּיטאָל. קום. דער נאַראָד איז שוין אויסגעשטיגן...

איך האָב געקוקט און גאָרנישט געזען... חוץ טיסעראָן...

אברהמעלע האָט מיך אַראָפּגעפירט פון אָמניבוס ווי מען פירט אַראָפּ

אַ קראַנקן. איך האָב זיך אומגעקוקט. דער קאָנדוקטאָר האָט מיט אַ האַנט געפּאָכעט צו דער קליינער:

— אַדיאָס, אוצרל, ביז צוריקוועגס, גאָלדן מינעלע!...

און דער שאָפער האָט קוועלנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און גע־שמייכלט.

איך בין געווען זיכער, אַז דאָס האָבן זיי געחוזקט פון מיר...

**
*

אברהמל האָט מיך אַריינגעפירט אין דעם גרויסן שפּיטאָל־הויף און מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אַנטקעגניבער אַ גרויסער וואַסער־פאָנטאַן. ער האָט אויף מיר געשלאָגן מיט קילקייט און מיט דינינקע שפּריצעלעך וואַסער. איך בין געוואָרן עטוואָס רויקער. אברהמל האָט איינגעטונקט אַ טיכעלע אין וואַסער און מיר אַרומגעווישט די ברענענדיקע ליפּן, דעם שטערן און די שלייפן.

— איך האָב געזאָגט: — דער יונג האָט מיך, ענדלעך אויסגעפונען... ער וועט מיך דערהרגענען... מיך מיט בלימעלען וועט ער צוריקנעמען...

— ניין, דינעלע! עס האָט זיך דיר אויסגעדאַכט... מען טאָר זיך נישט אַריינכעמען קיין נאַרישע מאַנקאָליע אין קאָפּ... מיט מיר פּלעגט עס אויך פּאַסירן, נאָכדעם ווי אַנטאָן האָט מיך דערגנידעריקט. אין יעדן פּויער האָב איך אים געזען. דערפאַר טאַקע בין איך אַוועקגעפאָרן. אָבער דאָ איז אַמע־ריקע, אַ לאַנד מיט געזעצן. אַזאַ פּאַרשוין ווי יענער יונג האָט דאָך מורא פאַר דער שיין, ציטערט פאַר זיין אייגענעם שאָטן... און וואָלט ער נישט געווען צעריבן געוואָרן אונטער די רעדער גלייב מיר, דינעלע! אַז איך און מיינע פריינד, די בלומען־פאַרקויפער, מיר אַליין, אָן דער הילף פון דער פּאָליציי, האָבן געקענט אים אונטערצוהאַקן די זייטן און אים איבערגעבן אין די הענט פון דער גערעכטיקייט...

— צו מיר, דינעלע, האָסטו דאָך צוטרוי... דו ווייסט דאָך, אַז איך בין קראַנק —איז די שטים זיינע געוואָרן רירנדיק און פול מיט צער— אָן דיר האָט מיין לעבן קיין שום ווערט נישט. איך וועל דיך לאָזן אויף הפקר?... נאַרעלע! גרויסע מויד מיינע! מאַמע מיינע!... זע ווי מענטשן קוקן אויף אונדז, טו אַ קוק...

ער האָט צוגעשפּאַרט מיין קאָפּ צו זיין ברוסט, מיט זיינע געטרייע הענט אים אונטערגעהאַלטן און מיך געראַטעוועט פון שגעון...

ווען איך האָב מיך אַ קאַפּיטשקע באַרויִקט, האָבן מיר זיך אויפגע־הויבן, ער האָט גענומען דאָס קינד און מיר זענען דורכגעגאַנגען ברייטע און אַלטע קאָרידאָרן מיט טונקל־בלויע ווענט, און מיט בלויע שויבן פון צעפּראַלטע ברייטע טירן מיט פענצטער. עס האָט געשלאָגן מיט ריחות פון יאָד און עטער און... מיט דעם פּערפום, וואָס דער יונג האָט גענוצט... הינטער פאַרמאַכטע טירן האָבן געוואַרט קראַנקע, הויפּטזעכלעך פרויען און קינדער. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז דער גאַראַזש פון יענעם הינטערהויף... אַ קראַנקן־וועכטער מיט אַ ווייס היטעלע אויפן קאָפּ האָט אויף אַ צוויי־רעדערדיקער שטול פאַרבייגעפירט אַן עלטערע פרוי מיט אַ שוואַרצן קאָפּ, — האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, עס איז די מאַמע אַלסיראַ...

עס איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ גרופּע יונגע סטודענטן, און איך האָב פלוצים דערזען צווישן זיי — מיין אַבראַשענקאַן... פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט מיט גוטסקייט. ער האָט אַ גלעט־געטון בלומעטשקעס לאָקן און האָט געזאָגט צו איר: — דו ביסט אַ שיינקייט!...

איך האָב אָנגעכאַפּט זיין האַנט און זיך צעשריִען:

— אַבראַשאַ! אַבראַשענקאַ מאַי! גיי נישט אַוועק!... לאָז מיך נישט אַליין!... דער יונג, אַבראַשענקאַ, גייט אונדז נאָך!...

די סטודענטן האָבן מיך אַרומגערינגלט. דער גאַראַד האָט אויף מיר געקוקט פונדערווייטנס און איך האָב געוויינט און געוויינט...

**
*

איך געדענק עס נאָך ביז היינט, מאַדאַם, ווי אַזוי אברהמל האָט מיך אַרויסגעריסן פון צווישן זיי און כמעט איבערגעוואָלד מיך אַריינגעפירט אין אַ זייטיקן ליכטיקן זאַלכל מיט אַ שמאָל ווייס בעטל אויף הויכע ניקלנע פיסלעך אַנטקעגן אַ הויכן ברייטן פענצטער.

דער סטודענט, וואָס האָט אַ גלעט געטון בלימעלען איז אונדז נאָכ־געגאַנגען און אונדז פאָרגעשטעלט פאַר אַ יִידישן דאָקטער, אַ מענטש פון אַריבער די פופציק. ער האָט געהאַט אַ ברייט פּנים מיט אַן עטוואָס שפּיציק בערדל, אויגן טונקעלע, ברייטע און פולע מיט גוטסקייט, מיט מיטגעפיל...

דער סטודענט האָט אים אויף פראַנצויזיש דערקלערט וועגן מיין צו־שטאַנד. דער דאָקטער האָט אָנגענומען מיין האַנט, געפּרווט דעם פּולס און רויִק־היימישלעך געשמייכלט. נאָכדעם האָט ער גענומען אויף די הענט דאָס קינד און אַריינגעקוקט אין אירע אויגן. ער איז דערביי געווען אַזוי ערנסט,

פונקט ווי דאָס קינד וואָלט באמת געווען אין גרויס געפאַר. נאָכדעם האָט ער זיך אַ שפּיל־געטון מיט אירע לאָקן און געזאָגט צו מיר מיט אַ טאָן פון אַ געטרייען טאַטן:

— אַז מען פאַרמאָגט אַזאַ אוצרל, מוז מען זיין גליקלעך, סעניאָראַ!

און ער האָט גענומען אונטערן אָרעם מיין אברהמלען און אים אַריינגעפירט אין אַ זייטיק זאַלכל. איך בין געבליבן הינטער דער טיר, און דער סטודענט האָט זיך געשפּילט מיט בלימעלעס לאָקן און ליבלעך אַריינגעקוקט אין אירע אויגן.

איך בין דאַן געווען אַזוי פּילבאַר צו אַלץ, וואָס איז יענעם פרימאָרגן פאַרגעקומען מיט מיר. איך האָב זיך געפילט דערנידעריקט, וואָס דער סטודענט טרויט מיר נישט מיין קינד... איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי האַלטן מיך פאַר משוגע...

עס האָט געדויערט לאַנג ביז אברהמעלע איז געקומען צוריק. ער איז געווען בלייך און אַ קאַפּעטשקע נערוועז. די אויערן און די באַקן האָבן אים געברענט... איך האָב זיך דערמאָנט, אַז ער איז קראַנק און בייטיקט זיך אין מיין הילף...

— פאַרוואָס האָסטו דיך אַזוי לאַנג געזאַמט, אברהמעלע? לאָז מיך, איך וויל רעדן מיט דעם דאָקטער.

ער האָט אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט, אַרומגענומען מיין טאַליע און מיך אַריינגעפירט צום דאָקטער. די אונטערזוכונג איז געווען אַ שנעלע, ד'ער דאָקטער האָט מיך גאָרנישט געפרעגט, און ווען ער האָט אַרויסגענומען פון מיין האַנט־אָדער אַ ביסל בלוט פאַר אַן אַנאַליז, האָט ער מיר פאַטערלעך אַ גלעט־געטון איבערן פּנים. ער האָט מיך נאָכדעם אַוועקגעפירט אין אַ צווייטן טונקעלן חדר און האָט מיר אַראָפּגענומען אַ ראַדיאָגראַפיע פון האַרץ און פון די לונגען.

נאָכדעם האָט ער אונדז צוריקגעפירט אין אַן אויפנאַם־זאַל, און דאָרט האָט ער געגעבן אברהמלען אייניקע שאַכטעלעך מיט פּילן און אומעטיק שמייכלענדיק געקוקט אַלץ אויף מיר און געזאָגט מיט ענדלאָזן מיטגעפיל:

— איר זאָלט געבן אייער פרוי צוויי פּילן נאָך יעדן עסן, און פאַר אייך איז גענוג נאָר איינער. ווען די אַנאַליזן וועלן זיין פאַרטיק, וועלן מיר זען וואָס מען דאַרף טאָן ווייטער...

ער האָט אויסגעקושט מיין קינדס פוכיקע הענטלעך מיט די חנוודיקע

גריבעלעך, און זיינע גוטע אויגן האָבן געשימערט מיט ליבשאַפט און דאַכט זיך, אויך מיט קנאה.

ווען מיר זענען אַרויס פון שפּיטאָל האָב איך געזאָגט אברהמלען:

— איך פיל זיך איצט אַ קאַפּעטשקע בעסער, ווועלן מיר צופאָרן צו מיינע געוועזענע באַלעבאַטים...

— ווי דו ווילסט, דינעלע! — האָט אברהמל נאָכגיביק געענטפערט, און האָט מיך אַרומגענומען מיט אַ ברייטן בליק, אַ בליק פון ענדלאָזן צער און שרעק. ער האָט אָפּגעשטעלט אַ דורכפאָרנדיקן אויטאָ, אַוועקגעזעצט מיך מיטן קינד און שפּעטער אַליין איינגעשטיגן.

ער האָט אָנגעוויזן דעם שאָפער, וווהין צו פאָרן, און האָט ווידער איינגעשלאָסן מיינע פינגער אין זיינע, און אַ פאַרטראַכטער אונטערגעברומט אַ ניגון פון אַ וואָלעכיש פאָלקס־לידל...

**
*

וואָס נענטער מיר זענען געקומען צום הויז, אַלץ אומרויִקער בין איך געוואָרן. איך האָב חרטה געהאַט אויף מיין שריט און נאָר צוליב בושה פאַר אברהמלען האָב איך זיך איינגעהאַלטן נישט אויסצושרייען פון שרעק.. איך האָב שוין געפילט דעם ריח פון אַבראַשענקאָס ריינעם קערפּער, פון זיין איידעלער נשמה... אויך דעם ריח פון די רויזן אין דער בעסעדקע, וווּ מיר פלעגן זיך אַמאָל אָפּרוען. עס האָט מיר אָנגעהייבן מישן אין קאָפּ, אָט ווי אַ כוואַליע בלוט וואָלט געשווענקט מיינע געהירן און פאַרדעקט מיינע געדאַנקען...

דער אויטאָמאָביל איז געבליבן שטיין, און אברהמל האָט גיך באַצאָלט דעם שאָפער, האַלטנדיק דאָס קינד אויף די הענט, און איינגעשלאָסן מיינע פינגער אין זיינע האָט ער מיך צוגעפירט צו דער טיר. אין קאָרידאָר האָבן מיר געטראָפן מאַרישאַן. זי האָט געהאַלטן אין וואַשן דעם פּאָל. ווען מאַרישאַ האָט מיך דערזען, איז דאָס זיסע שמייכעלע אויף אירע ליפּן געוואָרן פאַר־גליווערט. זי האָט אַוועקגעוואָרפן די באַרשט, און ווישנדיק די הענט אינעם זוים פון איר געבלימלטן פאַרטוך, האָט זי אָנגעהויבן זיך ציִען אויף צוריק, צוריק...

— האָב נישט מורא, באַבעניו! מיר האָבן דיר אָפּגעבראַכט אַן אַלטן חוב און ווילן צוריקקריגן די משכנות.

אירע אויגן זענען געוואָרן גרעסער און פולער. זי האָט זיך איבערגע־צלמט איין מאָל און נאָך אַמאָל, מורמלענדיק:

— יעזוס, מאַריאַ!...

זי האָט אַ קלאַפּ־געטון אין שויב פון דער טיר, און סטאַש מיטן רויטן היטעלע אויפן ווייסן קאָפּ איז אַרויסגעלאָפן. ער האָט, דערזעענדיק מיך, זיך אָפּגעשטעלט אַ צעמישטער. ער האָט זיך אָבער באַלד גענומען אין די הענט אַריין, זיך העפלעך פאַרנייגט, און מיט זיין זיסן שמייכעלע אויף זיין גלאַטן פּנים מיט די ווייסע וואָנצעס אַ זאָג געטון

— מיט וואָס קען איך בייהילפיק זיין דער פּאַני ?

דערהערט צוליב וואָס איך בין געקומען, האָט ער אַ פינטל געטון מיטן אויג, זיך ווידער פאַרנייגט און זיפצנדיק געזאָגט מיט זיין פרומען טאָן:

— אום גאָטס ווילן! זינדיקע ווערימלעך וואָס מיר זענען! צי מוזן מיר, אַלטע פרומע לייט אָפּקומען פאַר עמיצנס זינד?... צי האָבן מיר ווינ־ציק גוטס געטון דער פּאַני?... צי ווייסט דען נישט די פּאַני, אַז דער אומ־גליקלעכער פּאַן האָט לאַנג פאַר זיין טויט אָפּגענומען די משכנות?...

איך געדענק שוין איצט נישט, מאַדאַם, וואָס נאָך ער האָט גערעדט און געגעבן צו פאַרשטיין. ס׳איז מיר געוואָרן נישט גוט אויפן האַרצן. אַ געוויין האָט מיך געשטיקט אין האַלדז... ווען אברהמל האָט זיך אַ לאָז־געטון אויף די אַלטע האָב איך מיך, מיט אַ ווילדן כוח, אַ לאָז־געטון צו דער טיר...

אָט אַזוי, מאַדאַם, האָט זיך אויף אייביק געענדיקט מיין באַזוך אין יענעם ווינקעלע און אין אַלע ווינקעלעך פון בוענאָס־איירעס.

זי האָט זיך אָבלדיק צעהוידעט און געגענעצט, ווישנדיק מיטן זוים פון פאַרטוך די פייכטקייט פון די רויטע ווי׳עס.

***

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אברהמעלע געוואָרן פינף־און־צוואַנציק יאָר אַלט. פאַרטאָג בין איך אַריין אין זיין חדרל, זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין בעט און אים געזאָגט:

— אברהמעלע! היינט ווערסטו אַלט אַ פערטל יאָרהונדערט. זאָל עס דיר זיין צו לאַנגע און גליקלעכע יאָרן!...

ער האָט מיך צוגעצויגן צו זיך און, גלעטנדיק מיין קאָפּ, געענט־פערט :

— אַלץ, דינעלע, איז געווענדט אין דיר. וואָס דו וועסט וועלן, קענסטו מאַכן פון מיר... איך האָב עס דיר אָנגעטרויט...

— מיט וואָס, אברהמעלע, וועל איך דיר אָפּצאָלן פאַר דיין גוטסקייט?...

— דינעלע! דו האָסט מיך געראַטעוועט. דו האָסט אויפגעוועקט אין מיר דעם ווילן צו לעבן... איך פיל ווי עמיצער וואָלט מיך געטראָגן אויף די הענט, אויף פליגלען... מיט וואָס קען איך דען דיר באַצאָלן?!...

— עס איז צייט, אברהמעלע, זאָלסט צופאַרן אין שטאָט און אָפּנעמען די אַנאַליזן. דו זעסט מיר אויס ווי אַ נעכטיקער, דו געפעלסט מיר נישט...

יאָ, עס איז דאָך שוין געווען מער ווי אַ וואָך, ווי ער איז איינגעפאַלן. דערצו האָב איך אים דאָך אָפּגעשפּילט יענע חתונה!... און קיין געזונט איז אים זיכער נישט צוגעקומען.

בלויז דער געדאַנק וועגן זיין געבורטסטאָג האָט מיך אויפגעמונטערט און געגעבן אַ קאָפּעטשקע פרייד און מיך אָנגעטאָן אין יום־טוב.

נו, ער האָט מיך געפאָלגט, איז אַרונטער פון בעט, זיך אויסגעבאָדן, אָנגעטאָן ריינע אַרבעטס־קליידער, און נאָכן אויסטרינקען עפּעס איז ער אַוועק אין שטאָט.

**
*

דעם גאַנצן טאָג בין איך געווען פאַרנומען מיט צוגרייטן עפּעס צו דעם יום־טוב. איך האָב געמאַכט אַ טאָרט פון עפּל מיט ניס, וואַרעניקלעך מיט קעז און פּוטער, אָפּגעבראָטן אַ קאַטשקע. אַלץ — אברהמעלעס באַ־ליבטע מאכלים.

פאַרנאַכט, ווען די זון האָט ווי אַ רויטלעכער בורשטין באַדעקט דעם גאָרטן, די בלומען מיט די פרוכטן האָבן זיך געוואַשן אונטער דעם קילן ווינטל, האָב איך אָנגעריסן פרישע בלומען, זיי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אין אַ קאַראַפין מיט וואַסער. אין טאָרט האָב איך אַריינגעשטעקט פינף־און־צוואַנציק ליכטלעך און האָב אַרום דעם טאָרט אויסגעשטעלט די טעלער מיט די מאכלים, אַ פלאַש היימישן ווייַן און אַ מתנה פאַר אברהמעלען — אַ פּאָר וואָלענע שקאַרפּעטן, וועלכע איך האָב אַליין אויסגעשטריקט.

איך האָב מיך פאַרקעמט, אויסגעפּוצט אין אַ ניי קלייד און אויך בליי־מעלען האָב איך אויסגעפּוצט. מיין געדאַנק איז איצט פול געווען מיט אברהמעלען, מיט דער גדולה, וואָס איך וועל אים פאַרשאַפן, האָב איך פאַרגעסן מורא צו האָבן. איך האָב געהאַט אַ געפיל פון אַ וויכטיקן מענטשן, וואָס איז אַריינגעוואקסן אין זיין משפחה. עס קוועלט פון אים אַרויס די

פרייד, ליבשאַפט און דערהייבונג, און העלפט אים בייצושטיין אַלע שווערע מאָמענטן, וואָס די צייט און דאָס לעבן לייגן אויף אים אַרויף...

מיט בלימעלען אויף די הענט האָב איך אויף אים געוואַרט ביים טויער, און ווען אברהמעלע האָט אונדז דערזען האָט ער אַזוי רירנדיק זיך צעשמייכלט, אַט ווי איינער, וואָס האָט געבראַכט אַ שלעכטע בשורה און האָט נישט קיין מוט אַרויסצוברענגען זי אויף זיינע ליפּן.

ער האָט איינגעשלאָסן זיינע פינגער אין מיינע און האָט מיך אַריינגעפירט אין גאָרטן. די קליינע האָט זיך אונדז נאָכגעשלעפּט, און זי ווי וואָלט עפּעס פאַרגעפילט האָט זי אונטערגעקרעכצט און געבראָכן פיסקעס.

דער געגרייטער טיש האָט אונדז אַקעגנגעשיינט. אברהמעלע איז געוואָרן רויט און בלייך, זיך איינגעשרומפּן ווי ער וואָלט זיך מיטאַמאָל דערפילט שלעכט. איך האָב אים דערלאַנגט די שקאַרפּעטן און געזאָגט: טראָג זיי געזונטערהייט, אברהמעלע!

ער האָט גענומען ביי מיר זיין פּעקעלע, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון שטאָט, אַרויסגענומען פון אים אַ פּאָר שיכעלעך פון ווייסן און געלן לאַק פאַר מיר און אַ מענטעלע פון רויטן סאַמעט פאַרן קינד. ער האָט אויך געבראַכט פאַר מיינעטוועגן אַ גילדן פינגערל מיט אַ בראַסלעטל. ער האָט עס מיר אָנגעטאָן און געזאָגט דערביי: — דאָס זענען דיינע חתונה־מתנות, דינעלע! אָבער נישט איך האָב זיי דיר געקויפט, נאָר מיינע פריינד, די בלומען־פאַרקויפערס...

אַוודאי איז עס געווען פאַר מיר אַ גרויסע איבעראַשונג. עס איז נישט קיין קלייניקייט אַזאַ פריינטשאַפט, פון מענטשן, וועלכע קענען דיך נישט אַפילו. אַזאַ איידלקייט אין דער צייט, ווען אַלע קוקן אויף דיר ווי אויף אַן אָנשיקעניש. דאָס איז דאָך געווען אין די טעג, ווען איך האָב באַזוכט מיינע געוועזענע באַלעבאַטים און זיי האָבן פאַרפולט דעם בעכער. זיי האָבן מיך פאַרשטומט ,און ווען נישט אברהמעלעס געבורטסטאָג וואָלט איך דאָך אַזוי גיך, מסתמא, נישט אויפגעקומען פון יענעם קלאַפּ.

ער האָט זיך אַרומגעוואַשן, אָנגעטאָן אַ ווייס העמד און ווייסע הויזן. ער האָט אָנגעצונדן דעם לאָמטערן צווישן די צווייגן און איך האָב אָנגעצונדן די יום־טובדיקע ליכטעלעך אינעם טאָרט, אויפגעהויבן בלימעלען, זי זאָל זיי אויסלעשן, און נאָכדעם האָב איך זי דערלאַנגט אברהמלען. ער האָט איר אַ קוש־געטון און אָפּגערוקט פון זיך, אויסמיידנדיק מיינע בליקן.

עס האָט מיר אַ טיאָכקע־געטון אין האַרצן, און איך האָב אים געפרעגט:

— פילסט זיך עפּעס נישט גוט, אברהמעלע?

ער האָט נישט געענטפערט, נאָר גענומען די קליינע און זי אַוועק־געזעצט אויף איר בענקל לעבן טיש. מיר האָבן געפּראַוועט די געבורטס־טאָג־סעודה עפּעס אָן פייער, אָן שטימונג, עפּעס ווי אַ שאָטן וואָלט געהאנ־גען איבער אונדז.

נאָכן עסן האָב איך אים ווידער געפרעגט:

— דו ביסט געווען אין שפּיטאָל?

ער האָט געענטפערט מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט געזוכט מיך אָפּצו־פּטרן: — יאָ, שוין דערליידיקט... — און אויסגעטרונקען איין גלאָז וויין און אַ צווייטע. די רויטע פלעקן אויף זיינע באַקן זענען געוואָרן שאַרפער, און די אויגן זיינע, שוין כמעט שיכורלעכע, האָבן ווי חוזק געמאַכט איבער די אייגענע צרות און איבער דעם צוויי־פּנימדיקן גורל.

צום ערשטן מאָל האָב איך אים געזען אין אַזאַ צושטאַנד. איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימן און האָב אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר דעם ביטערן אמת.

ער האָט אויסגעטרונקען נאָך אַ פּאָר גלעזלעך און גענומען די קליינע ציגעלעך אויף די הענט און האָט אָנגעהויבן אריינרעדן אין זייערע נאַרישע פּנימלעך:

— איר זענט אויף צרות, דינעלע און אברהמעלע! דאָס גליק פייפט אויף אייער טאַטן!... דער דאָקטער זאָגט, אַז איר טאָרט דאָ מער ניט האָבן בלימעלען... נו, איז עס נישט קיין חוזק? אָבער דער דאָקטער איז גערעכט, גיט מיר אַן עצה...

— וואָס רעדסטו, אברהמעלע?! וואָס טוט זיך מיט דיר?

ער האָט מיטן עלנבויגן מיך אָפּגערוקט און מיט ביטערניש און חוזק ווייטער גערעדט:

— דער דאָקטער זאָגט, אַז מיר זאָלן אַוועקפאָרן פון דאַנען און אי־בערלאָזן ביי אים דאָס קינד... ווייל איך בין קראַנק אויף די לונגען... און מיין פרוי מוז אויך אַוועק פון דאַנען.

ער האָט אויפגעהויבן צו מיר אַ בליק פול מיט ענדלאָזער ליבשאַפט און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

איך האָב שוין אַלץ פאַרשטאַנען און געווען גרייט זיך אַנטקעגנצו־שטעלן מיין צוויי־פּנימדיקן גורל. איך האָב זיך פונאַנדערגעוויינט און זיך אָנגעהויבן צו בעטן ביי אים:

— אברהמעלע! איך וויל, אַז דו זאָלסט אַריין אין שפּיטאָל פאַר לונגען־

קראַנקע. וועסט ווערן געזונט. דו מוזסט ווערן געזונט. איך מיט בלימעלען ווילן עס...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די ציגעלעך, אַרויפגעלייגט די הענט אויף מיינע אַקסלען און געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַן עלטערן ברודער

— דינעלע! איך האָב מיטן דאָקטער אַרומגערעדט די זאַך. מיר האָבן געוויגן און געמאָסטן, און עס איז קיין אַנדער אויסוועג נישט געבליבן... אָבער עס איז דאָך נישט אויף אייביק... איבעריקנס, איז דאָך שטענדיק בעסער צו הערן גוטס פונוויטנס, איידער צו זען, חלילה, דעם אומגליק ביי זיך אין שטוב און זיך פילן שולדיק... בלימעלע איז דאָך אַ קינד. מיר דאַרפן מקריב זיין אונדזער פרייד, אָבער עס איז נישט אויף אייביק, דינעלע!...

איך האָב זי אויפגעהויבן און אַוועק מיט איר אין קאָמנאַטקע. דאָרט האָב איך מיך גוט אויסגעוויינט. שפּעטער האָב איך, כדי נישט צו פאַר־שטערן אברהמעלען זיין געבורטסטאָג זיך באַמיט צו באַרויִקן און בין אַרויס־געגאַנגען צו אים.

***

איך האָב געטראָפן מיט אים דעם שניידער און זיין משפּחהלע. אברה־מעלע איז געשטאַנען צווישן זיי און גערעדט שטיל. לויט זיין האָפּענונגלאָזן מאַכן מיט דער האַנט האָב איך שוין גוט באַנומען, ווי עס האַלט מיט אים און אויך מיט מיר...

דער שניידער איז מיר אַנטקעגנגעגאַנגען מיט טויזנט ווייכע מינעלעך אויף זיין אָפּגעצערטן פּנים, מיר דערלאַנגט זיין אויסגעהאָרעוועטע האַנט און געזאָגט:

— זאָל עס אייך זיין מיט גליק, דינעשי, און צו לאַנגע יאָרן מיט פרייד. מסתמא, דינעשי, איז עס אַזוי אָנגעצייכנט געוואָרן.

איך בין געווען צערודערט און נישט געקענט שטיין אויף די פיס. איך האָב מיך צוגעזעצט אויף אַ בענקעלע און פירפּאָ האָט זיך אויסגעצויגן לעבן מיינע פיס און זייטיק געקוקט אויף די נייע מענטשן. די קינדער, בלי־מעלע און בונימל, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן אים, זיך געשפּילט מיט זיינע אויערן און מיט די פאַדערשטע לאַפּעס.

— אַ מזל פון אַ כלב! — האָט זיך דער שניידער אָנגערופן. — זע נאָר ווי מען ניאַנטשעט זיך מיט אים... און ער האַלט זיך...

ער האָט אָנגענומען זיין טעכטערלס הענטל און זי אויך צוגעפירט

צום הונט. דערביי האָט ער אַריינגערעדט אין אירע דערשראָקענע אויגן:
— האָט נישט קיין מורא, טאָכטער, דער כלב איז נישט אַזאַ רשע ווי דו מיינסט... ער איז, נעבעך, געטריי. הלוואי וואָלטן מיר אַזוי געקענט זיין...

די שניידערן, וועלכע האָט אין צייט, ווען איר מאַן האָט גערעדט, אַרומגעקוקט דעם גאָרטן, איז צוגעקומען, האָט פאַרצויגן איר חנוודיק נעזל און געשנורעוועט מיטן פּיסקל: — מענדלשי, הער שוין אויף מיט דיינע פילאָזאָפיעס! צי האָב איך דיר נישט געזאָגט, מענדלשי, אַז דינעשי איז אַ גרויסער בר־מזל?... און זאָל עס איר זיין צו לאַנגע און גליקלעכע יאָרן. און איר, אברהמל, —האָט זי פאַרגעזעצט באַליידיקט— איר האָט פונדעסט־וועגן געמעגט פרעגן אַן עצה, און נישט קומען אָנזאָגן די גוטע בשורה און רופן שוין צום גרייטן... וואָסי, מיר האָבן עס נישט פאַרדינט ביי דינעשין, אַ?...

איר מאַן האָט זיך אַריינגעמישט און האָט שמייכלענדיק זי אַ ציפּ־געטון פאַרן עלנבויגן:

— איך האָב אויך נישט געפרעגט ביי קיינעם... נו, האָט מען מיך נישט געפירט אונטער דער חופּה?

— אָט האָסטו דיר אַ גלייכן און אַ שיינעם ביישפּיל!... — האָט זי אים אָפּגעגאָסן מיט אַ פאַרליבטן בליק, און קנייטשנדיק דאָס נעזל, צורעכט־געמאַכט די פאַרשטויבטע רויז פון איר ברוין היטעלע: — דו האָסט נאָך באַדאַרפט זיך עצהנען? נישקשה, מיין מאַמעשי, זי זאָל האָבן דעם ליכטיקן גן־עדן, זי האָט, נעבעך, געגוג געוויינט... און טאַקע מיט רעכט... וואָסי? איך בין ביט ווערט געווען צו נעמען פאַר אַ מאַן אַ שיינעם פראָוויזער?... ווען נישט מיין מאַמע וואָלט איך נישט געווען אויסגעפירט... געדענקסט עס, מענדלשי?....

— איך וועל עס איר טאַקע קיין מאָל נישט מוחל זיין? — האָט דער שניידער געשמייכלט און האָט צוגעצויגן דאָס ווייבל. — איך וועל דיר, ווייבל מיינס, באַצאָלן דעם רעשט...

— איך באַדאַרף נישט דיינע רעשטן!.... איך וועל מיר נעמען מיינע צוויי ליכטיקע שטערן, און דו קענסט דיר בלייבן מיט דער שטוב און מיט וועמען דו ווילסט... מיר גייט עס נישט אָן!... — האָט זי, ווי תמיד, קאָקע־טירט מיט איר זיכערקייט אין זיין ליבשאַפט.

— מאַמע, לאָז איבער דאָס גטן זיך אויף מאָרגן! — האָט בונימל אויפגעהויבן דאָס פּנים. — דער רב מוז דאָך אוודאי איצט כאַפּן אַ דרימל...

עס איז געוואָרן אַ געלעכטער. די שניידערן איז געוואָרן רויט, האָט אָנגעהויבן פּאַטשן מיט די קורצע הענטלעך און געשנורעוועט די ליפּן...

— בונימשי! איך האָב נישט ליב, ווען דו מישסט זיך אַריין... עס איז ניט שיין, דו ביסט נאָך אַ שנעק!...

— ער איז דאָך מיין אַדוואָקאַט! — האָט דער שניידער געשמייכלט.

— ווען נישט בונימשי, ווייסט איין גאָט, צו וואָס עס וואָלט דערגאַנגען...

אבּרהמל האָט זיי פאַרבעטן צום טיש, און צווישן איין ביס און דעם אַנדערן האָט מען גערעדט וועגן גאָרטן, וועגן פּרוכטן, וועגן פירפאַן און אַלץ, וואָס האָט געהאַט צו טון מיט דאָרפישקייט. איך האָב געפילט, אַז נישט צום אָפּגעבן מיר מזל־טוב זענען זיי געקומען... דאָס האָט זיך טאַקע באַשטעטיקט.

ווען דער שניידער האָט אויסגעטרונקען אייניקע גלעזלעך ווישניק איז ער געוואָרן אויפגעלעבטער. זיינע אויגן האָבן געפינקלט און ער האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט:

— דינעשי! איר ווייסט ווי מיר האָבן ליב אייער בלימעשי. זי איז אויסגעוואַקסן אויף אונדזערע הענט. מיין בינעמשי און מיין טאָכטערשי גייען אויס נאָך איר... נישט אַזוי, אברהמטשע?... — האָט ער זיך געווענדט צו מיין מאַן. אברהמעלע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און דער שניידער האָט פאָרגעזעצט:

— מיר האָבן, אַ דאַנק דעם אייבערשטן, אַ שיינעם, אַ גילדענעם הויף, שטיבער ווי די פעלדער, און פּרנסה פעלט אויך נישט, מען אַרבעט, נעבעך, צופיל אפילו, אָבער דאָס וועט דאָך נישט קאַליע מאַכן די גוטע דערציִונג פון די קינדערלעך. מיר ווילן איר צוטיילן פון פייגל־מילך...

— הער נאָר אַ לשון! — האָט זיך די שניידערן אונטערגעהויבן און זיך צוריק אַוועקגעזעצט. — דינעשי איז דאָך אַן איבערגעגעבענע מאַמע... זי מוז דאָך טראַכטן וועגן דעם קינדס גליק... וואָס, ניט?...

דער שניידער האָט איר אַ צי־געטון דעם אויער, ער האָט צעפירט די הענט און האָט געשמייכלט אויף אַזאַ אופן, ווי ער וואָלט זיך געוואָרגן מיט עפּעס. — דינעשי ווייסט אַליין. עס איז נישט אויף אייביק... — האָבן זיינע אויגן אויסגעדריקט ענדלאָזע יסורים. — דער אייבערשטער וועט זיך מרחם זיין... איר וועט פּטרן די קראַנקייט, איר וועט...

ער האָט אָפּגעזיפצט איין מאָל, אַ צווייט מאָל און געפירט מיטן מינדסטן פינגערל אין אַ שעלעכל מיט וואַסער, און צוגעגעבן שטיל און באַהאַרצט:

— אייער אַבראַשעשי, דינע, האָט עס אַמאָל געבעטן ביי אונדז. איך שווער עס אייך ביים לעבן פון מיינע קינדערלעך!...

— עס איז געווען איין טאָג פאַר יענעם אומגליק... — האָט די שניי־דערן געפלאַמט פון אויפרעגונג. — דערצייל עס דו, מענדלשי, ווייל עס איז מיר שווער...

— עס איז גענוג. דינעשי פאַרשטייט עס אַליין! — האָט ער אַריינגע־רעדט אינעם שעלעכל וואַסער. — דינעשי איז אַ מאַמע און אַ געליטענער מענטש, ווי איז מיר נעבעך!...

ער האָט אויפגעהויבן בלימעטשקען, זי צוגעדריקט צו זיין האַרצן, געגלעט אירע לאָקן און גערעדט מיט אַ רחמנותדיק קול

— האָסט ליב דעם פעטער מענדלשי, בלימטשעלע? גיב מיר אַ קוש! איך וועל דיר קויפן אַ גרויסע פעלאָטע!...

איך האָב מער נישט אויסגעהאַלטן. עס האָט מיך געוואָרפן ווי אין קדחת. איך האָב דורך די פאַרשלאָסענע ליפּן געיעכצט, געיעכצט... און אַבראַשענקאַ האָט זיך ווידער באַוויזן און פון זיינע אויגן האָט עס געטריפט מיט געבעט: — דינעטשקע! קינדער טאָרן נישט אָפּקומען צוליב די זינד פון טאַטע־מאַמע!...

— ניין, ניין, אַבראַשענקאַ! —האָב איך מיך צעשריִען— דו טאָרסט עס נישט פאַרלאַנגען פון מיר!... איך וועל עס נישט אויסהאַלטן!...

אברהמעלע האָט מיך אַריינגעפירט אין מיין חדרל, מיך אַריינגע־לייגט אין בעט און צוגעדעקט מיט אַ גראָבער קאָלדרע. איך האָב געצי־טערט ווי אַ פיש אויף דער ווענטקע.

די שניידערן האָט אויסגעטאָן בלימעטשקען און זי געלייגט שלאָפן. דעם שניידערס קינדער זענען דערשראָקענע געשטאַנען לעבן דעם וויגל, און דער שניידער, אין גאַנצן אַ צעמומענער, האָט זיך צוגעבויגן צו מיר און גערעדט מיט אַ טאָן פון חרטה און געבעט:

— איר וועט אונדז פאַרגעבן, דינעשי! מיר האָבן אייך ניט געוואָלט ערגערן, זאָגן מוסר... עס גייט דאָך אין בלימעטשקעס גליק...

איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן.

**
*

ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט איז שוין דער שניידער מיט זיין משפחהלע נישט געווען. אויפן ראַנד פון בעט איז געזעסן דער דאָקטער.

וואָס האָט מיך אונטערגעזוכט אין שפּיטאָל. ער האָט געפּרוווט מיין פּולס און פאַרטראַכט געקוקט אויף זיין גאָלדענעם האַנט־זייגער.

אברהמעלע איז געשטאַנען צופוסנס פון מיין בעט און האָט אויסגעזען ווי איינער, וואָס האָט געפאַסט הונדערט תעניתים. עס איז געווען שטיל, אַזוי ווי די איינזאַמקייט וואָלט געהאַלטן ביים אויסוויטיקן איר לעצטן אָטעם.

מיינע בליקן זענען צוגעפאַלן צו מיין קינד.

דער דאָקטער האָט מיר געמאַכט אַן איינשפּריצונג און מיר געגעבן צו טרינקען אייניקע קאַפּליעס, וועלכע ער האָט פון אַ פלעשעלע אריינגעלאָזט אין אַ גלאָז וואַסער. מיר איז געוואָרן אַ קאַפּעטשקע בעסער.

ער האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט, געקוקט מיר אין די אויגן און שמייכלענדיק גערעדט מיט אַ טאָן פון אַ קלוגן אַלטיטשקן:

— וועגן, דינאַ, פירן ערגעץ. איז דאָך געזינטער זיי אויסצעמיידן, אייידער מען ווערט אין זיי אַריינגעפּלאָנטערט. פאַרוואָס, דינאַ, זאָלן מיר מאַכן אומוועגן? פאַרוואָס נישט אָפּהאַקן די פליגלען פון שלעכטס, איידער זיי ווערן צו שטאַרק? איידער זיי וועלן זיך אויסשפּרייטן איבער אונדז? איר זענט איצט באַהערשט פון אַן איבערגעטריבענער שרעק. דאָס איז אפשר אַ חולאת פון אונדזער ציוויליזאַציע. אָבער מען מוז זיי אַרויסרייסן מיטן וואָרצל. איר מוזט האָבן אַ שטרענגע קוראַציע פון אייער בלוט. אָבער דער עיקר איז דאָך אייער געמיט־צושטאַנד... אייער מאַן איז באַזאָרגט. עס וועט פאַר אייך זיין אַ שטער צו זיין געזונט־ווערן. איר מוזט אונדז צוהעלפן ביי־צוקומען די שוועריקייטן און — מיר וועלן זיי באַזיגן...

— ווייַנט נישט, דינאַ! קיינער וויל נישט צונעמען ביי אייך אייער קינד, פאַרקערט! מיר אַלע ווילן, איר זאָלט געזונט ווערן און איר זאָלט אַן מורא קענען זיין צו איר אַ מאַמע. איר זענט עס ווערט. איר וועט עס זיין ווי ביז איצט, אָבער מיט מער זיכערקייט, מיט מער פרייד.

— אויב איר וועט באַשטימען אַוועקצופאָרן אויף אַ לענגערער צייט, וועל איך נעמען דאָס קינד צו זיך. פאַרשטייט זיך, אויב איך וועט עס זיין צום האַרצן. איך האָב נישט קיין אייגענע קינדער, — האָט ער אומעטיק געשמייכלט. — זי וועט זיין ביי מיר ווי אַ פלאַנץ, ווי אַ שפּיגל און ווען איר וועט זיין אין גוטע קאָנדיציעס, וועל איך מיט מיין פרוי זי אייך אָפּברענגען...

— היינטיקע גבירים, די וואָס ווילן מאַכן רייזעס און ווילן ניט ווערן

געשטערט דורך זייערע קינדער, צאָלן געלטער מען זאָל ביי זיי צונעמען די קינדער אויף אַ געוויסער צייט.

— איך בין דאָך אָבער אַן אָרעמע מאַמע, און האָב נישט מער ווי איין קינד; איין אויג אין קאָפּ!...

— איז דאָך, אַוודאי, געפערלעך איינצושטעלן איר געזונט... אַ קינד מוז דאָך ווערן דערצויגן, עס זאָל נישט ווערן קיין קרבן... נישט אַזוי, דינעלע... — האָט דער דאָקטער גערעדט צו מיר ווי צו אַ קליין קינד.

זיינע וויזיטן און געשפּרעכן האָבן זיך איבערגעחזרט מער ווי אַ וואָך. איך בין געלעגן אין בעט און געהאַלטן לעבן זיך מיין קינד. אברהמעלע האָט די גאַנצע וואָך נישט אַראָפּגענומען די בלומען, נישט געפּאָרן אין שטאָט און זיך נאָר אָפּגעגעבן מיט מיר. ער איז געוואָרן מאָגער, בלייך און פאַרשטומט. אויך דאָס קינד האָט אויסגעזען שלעכט און האָט באַקומען אַ ביסל פיבער.

ווען דער דאָקטער האָט זי אונטערגעזוכט, איז ער געוואָרן סמוטנע. ער האָט זי געהאַלטן אויף זיין שויס און גערעדט צו מיר ווי אַ שטרענגער טאַטע:

— עס קומען שוין אָן די ערשטע קאָנסעקווענצן... עס איז אַ זינד איינצושטעלן איר לעבן! מיט דעם אָנשטעקן די קליינע וועט דאָך אייער לאַגע ווערן אַ סך קאָמפּליצירטער און האָפּענונגסלאָזער... ווען איר וועט אָבער האָבן די זיכערקייט אין איר גליק, איר לעבן — וועט איר באַקומען מער אויסדויער, איר וועט זיך גיך אויסהיילן און דאַן — נעמען זי צוריק צו זיך...

איך האָב אייך שוין געזאָגט, מאַדאַם, אַז דער גורל איז צווייפּנימדיק. מיט מיר איז ער געווען אַן אומענדלעכער גזלן: איך האָב אים געטרויט מיין אייגן בלוט־און־פלייש און ער האָט זיך פון מיר אויסגעלאַכט, מיר אַרויסגעשטעלט צען פייגן...

נאָך וואָכי פון ליידן, פון פּייניקן זיך און מיין פאַמיליע — האָב איך נאָכגעגעבן...

***

דאָ אויף דער נייער ערד זענען אַנטשטאַנען נייע זאָרגן. איך מיט אברהמעלען זענען געווען הויל און בלויז. מיר האָבן דאָך קוים צונויפגעשלאָגן אויף רייזע־הוצאות און אויף אַ ביסל ביליקע מלבושים.

אָבער וואָס מער זאָרג איך האָב געהאַט, אַלץ בעסער איז עס דאַן

געוועז. שטוינט נישט, מאַדאַם! — האָט זי מיטן זוים פון איר פאַרטוך גע־ווישט אירע פאַרשלאָפענע אויגן.

איך האָב געטראַכט וועגן פאַרדינען געלט, כדי אברהמעלע זאָל קענען פאָרזעצן זיין שטודירן. געטראַכט וועגן וואָס שנעלער זיך אויסקורירן און קענען ברענגען מיין קינד.

מיר האָבן מיט ציין און נעגל זיך געקלאַמערט אינעם לעבן, און דער גורל האָט זיך ווי פאַרוועט, ווער וועמען עס וועט אויסלאַכן. דעם ערשטן געוועט האָבן מיר געוווּנען. פאַמעלעך האָב איך אַרויסגעשלאָגן די מורא פון מייַן קאָפּ. עס איז מיר געוואָרן ליכטיקער אין די אויגן. איך האָב באַ־נומען, אַז דאָרט, נאָענט פון יענעם הויף, פון יענע מענטשן וואָלט איך גע־ווען אַראָפּ פון זינען.

מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַ ווינקל טאַקע פון אָט דער געגנט, צווישן דעם שוואַרצן נאַראָד, און קיינער האָט נישט געוווּסט ווער איך בין געוועז... עס האָט אויסגעזען, ווי איך וואָלט געוואָרן אַ נייער מענטש, און קיינער וועט מיך מער נישט באַליידיקן, נישט פאַרשעמען.

אברהמעלע איז געוואָרן מונטער און רירעוודיק. ער פלעגט אויפ־שטיין אין די פאַרטאָגן און אַוועקגיין זוכן אַרבעט. צו לאַנדסלייט האָט ער נישט געוואָלט גיין, טאַקע צוליב אונדזער רויקייט.

דער קלימאַט פון ריאָ האָט, ווי עס האָט אויסגעזען, אים פאַליובעט. ער איז געוואָרן אָפּגעברענט פון דער זון און האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער פּאָרטוגעז.

— אברהמעלע, וואָס וועט זיין מיט די פּאָר גראָשן וואָס לאָזן זיך אויס?...

— מיט די גראָשנס איז דאָך גוט! —האָט ער געשמייכלט— האָב קיין מורא נישט, דינעלע, מיר וועלן זיך נאָך אָנאַרבעטן צעזעצטערהייט...

— אברהמעלע, גיי נישט אַרום אַזוי פיל. די זון ברענט אַזוי שטאַרק, עס וועט דיר שאַדן צום געזונט!...

— זאָל די זון מורא האָבן פאַר מיר! דו ווייסט, דינעלע, דער קלוגער מלך שלמה האָט געזאָגט: ווער עס קוקט צופיל אויף די כמאַרעס, דער וועט קיינמאָל גאָרנישט זייען און גאָרנישט שניידן...

**
*

ער איז אַוועק און געבראַכט אַ גרויסן אַלטן שפּיגל מיט אַ הויך טי־שעלע און אַ דיוואַנטשיק.

— אברהמעלע, ווו האָסטו גענומען די דאָזיקע אוצרות? עס פילט זיך פון זיי שימל, מיט אַלטקייט. צי וואָס טויג עס אונדז?

— אָט וועסטו זען, דינעלע, אַז אַלטקייט איז פּראַקטיש. עס מאַכט נישט קיין חנדלעך און עס וועט דיר דינען, ווי עס דינט אַן אויסגעמוטשעט פערד... עס שלעפּט די שווערע משא און איז צופרידן, וואָס מען לאָזט עס נאָך אין שפּאַן...

און ער שמייכלט און איז עולה גדולה.

ער וואַרט נישט אויף מיין צושטימונג, און בשעת איך וואַש אַרום די זאַכן, באַצאָלט ער דעם טרעגער און באַלד נעמט ער זיך אָנשרייבן אויף אַ גרויסן ווייסן קאַרטאָן: — דאָ איז אַ שערער מיט אַ מאַניקורשע. ער הענגט דעם קאַרטאָן אַרויס אין פענצטער און ער נעמט זיך אויסשטעלן דאָס מעבל.

נאָכדעם ווי ער האָט אויפגעהאַנגען דעם שפּיגל איז ער געלאָפן קויפן אַ בערשטל און באַלד פאַרבט ער שוין דאָס מעבל און עס גייט אַ גאַנג, פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַן אמתער פאַכמאַן.

— וואָס טוט זיך מיט דיר, אברהמעלע? דו קענסט דען זיין אַ שערער? מע וועט דאָך דיך באַשטעקן מיט פעדערן!...

— ווען איך בין אַרויס אין שטאָט, דינעלע, האָב איך געזען אַ גאַס וואָס הייסט „מורא" און אַ צווייטע — „פאַרויס". נו, בין איך אַוועק אויף פאַרויס, און דו וועסט מיר נאָכגיין, אַזש דער רוח וועט עס נעמען!... גלייב מיר, דינעלע, אַז איך בין פון די קליינע אויסטויגערס —פאַכעט אברהמל מיט דעם בערשטל און רעדט אַריין אין דעם געפאַרבטן לייסטל— אַ גוי אין פאַסטעלעס קען דאָך אויך די דאָזיקע תורה...

— אָבער דו ביסט דאָך קוים אַ ברעקעלע יידעלע, און דערצו מיט צעפּליקטע שיך, נישט מיט קיין פאַסטעלעס... — האָב איך שוין געפּרוווט חוזקן פון זיין איינפאַל. ער איז אָבער געוואָרן טויט־ערנסט און אָנגעהויבן מיט אַ טאָן פון אַ דערפאַרענעם אַלטיטשקן.

— מען דאַרף נאָר, דינעלע, האָבן ליבשאַפט צו דער זאַך, צו דער אונטערנעמונג, וועט עס גיין ווי אויף פּוטער... וואָסי? עס איז דען אַזאַ גרויסע תורה אָפּצושיפּען אַ בערדעלע? מיר ווינען דען צווישן לאָרדן, ראָטשילדס?... איך בין אַמאָל שיעור געוואָרן אַ סאָלדאַט אין קעניג קאַרלס מדינה. האָב איך דאָרט געשונדן מאָרדעס, געאַרבעט אויף דער גאַנצער פאַרע און אויסגענומען ביי די וואָלאַכן.

— וואָס, דו האָסט געדינט? פאַרוואָס האָסטו עס מיר נישט דערציילט? אברהמעלע! ווי־ווי! טראָגסט דיך אַרום מיט סודות? — און איך נעם אַריין

זיין קאָפּ אין מיינע הענט און קוק, קוק אין זיינע אויגן און ווער נישט זאַט... ווי שיין און ווי ערלעך ער איז עס געווען!...

און ער, אברהמעלע, שמייכלט און ענטפערט מיר מיט אַ חוזק־טאָן איבער זיך אַליין!

— קעניג קאַרלס מדינה האָט מיך אָפּגעשיקט אַהיים, ווייל איך בין געווען נישט דערוואַקסן ביז צום אַרשין, פּונקט צו דעם סענטימעטער... און אפשר האָבן זיי דאָרט באַדאַרפט האָבן מאַנספּאַרשוינען מיט... כדי צו האָבן פון וועמען צו רייסן שטיקער...

***

פּאַרנאַכט, ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק און גרייט אויפצונעמען קונדן, האָט אברהמעלע אַ זאָג־געטון צו מיר מיט אַ שפּאַסיקן ערנסט:

— דינעלע! דו ביסט דאָך אַ מאַניקורשע פון פאַך, נישט אַזוי?... וואָלט גוט געווען, דו זאָלסט דיך פריִער גוט איינאַרבעטן... איך בין יאָ אַ בקי אין דער אַרבעט. די רומענישע אָפיציִרן זענען געפּוצטע, געפּאַרבטע ווי ליאַלקעס, און איך האָב זיי געריבן אַ מאָרדע... און זיי האָבן מיר אַפילו געגעבן „נאַ טשאַי“.

— זיי האָבן דיך געשלאָגן, אברהמעלע? איך זע, אַז דו פילסט דיך נאָך אַלץ באַליידיקט פון זיי...

— אויף דעם בין איך דאָך אַ ישראליקל... דערצו נאָך — אַ קאַ־פּעטשקע אונטער דער מאָס... איז דאָך געווען פון וועמען צו חוזקן... אָבער נאָך אַלעמען האָב איך געקוקט אויף זיי ווי אויף גרויסע הונגעריקע וואַנצן... אַ שונא ישראל איז דאָך קראַנק אויפן קאָפּ... קיין האַרץ האָבן זיי דאָך נישט. נו, איז אויף וועמען איז דען דאָ פאַריִבל צו האָבן?... נישט אַזוי, דינעלע?

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן אַלטן דיוואַנטשיקל, אַריינגעשטעקט די פינגער אין אַ גלאָז וואַרעמע וואַסער מיט זייף, דערנאָך זיי אַרויסגענומען און צו מיר געזאָגט:

— איצט, דינעלע, רייניק אויס מיינע נעגל, פייל זיי צו און שמיר זיי אָן מיט פאַרב; וועסט אויך אַרומשניי־ן די אָנגעוואַקסענע הויט.

עס איז מיר געווען אַ ביסעלע פריקרע. אָבער איך האָב פּאַמעלעך געמאַכט די אַרבעט. האָט אברהמל געקוקט אויף זיינע אויסגעפּוצטע, שפּי־ציקע נעגעלעך און האָט געשמייכלט, זאָגנדיק מיט גדלות

— דינע, דו ביסט אָלרייט!... מיר זענען אויף דער גאַס „פּאַרויס"!... איצט וועסטו זיין אַזוי גוט און מיר מאַכן די נעגל פון די פיס־פינגער. אַזוי וועסטו זיך איינאַרבעטן און באַקומען אַ ביסל פּראַקטיק...

איך האָב אים געפאָלגט, אויסגעווייקט זיינע פינגער און ווען איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט — האָב איך אים פאַרשניטן אַ נאָגל אַזש ביז בלוט... עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. פון שרעק האָב אַוועק־געוואָרפן דאָס ראַזיר־מעסערל. איך בין געוואָרן צעמישט און האָב מורא געהאַט אָנצוהייבן פונדאַסניי.

אָבער אברהמעלע האָט דערפון געמאַכט אַ שפּאַס.

— דינעלע! — האָט ער לאַכנדיק געזאָגט: — דו קענסט שוין קוילען אַ הערינג, זאָל עס טאַקע זיין אין אַ מזלדיקער שעה!

אין מיינט איר אפשר, מאַדאַם, אַז ער האָט מיך נישט געצווּנגען צו ענדיקן מיין אַרבעט?... און מיט דער צייט בין איך געוואָרן אַ פּערפעקטע מאַניקורשע.

*
**

און זאָגן וויל איך אייך, אַז מיר האָבן גאָר גיך אויסגענומען ביים נאַראָד. אונדזער דירה איז שטענדיק געווען פול מיט קונדן. איך האָב מיך אָפּגעגעבן מיט די ווייבער, געפּוצט זייערע נעגל, געשווירן די האָר, און אברהמעלע האָט אויסגענומען ביי זיינע קליענטן מיט זיין קלוגשאַפט און איידלקייט.

מיר האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך צו דערוויסן וועגן אַלע זאָרגן און קאָפּ־דרייעניש פון די דאָזיקע פּשוטע מענטשן, הויפּטזעכלעך שוואַרצע און אָרעמע. פאַר אונדז האָט זיך אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט און אַ פאַרלאַנג זיי מיט עפּעס בייהילפיק צו זיין.

איז ביי איינעם קראַנק געוואָרן אַ קינד בין איך געגאַנגען שטעלן באַנקעס, מאַכן איינשפּריצונגען. איך האָב זיי אָפּגעגעבן מיין לעבן און מיין נשמה, אָט ווי דאָרטן אין אייער שטעטל. איר געדענקט עס דאָך, מאַדאַם?...

איך אברהמעלע פלעגט שעהן־לאַנג פאַרברענגען מיטן קליינוואַרג. ער האָט זיי געלערנט לייענען, שרייבן און רעכענען, געשפּילט פאַר זיי אויף זיין פייפל און אויך זיי געלערנט שפּילן.

מיר זענען געווען גליקלעך און געמיינט, אַז אַזוי וועט עס שוין בלייבן. אָבער דער גורל אונדזערער האָט געוואָלט אַנדערש.

מיר האָבן אַלץ געטון זיך אויסצוהיילן וואָס גיכער, און צו קענען

ברענגען אַהער מיין בלימעלען. בונימל האָט אונדז אַלע וואָך געשריבן צוויי בריוו און אונדז דערציילט וועגן קינד, נאָך וועמען מיר האָבן אַזוי גע־בענקט.

אָבער פונקט צום יאָר, נאָכן פאַרלאָזן אַרגענטינע, האָט אברהמעלע געקראָגן אַ בלוט־שטורץ. איך האָב אים אַריינגעגעבן אין סאַנאַטאָריע, און ער איז דאָרט אָפּגעלעגן גאַנצע זעקס חדשים. ווען ער האָט זיך פּאָפּראַוועט און איז געקומען אַהיים, האָט מען געמוזט אָנהייבן אַלץ פונדאָסניי. איך האָב אין דער צייט פון זיין קראַנקייט נישט געקענט אַרבעטן, געמוזט זיין לעבן אים און געווען געצוווּנגען אויסצופאַרקויפן אַ ביסל פון אונדזערע זאַכן.

**

אַזוי, מאַדאַם, האָט זיך עס איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. אַלע יאָר און תמיד אין דעם זעלבן חודש, ווען די היץ האָט געברענט ווי אַ קאַלכויוון און אַרבעט איז געווען ביז איבערן קאָפּ, פלעגט מיר אברהמעלע אַוועקפאַלן און תמיד מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

— דינעלע! גיב מיר אַ ביסל וואַסער מיט צוקער. עס וועט באַלד איבערגיין... דאָס איז, מסתמא, צוליב דער שטאַרקער היץ...

ער איז געווען מער אין די קליניקעס ווי אין דער היים, און איך ווייס נישט, מאַדאַם, ווו איך האָב גענומען אַזוי פיל כוחות צו אַרבעטן, צו האָפן און צו גלייבן, אַז אונדזער גליק וועט זיך נאָך אומקערן.

**

ווען ער איז צום לעצטן מאָל אַוועקגעפאַלן האָט ער צו מיר גערעדט:

— דינעלע, דו ביסט פאַרמאַטערט. דו ביסט צופיל פאַרנומען לעבן מיר... אָבער אַ מענטש דאַרף דאָך אויך טראַכטן וועגן זיך... פאַרוואָס זאָלן מיר נישט ברענגען אַהער דאָס קינד? דו ביסט דאָך איצט פולקאָם געזונט, און עס קומט דיר שוין, דינעלע, זאָלסט געניסן אַ ביסעלע פרייד. דו האָסט עס כשר פאַרדינט. ווען כ׳וועל אַרויס פון סאַנאַטאָריע וועלן מיר זי ברענ־גען... זאָל זי זען דאָס קינד מיט אירע אייגענע אויגן, וואָס עס הייסט דערהויבנקייט. זי איז דאָך שוין אַ פאָלנער מענטש. ווי מיינסטו, דינעלע, איז עס אַ פּלאַן? פאַרוואָס ביסטו אַזוי סמוטנע? צי זע איך טאַקע אויס אַזוי שלעכט? האָסט מורא, זי וועט זיך אָנשטעקן פון מיר?...

— וואָס פאַלט דיר איין, אברהמעלע? —האָב איך זיך באַמיט אים צו באַרויקן— נישט דיין שוואַכקייט האָט מיך אָפּגעהאַלטן פון דעם... חלילה! נאָר זיי דאַרטן רעדן מיר אַלץ אָפּ... איך האָב אפשר נישט באַדאַרפט זיי אויסשרייבן דעם גאַנצן אמת. עס האָט נישט געטויגט, אברהמל!

ער האָט אָנגעשטעלט די בליקן אויף די בלויע שייבעלעך פון די פענצטער און זיין קאָפּ האָט זיך געריסן פאָרויס, פאָרויס. אָן ענדלאָזע בענקשאַפט האָט געגעסטיקט אין זיינע פיבערדיקע אויגן. און דאָס ווייסע בעטל, די גרינע פרישע פאַרב אויף די ווענט האָבן דאָן אויסגעזען אַזוי סמוטנע...

— דינעלע! —האָט ער איינגעפלאָכטן מיינע פינגער אין זיינע און צוויי גרויסע טרערן זענען געבליבן שטעקן אין זיינע טיפע אויגן־ווינקלען— דו מוזט דאָך האָבן פונוואַנען צו שעפּן אַ ביסעלע כוח, אַ ביסעלע טרייסט. איך קען דאָך דיר מער גאָרנישט געבן...

— דו, אברהמעלע, ביסט מיין טרייסט! וואָס וואָלט געוואָרן פון מיר, ווען איך זאָל נישט דאַרפן טראַכטן וועגן דיין געזונט?! ווען דו וועסט אַרויס פון דאַנען, וועסטו אַליין פאָרן זי ברענגען.

— עס איז טאַקע אַ געדאַנק, דינעלע! איך בענק דאָך אַזוי נאָך אַר־גענטינע. איך האָב ליב דאָס לאַנד און די מענטשן, וואָס האָבן מיר אַזוי פיל גוטס געטון. מען זאָגט, בוענאָס־איירעס איז אויסגעוואַקסן אַ כרך...

ער האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף מיין שויס און אַ שמייכל, ווי אַ געלבלעך שטיקל זון האָט אויפגעציטערט אַרום זיינע ליפּן און אַרום די טיפע אויסשניטן פון זיינע פיבערדיקע אויגן, פולע מיט באַגער צום לעבן...

יאָ, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן איז ער אַוועק פון מיר...

*****

— נו, וואָס איז דען פאַראַן צו דערציילן נאָך, מאַדאַם? שוין בעסער נישט רעדן וועגן דעם, — האָט זי ביטער געזיפצט. — נאָך דער שבעה האָב איך געשריבן אַ בריוו צום שניידער מיט זיין ווייב. געשריבן האָב איך דעם בריוו מיט בלוטיקע טרערן און האָב זיי אויסדערציילט וועגן מיין גרויסן בראָך, און זיי געבעטן זיי זאָלן נישט פאַרזאַמען מיר שיקן מיין קינד, מיין איינציקע טרייסט...

איך האָב מיין בלומע נישט געוואָלט איבערלאָזן ביי דעם קינדער־

לאָזן דאָקטער, אויס מורא, אַז ער וועט זי צונעמען ביי מיר... אָבער אויך דער שניידער האָט מיין געפיל פון אַ מאַמע נישט גענומען גאָר ערנסט...

עס איז דאָך נישט געווען דאָס ערשטע מאָל אַזאַ שרייבן. תמיד איז געקומען אַן ענטפער: בלומע שיינט, זי איז אַ פאַרשויק, זי לערנט גוט, עס איז אַ שאָד איבערצורייסן דאָס לערנען, היינט־מאָרגן, איבערמאָרגן און זי וועט קומען, מען וועט זי מיר ברענגען.

בונימל האָט מיר דערצו אָפט געשריבן ליבע און האַרציקע בריוועלעך, און ער האָט תמיד אויסדערציילט אַלע איינצלהייטן וועגן מיין קינדס לעבן, וועגן איר גליק און וועגן דער ליבשאַפט, וואָס אַלע שענקען איר. איך האָב אויך באַקומען אָפטע האַרציקע בריוולעך פון מיין קינד גופא און אויך בילדלעך.

איך בין דאָך אַ מאַמע, האָב איך אַלץ מורא געהאַט צו שטערן איר גליק.

אָבער לעצטנס, שוין נאָענט פאַר אברהמעלעס אוועקגיין פון מיר, זענען די בריוועלעך געוואָרן אַלץ שיטערער און קילער. מיך האָט עס געשראָקן. מיין האַרץ האָט מיר ניט אָנגעזאָגט קיין גוטס. אויף מיין לעצטן בריוו האָב איך אינגאַנצן נישט באַקומען קיין ענטפער. האָב איך געשיקט נאָך איינעם און נאָכדעם אַ טעלעגראַמע און נאָך איינע...

ענדלעך איז מיר אָנגעקומען אַן ענטפער. און אָט דעם ענטפער וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, מאַדאַם!... יעדעס וואָרט האָט זיך אַריינגעברענט אָט־דאָ — האָט זי געוויזן אויף איר האַרץ — דער ענטפער האָט מיך שיער אוניטשטשטאָזשעט!... מיר זאָל זיין פאַר אירע כשרע ביינדעלעך!... שטעלט איך נאָר פאַר, וויפל זי האָט געליטן, און וויפל סם מען האָט אין איר אַריינגעטריפט, כדי אַרויסצורופן פון איר איידל האַרץ אָט אַזאַ מין בריוו:

אָט איז דער נאַקעטער אינהאַלט פון איר לעצטן בריוו צו מיר:

— „מאַמע! איצט ווייס איך שוין אַלץ וועגן דיין לעבן!... איך ווייס וואָס דו האָסט געמאַכט פון מיין אומגליקלעכן טאַטן... איצט, ווען דו ביסט אַלט און מיאוס און קיינער וויל מער נישט קויפן דיין לייב, רופסטו מיך, איך זאָל דיר העלפן. דו ווילסט, מאַמע, מיך פירן אין דיינע וועגן... פאַר־וואָס האָסטו די גאַנצע צייט מיך גענאַרט, צוזאָגנדיק צו קומען און מיך נעמען צו דיר? פאַרוואָס האָסטו מיר קיינמאָל נישט געשריבן, אויף וואָס פאַר אַ גרויזאַמען אופן עס איז געשטאָרבן מיין פאָטער?...

„איך האָב תמיד געצווייפלט אין דער איידלקייט וואָס האָט אַרויסגערעדט פון דיינע בריוו צו מיר. איצט ווייס איך, אַז איך בין געראָטן גאָר

אין מיין טאַטן. ער איז געווען אַן אײדעלער מענטש, אַ גײסטיקער אַריס־טאָקראַט, און דו ביסט געווען — אַ ביליקע קאָקעטקע... און איך שעם מיך צו טראַכטן, אַז דו האָסט מיך געבוירן... איך פאַראַכט דעם טאָג פון מיין קומען אויף דער וועלט... און זאָל דיך גאָט אויסהיטן פון דעם געדאַנק צו וועלן קומען מיך זען. אויב דו וועסט יאָ קומען — וועל איך מיך אַריינ־וואַרפן אין טייך!..."

נו, וואָס איז דאָ פאַראַן צו דערציילן, מאַדאַם? — האָבן רויטע בלוי־בראַנדיקע פלעקן אַרויסגעשלאָגן אויף איר געל פּנימל, און די געשוואָלענע אויגן־דעקלעך האָבן זיך צונויפגעצויגן ווי זי וואָלט געגוססט, און איר שטים איז געוואָרן שוואַכער, הייזעריקער און ווי געליימט.

איך האָב זיך דערשראָקן, מיינענדיק אַז זי שטאַרבט אַוועק. האָב איך אַריינגענומען איר קאָפּ אין מיינע הענט און איר באַדעקט מיט קושן. זי האָט ווידער אויפגעמאַכט די אויגן, פולע מיט בלוט־אָדערלעך און מיט טרויער. זי האָט איינגעשלאָסן מיינע פינגער אין אירע, און האָט שטיל און מאַכטלאָז ווייטער גערעדט:

— ווען דער ערשטער ווייטיק איז געוואָרן טעמפּער, האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז מיין בלומע איז גערעכט. האָט זי דען געקענט פאַרשטיין וואָס אַזוינס איך בין דורכגעגאַנגען? און וואָס פאַר אַ קינד וואָלט דען מוחל געווען אַזאַ מאַמען? אַ?... און צי האָט שוין עמעצער געקענט דערבליקן דעם געבראָכענעמס ווייטיק, אַ?...

אין יוגנט, מאַדאַם, איז דאָך סעריאָזנע, און ווייסט נישט פון קיין קאָמפּראָמיסן. איבערהויפּט נאָך ווען עס האַנדלט זיך אין אַזאַ זאַך!...

מען האָט איר געזאָגט וועגן מיר דאָס וואָס מען האָט אייך געזאָגט... און זי איז דאָך געווען אַ קינד, אַ יתומהלע. נו, איז דען דאָ וואָס פאַריבל צו האָבן?...

***

אָט אויף דעם אופן האָב איך דעמאָלט איבערגעריסן אַלע בענדער צווישן מיר מיט דעם בעסערן נאָראָד. קיין חרטה, מאַדאַם, האָב איך נישט. און וואָס וואָלט דען געווען געהאָלפן מיין שרייבן און מיין אויפקלערן?... כדי איינצושטיל מיין קינדס ווייטיק האָב איך שוין מער נישט געשריבן...

איך האָב געמאַכט אַ גערטנדל אַרום דעם קליינעם קבֿרל, און בין אַהין געגאַנגען דריי מאָל אַ וואָך. איך האָב גערעדט צו אברהמעלען, אים דערציילט וועגן מיין לעבן, וועגן דעם נאַראָד, וואָס לאָזט מיך נישט אַליין.

צום יאָר האָב איך אים געשטעלט אַ מצבה און אָט דאָס איז מיין וועלט; דאָרט ליגט דאָך באַגראָבן מיין היילִיקטום און מיין לעבן... ער האָט דאָס פאַרשטאַנען, געליבט, געאַכט; געהערט עס צו אים...

און אַבראַשענקאָ?!... נו, ער איז דאָך געבליבן אין מיר!... זיין בלוט איז אויך מיינס!... זיין פּלאַץ האָט קיינער נישט געקענט פאַרנעמען, גליבט עס מיר...

***

אפשר מיט אַ צען יאָר נאָך יענעם בריוו האָט זיך פּלוצים אַריינגעשטעלט אין מיין קאָמנאַטקע אַ גאָר געהויבענער מאַנספּאַרשוין. דער אַריינגעקומענער גייט צו צו מיר, נעמט מיך אַרום און זאָגט: — וואָס מאַכסטו, דינעלע?

— אוי, בונים, בונימל! דאָס ביסטו? אוי ,גאָט, ווי שיין און ווי עלעגאַנט דו ביסט! ווען נישט די שטים, אסור, צי איך וואָלט דיך דערקענט... קיין בייז אויג, בונימל, זאָל דיר נישט שאַדן! ווו איז ערגעץ מיין קינד, מיין בלומעלע? וואָס מאַכט זי, ווי גייט עס איר?... מיר פאַר אירע כשרע ביינדעלעך.

ער האָט אַרויסגענומען די שטריקעכץ פון מיינע הענט, און קוקנדיק אויף מיר מיט אַן ענדלאָז מיטגעפיל, האָט ער געשמייכלט דורך טרערן און געזאָגט:

— ציטער נישט אַזוי, דינעלע! באַרויִק דיך. טאַקע אונדזער בלומע האָט דאָך מיך געשיקט נאָך דיר. אינגיכן, דינעלע, וועסטו זיין די באָבע פון אונדזערע דריי קינדערלעך; צוויי זין מיט אַ טעכטערל האָבן מיר. דאָס ערשטליִנג איז געווען אַ צווילינג.

ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ בילד און מיר עס דערלאַנגט. מיר האָט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן פאַר די אויגן, און ווידער די נאַרישע טרערן... און עס איז געווען אַזוי ווייטיקדיק. עס פרייט מיך צו זען דעם צעוואַקסענעם בוים מיט די צווייגעלעך, און עס ווילט זיך זיי אַרומנעמען, אָבער מען מוז זיך אָפּזאָגן פון דעם דאָזיקן גליק, וואָס עס דאָך דיינס, דיין בלוט און פלייש...

— איך, בונימל, האָב תמיד געטראַכט, אַז דו וועסט חתונה האָבן מיט בלומעטשקען —האָב איך אים געזאָגט, נאָכדעם ווי איך האָב זיך גוט אויסגעוויינט— דו ביסט מיר תמיד געווען ליב און טייער. אויך אַבראַשענקאָ און מיין צווייטער מאַן האָבן דיך ליב געהאַט.

— און איך, דינעלע, בין תמיד געווען אויף דיין זייט. אָבער וואָס האָט געקענט אויפטון אַ יונגער שנעק?... דו גלייבסט דאָך מיר?... בלומע איז איצט אַ רייפער מענטש, אַ געלערנטע. מיר האָבן זיך ליב, און קיינער מישט זיך נישט אין אונדזער לעבן. מיין מאַמע, ווי דו ווייסט, איז תמיד געווען אַן איפּערזיכטיקע. איצט איז בלומע איר שנור, אַ פרוי, וואָס האָט צוגענומען די ליבשאַפט פון איר איינציקן געראָטענעם זון. נו, ווייסטו דאָך... די צייט מוז דאָך אַמאָל אויפהערן צו ליגנערן אַזוי פיל... די מאַמע האָט געמוזט ווערן קליגער... אָבער, די ערשטע איז געווען די אַלטע אַלסי־ראַ... זי האָט זיכער נישט געמיינט קיין שלעכטס... ביי איר איז דאָך אַלץ אַזוי פּשוט, אַזוי נאַטירלעך...

— איך ווייס, בונימל, דיין מאַמע האָט געהאָרעוועט שווער און ביטער דיך צו לאָזן לערנען, דיך צו מאַכן פאַר אַן אינזשיניער. דו ביסט תמיד געווען איר קרוין. געדענקסט עס דאָך, בונימל... דו קענסט זיך געוויס אויס אין דיין פּראָפעסיע, אָבער נישט אויף דעם נאַראָד... גלייב עס מיר, בונימל! עס זענען פאַראַן, מיין קינד, געבוירענע מאַגנאַטן און געבוירענע בעטלער... די מענטשן זענען דאָך מער נאַריש ווי פאַרדאָרבן... אָן אַ ביי־סעלע רחמנות וועסטו דאָך פאַר קיינעם גאָרנישט אויפטון!... און דאָס איז דאָך טאַקע דיין מאַמעס טעות אין אירע טענות צו מיר...

— דו, דינעלע, ביסט נאָך אַלץ אַ פילאָזאָפקע, האָסט זיך גאָרנישט געענדערט. ווען בלומע הערט דיך רעדן, וואָלט איר צוגעקומען אַ שטיק געזונט... זי רעדט לעצטנס זייער אַ סך וועגן דיר. איצט ווייסט זי דעם ריינעם אמת, און זי וואַרט דאָרט אומגעדולדיק אויף אונדזער קומען אַהיים. מיר האָבן שוין צוגעגרייט פאַר דיר אַ צימער מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן...

— זאָג עס נישט, בונימל! איך בעט דיך!... —האָב איך כמעט אויס־געשריִען— אייער לעבן און אייער גליק שטייען ביי מיר טויזנט מאָל העכער פון מיינע. טאָר איך דאָך נישט צושטימען מיטצופאָרן מיט דיר! איך טאָר נישט!...

— גיב מיר עפּעס צו טרינקען, דינעלע! נאָכדעם וועלן מיר קומען צו אַ טאָלק. איך וועל דיך אויסהערן. עס איז דאָך פאַראַן אַזוי פיל אויסצו־דערציילן!... בערג מיט איבערלעבונגען!

איך האָב צוגעגרייט אַ שיינעם טיש, אָוועקגעשטעלט ביר, ניס און היימישע קיכעלעך. בונימל האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר, און צווישן איין ביסן און דעם צווייטן האָבן מיר זיך צונויפגערעדט, ווי עס פּאַסט

פאַר אַלטע גוטע פריינד, פאַר מענטשן אָן זייטיקע סטעזשקעלעך... צום סוף האָט ער אַריינגענומען מיינע הענט אין זיינע און האָט געזאָגט:

— ביי מיר, דינעלע, ווערסטו נישט זיין קיין גאַסט... עס איז אַזוי גוט דיך צו זען און דיך צו הערן רעדן. עס זעט מיר אויס, ווי מיר וואָלטן זיך קיינמאָל נישט געשיידט... אונדזערע קינדערלעך קענען דיך ווי איך... זיי רעדן פון דיר, זיי וואַרטן אויף דיר. מיין מאַמע איז אייפערזיכטיק... זי האָט מיר געשטערט חתונה צו האָבן מיט בלומען. זי האָט געוואָלט אַריין אין יחוס... אַ גרויסן נדן!...

— האָסטו טאַקע באַדאַרפט פאָלגן, בונימל!... אַ מאַמע איז אַ גאָט, וואָס האָט דיך באַשאַפן...

ער האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— דער טאַטע האָט מיר תמיד איינגערוימט אַ סוד:

— אוי, בונימטשע, וואָלט איך השק געהאַט צו זען, וואָס דאָרט טוט זיך!... מען האָט נישט באַדאַרפט איבעררייסן דאָס שרייבעכץ... עס איז אַ זינד, בונימל, און דער אייבערשטער וועט נישט פאַרגעבן. מען מוז זען גאַנץ צו מאַכן, מע מוז!... מיין שוועסטערל האָט אָפּגעלאָזט איין שידוך נאָך דעם אַנדערן... עס האָט זיך עפּעס נישט געמאַכט קיין לייטישס. קוים מיט צרות איר געגעבן אַ מאַן אַ שניידער, אים אַריינגענומען אין אַ גוטס, אַ רייכקייט. איצט האָט ער מיטן פּאַפּאַ גרויסע קלייטן פון קאָנפעקציע. די מאַמע איז געוואָרן אַ דאַמע, וואָלסט זי נישט דערקענט!... די מאַמע איז אויך נישט אין גאַנצן שולדיק... זי האָט געוואָלט אַרויסקריכן פון דלות... פאַרגעסן, ווער מען איז געווען. אָבער דו, דינעשי, ביסט דאָך קלוג ווי דער טאָג, ווייסטו דאָך אויף וואָס געוויסע פאַרשווינען זענען פעיק, און דאָס שלעכטס איז אָנשטעקנדיק, עס איז ווי סם... און קינדער פון שולע און די אַלטע אַלסיראַ האָבן צוגעהאָלפן...

— צי איך ווייס?! —האָב איך געקושט זיינע שיינע הענט— מיר זאָל זיין, בונימל, פאַר דיין האַרץ!... ביסט דאָך געראָטן ווי די וועלט, איך ווייס גאָרנישט אין וועמען דו האָסט זיך איינגעגעבן!... ביי מיר, בונימל, זענען די ערלעכסטע מענטשן אָט יענע מיידלעך... דו ווייסט דאָך, וועמען איך מיין!... זיי וואָלטן מיר יאָ פאַרגונען דאָס ענדלאָזע גליק צו זיין מיט אייך, אָבער דער בעסערער נאַראַד וועט עס נישט וועלן ליידן!... און מיין קינד וועט עס גיך דערפילן!... זי וועט מורא האָבן מיך פאַרצושטעלן פאַר אירע פריינט. איר וועט האָבן רחמנות אויף מיר, און דאָך מורא האָבן צו נעמען מיך צווישן מענטשן, ווייל עמיצער קאָן דאָך וויסן, ווער איך בין און עס

צעפּויקן אויף אַלע מיסטן... איז דאָך שוין בעסער, עס זאָל בלייבן ווי ביז איצט!... נישט אַזוי בונימל, טאַטע מײַנער?!... און איך בין דאָ נישט אַליין, זאָג עס דאָרט מיין טעכטערל, מיין בלומעטשקען... — שמייכל נישט, בונימל! איך האָב פּיינט כיטראַסט... און דו מיט בלו־מען טאָרן ניט וועלן צעברעכן מיינע לעצטע יאָרן!... איך ווייס, טייע־רער, אַז ביי דיר מיט בלומעטשקען איז עס אַן אויסדרוק פון דעם אומרויקן געוויסן. און איך בין שטאָלץ אויף דעם!... און ווי דען אַנדערש האָט עס געקענט זיין?!... עס טוט מיר אויך הנאה, וואָס דיין מאַמע האָט חרטה גע־האַט אויף איר באַנעמונג צו מיר. איך האָב תמיד געוווּסט, אַז עס וועט אַזוי געשען, און ווי תמיד נאָך דער געהעריקער צייט... אַ נמאוסער צו־להכעיסניק דער גורל... זיי נישט אַזוי סמוטנע מיין קינד, די טוסט מיר לייד... — און איך זאָג דיר — האָב איך ווייטער גערעדט — אַז איך בין איר געווען אַ פּריינט! דאָס וואָלט געווען צביעות פון מיין זייט!... אָבער די צייט האָט אַלץ אויסגעגלייכט, האָט אָפּגעצאָלט לויט איר שכל און איינזען!...

— אָבער אָט־די בידנע מיידלעך און אָט־דאָס קליינוואַרג, זיי האָבן נישט מיט מיר קיין חשבונות. איך בין זיי אַ סך שולדיק... נישט דערפאַר וואָס זיי האָבן מיך געראַטעוועט פון אומקום! — האָט זי מיך אָפּגעגאָסן מיט אַ מידן בליק, — נאָר ווייל זיי האָבן אַריינגעקוקט אין מיין נשמה, און איך האָב דאָן אויפגעהערט צו זיין איינזאַם... — אַ שאָד, בונימל, — האָב איך אים דאַן איידל געזאָגט — אַ גרויסער שאָד, וואָס די וועלט האָט אַרויפגעלייגט אַ חרם אויף דעם דאָזיקן נאַראָד!... וועמען טוען זיי דען שלעכטס, אויב נישט זיך אַליין?... קוק נישט אויף מיר ווי אויף אַן אַלטער עובר־בטלניצע!... אָט זעסטו, ווי מיר הערן זיך אויף צו פאַרשטיין?... איך בין אָבער פעסט אין מיין קוק אויף דער וועלט. איך לייען אַמאָל אַ גאַזעט, ווערט מיר נישט גוט... וויפל שקר און וויפל גאזלע־וואַיסטווע עס טוט זיך אָפּ צווישן די גרויסע לייט!... עס פּילט זיך אויף צען מייל די ווייט!...

— איך מיין, אַז די פירער פון דער וועלט ליידן אויף מאַגן־געשווירן, זענען זיי דעריבער שלעכט געשטימט... און אפשר זענען זיי גאָר באַהערשט פון שגעון? ווער קען וויסן, די מאַניאַקעס!... עס דאַרפן אפשר קומען נייע נביאים, אפשר וואָלטן זיי געקענט אויסגלייכן דעם איינגעפאַלענעם געוויסן פון דער וועלט און אַרויספירן עס אויף אַ גלייכן וועג!... מיין געוויסן אָבער וועל איך בשום אופן נישט פאַרקריפּלען! ווען מיין אברהמעלע איז פון מיר אַוועקגעריסן געוואָרן, בין איך געבליבן ווי אַ צעבראָכענער שאַרבן.

האָט מיך דער דאָזיקער נאַראַד אַרומגערינגלט מיט ענדלאָזער טרייהייט, מיר צוריקגעגעבן דעם גלויבן אינעם מענטשן און אויך דעם גלויבן אין זיך. ביי זיי האָב איך נישט באַדאַרפט אויסבעטלען אָדער אויסוויינען אַ ביסל מיטגעפיל, אַ ביסל פאַרשטענדעניש, ווי איך האָב עס געבעטלט ביי דיין מאַמען, זייענדיק פאַרוואָגלט צווישן דעם נאַראַד פון יענעם הינטער־הויף... דו מוזט עס אוודאי געדענקען, בונימל!... דאָ אָבער האָב איך נישט געדאַרפט קיין גובערנאַטאָרסקי פּאַס, וואָס זאָל באַשטעטיקן מיין פיינקייט... קיינער האָט מיך נישט געפרעגט ווער איך בין און פון וואַנען איך קום. קיינער האָט מיך נישט געצוווּנגען צו זאָגן ליגן כדי צו געפעלן. זיי האָבן מיך בריטהאַרציק באַלוינט פאַר יעדן טראָפּעלע טרייהייט, וואָס איך האָב זיי געשענקט. האָב איך צוריקגעקראָגן ימים מיט ליבשאַפט. און ווייל איך קען פון דעם בידנעם נאַראַד נישט פאַרלאַנגען עפּעס אַזעלכעס, וואָס איך האָב אַמאָל געזוכט צווישן די „בעסערע מענטשן" איז דאָך מיר אוודאי גוט ווי די וועלט... צווישן זיי בין איך דאָך ווי אַ געבוי־רענער מאַגנאַט... דאָ איז מיין רייכקייט געוואַקסן און געשטיגן, און נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב געהאַט וועמען זיך אָוועקצושענקען און דערביי גאָרנישט פאַרלאַנגען פאַר זיך... זיי האָבן מיך געמאַכט פאַר אַ ברונעם מיט אייביקע קוואַלן, און איך געהער צו זיי...

— ביי אייך וועל איך ווערן אַ ווינקל־מענטש, אָן אַ דעה און אָן אַ מאה... קינדער, בונימל, קענען נישט מוחל זיין!... און ווי און ווינד איז צו טאַטע־מאַמע, וועלכע ווערן אויסגעשטעלט צו קינדערס געגנאַד... יאָ, יאָ! שמייכל נישט, בונימל, ווייל אַלט בין איך און דערפאַרן!...

אַזוי, מאַדאַם, האָבן זיך אונדזערע געשפּרעכן איבערגעחזרט אַ סך מאָל. בינימל איז אַלע טאָג געקומען צו מיר און האָט מיר ליכטיק געמאַכט מיין האַרץ און דאָס דאָזיקע בידנע שטיבל. ער האָט מיר געבראַכט מתנות, און וואָס ליבנסווירדיקער ער איז געווען צו מיר — אַלץ אָרעמער און נישטיקער בין איך געוואָרן... ער האָט עס צום סוף פאַרשטאַנען, און איך בין אים געווען דאַנקבאַר. קיין חרטה אויף מיין נישט נאָכגיביקייט האָב איך נישט ביזן היינטיקן טאָג...

***

— צי האָב איך דען, מאַדאַם, געקענט איבערלאָזן דאָס ווייסינקע איינזאַמע מצבהלע? —האָט זי אַנגעשטעלט אויף מיר אַ פרעגנדיקן בליק, ווי זי וואָלט געצווייפלט אין אירע האַנדלונגען— צי איז דען פאַראַן ערגעץ

נאָך איין מענטשן־קינד ווי ער איז געווען?... מיך ווונדערט אייער פראַגע וועגן מיין בלייבן אַליין!... אוודאי זענען געווען בעלנים, אָבער קיין איינער פון זיי האָט מיך נישט דערזען... פּראָסטאַקעס — נישט מער! איך ווייס אַליין נישט וואָס אַזוינס עס האָט זיי געבראַכט צו מיר... נו, איר ווייסט דאָך, מאַדאַם! אַ פרוי וועלכע איז נישט מיאוס און איז אַליין, האַלט זיך ווי אַ מענטש און איז נישט קיין מומיע, אַזאַ פרוי איז אַן אייביקער קרבן... זי ווערט פאַרשוועכט און דערנידעריקט... און ווייל קיינער קען ביי איר גאָרנישט פועלן, שאַפט זיך אַרום איר אַ מיאוסער ריח... טפו זאָלן זיי ווערן, די ליידאַקעס, מערזאַווצעס!... אָבער וואָס, מיין ליב קינד, איז עס מיך אָנגעגאַנגען, אַ?... מיין האַרץ איז דאָך געווען אַזוי ריין, ריין און אויסגעברענט, אָט ווי אַ גוט אויסגעאַרבעט שטיק גאָלד, אָדער אַן איידעלער דימענט, אַ געשליפענער און אַ גערייניקטער. שפּעטער, ווען איך בין געבליבן אַליין, האָב איך פאַרשטאַנען אַז די צוויי אייגנאַרטיקע איידעלע מענער — האָבן מיך באַקרוינט מיט דעם גרעסטן געשאַנק: שטיקער פון זייערע הערצער זענען ביז צום היינטיקן טאָג פאַרבליבן אין מיר. און איך בין עס די, וועלכע האָב זוכה געווען איבערצולעבן יענע געפאַלענע דינעלע...

אין מיר איז מער נישט. געבליבן קיין שום ברעקעלע געפיל פאַר קיין אַנדערן מוזשטשין, אַפילו נישט פאַר דעם בעסטן, דעם טרייסטן. נאָר אַן ענדלאָזע בענקשאַפט איז געבליבן שטעקן אין דעם איבערגעשרפטן האַרצן און פון צייט צו צייט נאָגט עס און טרייבט אין דער וועלט אַריין. אָבער איך וועל נישט נאָכגעבן, ניין, ניין, דאָ איז מיין היים, דאָ איז מיין פּלאַץ.

אָ, איר חידושט זיך אויף מיין עקשנות, מאַדאַם, אָדער איר צווייפלט אין עפּעס, אַ?... — האָט אַ מילדער באַנגיקער שמייכל אויפגעציטערט אַרום איר מיילעכל. און נאָך אַ ווײַלע טראַכטן און אַראָפּזינקען אין זיך, איז די מילדקייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרימאַסע פון שרעק. זי האָט זיך אָבלדיק צעהוידעט אַהין און צוריק און פאַרטיפט געפירט מיטן פינגער אַרום דעם שוואַרצן פלעק. עס האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיך געפּלאָנטערט צווישן אירע צעשפּליטערטע געפילן און וואָלט זיך דערמאָנט אָן עפּעס. אַ האַרצברעכערישער וויטיק האָט זיך געשניטן צווישן די פּעלבלעך אַרום די האַלב־געשלאָסענע אויגן. זי האָט זיך אָנגערופן:

— און עס לאָזט מיך קיין מאָל נישט צורו... אָט זע איך ווידער דאָס טיפע ווינקל אין טונקעלן זאַל פון יענעם הינטערהויף... די תליה הוידעט זיך הין און צוריק... דער פּחד און די מידקייט רייסן

זיך פון זיינע אַרויסגעזעצטע אויגן און דער ענדלאָזער עלנט שרייט פון זיי אַרויס און ער דרינגט אַריין אין מיין נשמה, אין מיין האַרצן. דער עלנט באַזעצט זיך דאָרט, ווערט אַ שטיק פון מיר... און ער פאַרברענט, ער אוניטשטשאָזשעט סיי די פרייד, סיי יעדן טראָפּנדל פון אומריינקייט...

נו, עס איז גוט צו פילן, דו האָסט זיך ענדלעך צונויפגעגאָסן מיט דער לויטערקייט, אַז דו ביסט אַזוי אַנדערש פון דעם פּראָסטאַקישן נאַראָד, פון זיין גייציקייט נאָך פאַרמעגנס, נאָך כבוד און נאָך באַרימטקייט. און איך, מאַדאַם, וואָלט מיך איצט נישט געביטן מיט קיינעם פון יענע גליק־לעכע און צופרידענע מענטשן; ניין, גלייבט עס מיר!...

נאָר ווען איך דערזע די תּליה אין יענעם ווינקל און איך הער דאָס כאָרטשען פון וואַסער אין טשייניק, דאַן וויל איך מיך באַהאַלטן אין אברהמעלעס אָרעמס. נעם איך זיין בילד און איך קוק און איך קוק, אָט ווי ער וואָלט געווען לעבעדיק און איך וואָלט אויף מיין שווייגנדיקן שטיי־גער געבעטן ער זאָל מיך ראַטעווען... אָבער תּמיד, דאַכט זיך מיר אַז פון ביידע געשטאַלטן ווערט — איינס; ביידע זענען אַזוי נאָענט צו מיר, אַזוי היימיש, ממש נישט צום באַנעמען. און איך באַהאַלט מיך צווישן זייביידן, קלאַמער מיך איין ווי אין אַ גאָלדענער ראָם און זיי טראָגן מיך אַוועק פון דאַנען, טראָגן מיר ערגעץ ווייט, ווייט... איך ווער דאַן לייכט ווי אַ וואָלקנדל און די שרעק ווערט פאַרשווונדן... און אַרום אונדז איז אַלץ אַזוי פריי און לופטיק ווי אין אַ צעבליטן צוויט־גאָרטן. די זון שיינט און דער הימל איז ענדלאָז טיף און בלוי ווי טייערער זייד.

מיר דאַכט זיך דאַן, אַז עס איז אַ ווונדערלעכער חלום, אַז איך האָב גאָר קיין מאָל נישט באַטראָטן די ערד, האָב קיינמאָל נישט געוווּסט פון יענעם מין... און קיינער האָט מיך נישט פאַרשוועכט. אָבער אין יענע מינוטן פון פאַרגעסונג, פון לייטערונג, — הייבט זיך פּלוצים אויף איבער אונדז — דער יונג... און ער טאַנצט און ער לאַכט, זיינע פרעכע אויגן ברענען מיך דורך און דורך: — דינאַ, דיניטאַ! פון מיר וועסטו דיך קיינמאָל נישט אויסדרייען! דו ווייסט עס גוט! איך בין נישט דיין טאַמעוואַטער מאַן... טיסעראָ איז אַ...

און ער בייסט זיך איין אין מיין נאַקן, שלעפּט מיך אויף אַראָפּ, אַראָפּ... עס וואָלט געווען ווונדערלעך, ווען דעם יונגס גערעכעניש זאָל מיך מער נישט דערמאָנען אין קיין זאַך... קיין זאַך...

— איר שרעקט זיך פאַר מיר, מאַדאַם? —האָט זי מיך אָנגעקוקט צעשטרייט— טוט עס נישט, ביי מיר איז דאָך אַזוי פּשוט און איינפאַך דאָס

אַראָפּנידערן צוריק אַהין... איבערהויפּט איצט, אין מינוטן פון מיין ערשטער גרינטלעכער ווידוי...

זי האָט אַריינגענומען מיינע הענט אין אירע, זיי צוגעדריקט צו איר ברוסט און נאָך אַ ווײַלע טראַכטן, האָט זי אויסגערופן פאַרשעמט און אומגערן:

— איך האָב ליב דאָס לעבן! יאָ, יאָ, חידושט אייך נישט. אין די פרימאָרגנס שיינט אַריין די זון; מיין צימערל זעט דאַן אויס ווי אַ נעסט וווּ די געמיטלעכקייט האָט זיך באַזעצט. ביינאַכט פאַרהענג איך גוט דאָס פענצטערל, אַזוי, אַז קיין טראָפּעלע שיין זאָל נישט אַריינקומען אַהער. איך האָב פיינט די מיטלמעסיקייט... איר ווילט דורכויס וויסן צי איך ליב דעם נאַראָד? נו, ווי דען אַנדערש קען עס זיין, מאַדאַם? אָן אַ קאָפּעטשקע רחמנות, אָן געוויסן, אָן מיטגעפיל קען מען דאָך אין ערגעץ נישט אָנקומען, נישט אַזוי?...

און אפשר איז עס נישט אַזוי ווי איך דענק; ווער ווייסט?... אָ, עס פאַרדריסט מיך וואָס איר זענט אַזוי סמוטנע; אפשר טאַקע נישט באַדאַרפט אויפמאַכן זיך, מיך באַווייזן העט ביז צום סאַמע גרונט פון מיין נשמה, — אפשר?...

גיט איבער אַ גרוס צו מיינע קינדער, זאָגט זיי, מיין טייערע, אַז איך אַרבעט, איך פאַריכט, וואַש און פּרעס זיידענע וועש פון יענע מיידלעך. איר אַליין האָט עס דאָך איצט געזען, נישט אַזוי מאַדאַם? און פּוצן זייערע נעגל בין איך שוין נישט פעיִק, מיינע אויגן דינען שוין נישט ווי געהעריק.

נו, און עס בלייבט נאָך איבער אַ פּאָר קרוזעראָס פאַר דעם קליינ־וואַרגס וועגן, זיי האָבן דאָך מיך געראַטעוועט פון ענדלאָזן עלנט...

אָט יענע אָפּגעריסענע באַשעפּענישן צינדן נאָך אָן אין מיר דעם גלויבן אין מענטש, און די האָפענונג, אַז דאָס ליכט וועט דאָך ווי עס איז בייקומען די שוואַרצקייט און דער מענטש וועט האַנדלען לויט זיין אויפגעוועקטן געוויסן. האַ, נישט אַזוי, מאַדאַם?...

(סוף)

## פון דער זעלבער מחברן:

צווישן קראַנקע (שפּיטאָל־רעפּאָרטאַזשן)

וואָס מיין פריינט האָט דערציילט (דערציילונגען)

בעסאַראַביע 1918 (ראָמאַן)

מיין שטעטל יעדינעץ (ראָמאַן אין צוויי בענד)

צווישן בערג (דערציילונגען)

מלחמה־יאָרן 1914־1918 (ראָמאַן)

די מוטער רחל (ראָמאַן אין צוויי בענד)

אונטער די בלויע אַרגענטינער הימלען (ראָמאַן אין צוויי בענד)
PASCUA SANGRIENTA

## אין צוגרייטונג:

אויפן שיידוועג (ראָמאַן)

איך דריק אויס אַ האַרציקן דאַנק
אַ גרופּע לאַנדסלייט פון ריאָ דע
זשאַנעיראָ און ניטערוי (בראַזיל),
וועלכע האָבן מיטגעשטייערט צום
אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

GOLDE GUTMAN (KRIMER)



# LA VIDA DE UNA MUJER

NOVELA



BUENOS AIRES
1 9 5 8